# אַ פערטליאָרהונדערט

עסיי וועגן דער יידישער ליטעראַטור
אין אַמעריקע

פון

ב. גראָבאַרד



ניו־יאָרק, 1935

# אַרײַנפֿיר

מײַן אַרבעט האָט, לכתחילה, געדאַרפֿט זײַן אַן עסיי װעגן צװײ שרײַבער — י. אָפּאַטאָשו, און ה. לײװיק — די צװײ בערג שפּיצן אין אונזער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. זײ שטייען אָבער נישט אַליין אין דער סאָציאַלער סביבה, וואו זײ זענען געוואַקסן און רייף געוואָרן. האָב איך שוין געמוזט אַרײַננעמען אויך אַנדערע שרײַבער. דורך די אַנדערע וועט מען בעסער זען און באַגרײַפֿן דעם וואוקס, די שוועריקייטן און די דערגרײַכונגען פֿון י. אָפּאַטאָשו און ה. לײװיק. די אַנדערע שרײַבער מאַכן קלאָרער און גאַנצער דאָס בילד.

טייל שרײַבער, וואָס איך גיי בלויז פאַרביי, און ריר זיי קוים אָן, וואָלט מען געקאָנט ברייטער און אויספירלעכער באַהאַנדלען. זיי גייען אָבער נישט אַריין אין מײַן הויפּט אַרבעט. זיי דינען מיר בלויז ווי אַ רישטאַוואַניע ביי אַ געביידע.

אַנדערע שרײַבער, כאָטש זיי פאַרנעמען אַן אָנגעזען אָרט אין אונזער ליטעראַטור, לאָז איך אינגאַנצן אַרויס. איך לאָז זיי דורך, ווייל אין דער ספּעציעלער אַרבעט פֿון צעאַקערן און פּרוכטיק מאַכן אונזער אַמעריקאַנער לעבן האָבן זיי זיך נישט באַטייליקט. זיי האָבן זיך בלויז דורכגעפלאַטערט און איבערגעלאָזט נאָך זיך דעם שאָטן פֿון פייגל, וואָס טראָגן זיך איבער אַ וואַסער.

אַזאַ גרויסן דיכטער ווי אַ. רייזען האָב איך דורכגעלאָזט. ער וואוינט צווישן אונז אַ פערטל יאָר הונדערט, און לעבט ער נאָך אַלץ מיט דער „אַלטער היים״.

דער נאָמען „א פערטל יאָרהונדערט” מעג קלינגען אביסל פּרעטענציעז. איך האַלט אָבער, אז דער נאָמען איז גיכער אַן עסייאישער ווי א היסטאָרישער.

דאָס בוך איז פאַר מיר א מין תּפילה און א חרטה. איך האָב אַמאָל אין א ריי אַרטיקלען אויסגעדריקט אַנדערע מיינונגען, סיי וועגן י. אָפּאַטאָשו, סיי וועגן לייוויקן, וועגן לעיעלעסן און וועגן מ. ל. האַלפּערן. דאָס זענען געווען אין די יאָרן פון שיין־שרייבעריי און עסטעטיק. איך זע היינט אַנדערש, און דאָס פאַרצייכן איך.

מיך פאַרדריסט, וואָס איך האָב נישט אַריינגענומען די קריטיק. איך טו עס אין מיין אַרבעט „אידייען אין דער יידישער ליטעראַטור.”

ב. ג.

# 1

דער ערשטער דור יידישע שרייבער אין אַמעריקע האָט קיין לי־טעראַטור נישט געשאַפן. ליטעראַטור, וואָס זאָל געבן דעם איצט, דעם יידיש אַמעריקאַנישן ישוב, און וואָס זאָל גלייכצייטיק זיין פאַר־בונדן מיטן עבר. דער ערשטער דור איז נישט געווען צונויפגעוואַקסן מיטן אַרומיקן לעבן. ער האָט דערפאַר בלויז מיט ווילן געאַרבעט, מיט אינטואיציע געמייסטערט. ער האָט דערפאַר בלויז ביכער גע־שריבן, לידער אַרויסגעריסן פון זיך, דערציילונגען אויסגעהאַקט. אַלע שאַפונגען פון דעם דור זענען אָבער געווען צופעליקע. גוטע און שלעכטע. ווי צופעליק ס׳זענען געווען די אינצידענטן און פאַסירונגען אין זייער אייגן לעבן. די ווערק פון דעם דור שרייבער זענען נישט געפלאָסן אין איין שטראָם אריין, וואָס מיר רופן די ליטעראַטור פון אַ פאָלק. זייערע אַרבעטן זענען געווען שטיקער פון זיך, פון דעם אייגענעם, נישט איינגעגעבענעם לעבן. דער ערשטער דור יידישע שרייבער האָט קיין געשטאַלטן נישט געפורעמט, קיין קינסטלערישע ווערטן נישט געשאַפן. זייערע ווערק האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם אימיג־ראַנטן־דור פון זייער צייט, וואָס האָט בלויז קיין אַמעריקע דעם גוף געבראַכט. בלויז די גופים האָבן די אימיגראַנטן געהאָדעוועט און אָפּגעהיט. די נשמות אָבער האָבן זיי איבערגעלאָזט אינדערהיים, אויף יענער זייט ים. מען האָט געלעבט מיטן חלום פון דער אַלטער היים. מען האָט זיך באַשיצט קעגן דעם אַרומיקן לעבן מיט אַ מאַנטל פון בענקשאַפט און מיט זכרונות. מען האָט זיך דאָ נישט איינגע־בירגערט. אַמעריקע איז געווען אַ גליקלעכער צופאַל אין זייער לעבן. מען האָט פונקט אַזוי גוט געקאָנט פאַרוואַגלט ווערן אין אַן אַנדערער מדינה. ווי די אימיגראַנטן, אַזוי האָבן די שרייבער באַטראַכט אַמע־ריקע, ווי אַ צייטווייליקע פאַסירונג. דערפאַר זייער אויסגעוואָרצלט־קייט. בערג־שפּיצן שוועבן נישט אין דער לופט אָן אַן אָנלען. זיי רוען אַפילו נישט אויף דער ערד. זיי זענען די ערד אין איינע פון אירע צאָלרייכע מאַניפעסטאַציעס. אַזוי מוזן שרייבער זיין פאַרבונדן

און איינגעוואָרצלט אין דער ערד און אין דעם לעבן, וואָס זיי דאַרפן איבערשאַפן. אונדזערע שרייבער פון יענעם דור זענען געווען אָן אַן ערד. זיי האָבן בלויז אַ זכרון פון ערד געהאַט. עדלשטאַט, באָוושאָ־ ווער אָדער ראָזנפעלד זענען געווען שרייבער פון ביכער. פונקט ווי עדגאַר עלען פּאָו, וויטיער אָדער לאָנגפעלאָו זענען געווען לידער־שרייבער. וואונדער־קינדער פאַר איירָאָפּע. איינפלוסן און געשעענישן גיכער פאַר איירָאָפּע ווי פאַר אַמעריקע. באָוושאָווער און ראָזנפעלד זענען געווען טאַלאַנטפולע דיכטער, אָבער נישט קיין ליטעראַטור שאַפער. זיי האָבן קיין ליטעראַטור נישט אויפגעבויט. נישט פאַראַנקערט קיין עפּאָכע. דער צווייטער דור, וואָס האָט איינגעוואַנדערט נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, איז געקומען בלייבן. איז געקומען זיך איינגראָבן אין דער ערד, זיך איינבירגערן אין שאַפ, זיך היימיש מאַכן אויף דער פּריירי. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער היימישער ערד. איירָאָפּע האָט אויפגעהערט זיין די היים. דער צווייטער דור יידישע שרייבער האָט אָנגעהויבן שאַפן אַ ליטעראַטור. דער דור שרייבער האָט אָנגעהויבן קוקן אויף אַמעריקע ווי אויף אַ נייער היים. זיי האָבן געמוזט זיך אָפּזאָגן פון דעם פריערדיקן. זיי האָבן געמוזט אָפּלייקענען די צופעליק געשאַפענע ביכער כדי אַ נייע און פרישע ליטעראַטור צו בויען. פונקט ווי בייראָן אין זיין צייט האָט געמוזט אָפּלייקענען די מילטאָנס כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר זיין אָנקו־ מען. ער האָט געמוזט אָפּלייקענען די מעטאָדע און פילאָזאָפיע פון די מילטאָנס, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם נייעם וואָס ער האָט גע־ בראַכט, אַזוי האָבן אונדזערע „יונגע" געמוזט אָפּלייקענען ראָזנ־ פעלדן און באָוושאָווערן און דעם זשאַנער לידער, וואָס זיי האָבן גע־ שריבן, כדי צו שאַפן אַ ליטעראַטור. זיי האָבן לכתחילה זיך אויך געמוזט באַפרייען פון דער איירָאָפּייאישער טראַדיציע, כדי צו קאָנען פריי שאַפן. אמת, שפּעטער האָט די טראַדיציע זיי גובר געווען. אָבער די באַפרייאונג איז נויטיק געווען, כאָטש ס'איז בלויז אַן אילוזיע געווען. זיי האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן און זיך באַפרייען פון דער יידיש אַמעריקאַנער טראַדיציע פון צעשפּאָלטנקייט. גוף אין אַמעריקע, נשמה אין איירָאָפּע כדי צו שאַפן אַ ליטעראַטור אַ גאַנצע. דאָס וואָס ניגער זאָגט וועגן אונדזער קריטיק איז אויך צוגעפּאַסט

צו אונדזער בעלעטריסטישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. רעדענדיק וועגן בעל מחשבות'ן, זאָגט ניגער: „פאַר אים זענען אויך געווען, וואָס האָבן געשריבן קריטיק (ס'זענען געווען דאָס רוב בעלעטריסטן אַליין; פּרץ, דינעזאָן, שלום עליכם, א חוץ ראַבניצקין און אַנדערע). ס'זענען געווען ליטעראַטן וואָס האָבן געשריבן קריטיק אָבער עס איז ניט געווען קיין קריטיקער. דער קריטיקער איז געקומען ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער איבערגאַנג פון ליטעראַטן צו ליטעראַטור". דאָס אייגענע איז אמת וועגן אונדזער צווייטן דור שרייבער אין אַמעריקע. זיי האָבן אויפגעהערט שרייבן גלאַט ביכער און אָנגעהויבן שאַפן א יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, א ליטעראַטור מיט וואָרצלען און מיט א פּעריפעריע.

זיי האָבן געמוזט אָנהויבן פון בראשית. עס איז נישט געווען קיין גייסטיקע אָדער קינסטלערישע סביבה פונוואַנען זיי זאָלן ציען יניקה. עס זענען נישט געווען קיין קולטור־אידייען אָדער קינסטלע־ריש עטאַבלירטע ווערטן, וואָס זאָלן משפּיע זיין. אידייען און ווערטן וואָס זאָלן אָנווייזן וועגן און ליניעס, וואָס מ'זאָל נאָכפאָלגן אָדער ברעכן. מען האָט בלויז געקאָנט אָפּלייקענען אָבער נישט ברעכן. עס איז נישט געווען וואָס צו ברעכן. די גאַנצע יידישע אידעאָלאָגיע, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פון יענער זייט ים, איז אין עצם געווען א דידאַקטישע. זי איז געווען א רעאַקציע קעגן אוממיטלבאַרער דער־פאַרונג, א רעאַקציע קעגן דער געשטאַלטונג פונם אַרומיקן לעבן, א רעאַקציע קעגן דינאַמישן איבערבוי פון דעם לעבן. די יידישע אידע־אָלאָגיע איז געווען אָדער א רעליגיעזע מיט א פאַרלאַנג פאַר מיסטי־שער אבנעגאַציע פון דעם אַרומיקן לעבן אָדער א משכיל'ישע מיט א צופעליקער פּראָגראַם פון אַריינכאַפּן זיך אין פרעמדע גערטנער, זיך גוט אַרומקוקן און שפּעטער נאָכמאַכן די פרעמדע מעטאָדן פון אַקערן, זייען און יעטן. מיר האָבן זיך אין דער פרעמד אויסגעלערנט מאַכן אַראַנ־זשערייען. די ביידע אידעאָלאָגיעס זענען נישט געווען קיין קאָנ־קרעטע און באַוואוסטזיניקע. זיי זענען געלעגן ערגעץ וואו אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין פון די אינטעליגענטערע אימיגראַנטן. קיין פאָרמע אָדער קאָליר האָבן זיי דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן ניט געגעבן. עס איז בכלל אַזאַ לעבן נישט געווען. עס זענען געווען

לאַנדסמאַנשאַפטן, וואו מען איז זיך צוזאַמענגעקומען באַקלאָגן די אייגענע אויסגעוואָרצלטקייט, און זיך דערמאָנען אין די אַלטע גוטע צייטן ווען מען האָט געוואוסט, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. קיין קולטור אַטמאָספערע ווערט אַזויערנאָך נישט געשאַפן. קיין קינסטלערישע אַטמאָספערע אודאי נישט.

די יידישע שרייבער האָבן געמוזט פון זיך אַליין ציען דעם כוח און ווילן צו באַשרייבן דאָס לעבן אַרום זיך. אָדער מיט מער כוח און פאַנטאַזיע איבערשאַפן און באַשאַפן אַ ניי לעבן פון דער ווירקלעכקייט אַרום זיך, אָדער פון אַ פאַרגאַנגן לעבן. זיי האָבן געדאַרפט זוכן אַ המשך און געבן אַ תוך דעם אָפּגעריסענעם יידישן אימיגראַנטס לעבן. זיי האָבן אָפטמאָל געמוזט ראַציאָנאַליזירן אַ פילאָזאָפיע פון יידישער אַנדערשקייט צו האָבן אַ קינסטלערישן ליטער, כדי צו קענען קלערן צו קינסטלערישע הייכן. זיי האָבן געמוזט אידעאַליזירן אַ צופאַל אָדער אַ היסטאָרישן אימפּעראַטיוו, כדי צו האָבן אַ גייסטיקע סביבה, צו קענען אַרבעטן אָן דערפאַרונג. אָן דערפאַרונג פון פריערדיקע דורות, דורות פון קינסטלער און קולטור שאַפער. און געוואָלט האָבן זיי געבן מער ווי עס גיבן נישט־יידישע שרייבער, וואָס האָבן טראַדיציע און שפּראַך־ירושה. פאַר דעם ניט יידישן שרייבער איז געגנוג אַביסל לאָקאַלער קאָלאָריט, מיליע פאַרפּוצט מיט אַ פּאָר עפּיזאָדן און געוויינלעכע העלדן, ווייל וואָרצלען מיט ערד האָבן זיי. אַ נייע ערד האָט מען געוואָלט געבן דער יידישער וועלט מיט נייע מענטשן. אַ שווערע, אַ ריזיקע, אַ כמעט אוממעגלעכע אויפגאַבע, ספּעציעל אין אַמעריקע, וואו אַלץ איז געווען כאַאָטיש, מעשה בראשית'דיק.

מיט אונדזער גאַנצער רייכער געשיכטע, מיט אונדזערע פאַרשידנאַרטיקע, אָפטמאָל עפּיזאָדישע, אָבער דאָך טיפע און דויערנדיקע איינפלוסן האָבן אונדזערע יונגע שרייבער אין אַמעריקע געדאַרפט שאַפן זייער אייגענעם קינסטלערישן אידיאָם, זייער אייגענעם אינסטרומענט. זיי האָבן פאַרשווענדט קינסטלערישע ענערגיע צו באַשאַפן די שפּראַך. עפּעס וואָס אַנדערע שרייבער אין אַנדערע ליטעראַטורן קאָנען שעפּן פון דער לופט עמערוויז. אונדזערע שרייבער האָבן כוחות פאַרשווענדט, אויסגעלערנט זייערע העלדן רעדן. אָפּט־

מאָל האָבן זיי אַליין געמוזט פאַר זייערע העלדן רעדן, ווייל זייערע העלדן האָבן קיין יידישן צונג, קיין יידישן צונג ניט געהאַט. דאָס איז אפשר די סיבה פאַרוואָס די ליריק האָט זיך ביי אונדז אַזוי פאַנאַנדערגעבליט. מען האָט נישט געדאַרפט רעדן. מען האָט געקאָנט קרעכצן. דאָס איז אפשר אויך די סיבה פאַרוואָס דוד פּינסקי, וואָס איז געווען איינער פון די ערשטע סאָציאַלע שרייבער אויף יענער זייט ים, האָט דאָ אין ניו־יאָרק, דאָס לשון פאַרלוירן. ער האָט פאַרשטאַנען און גערעדט די שפּראַך פון פּועלים, עס איז גיכער געווען שטומער, הילפלאָזער פּראָטעסט פון פּועלים, וואָס האָבן אַ געשריי געטאָן. אָבער קיין שפּראַך פאַר אַרבעטער, וואָס ווילן, ווי יענער איד ביי שלום עליכמ׳ען, אַז דער דאָקטאָר זאָל אויסהערן אים אַליין, — שאַפן אַ שפּראַך פאַרן מאַסן־מענטש האָט פּינסקי קיין כוח אָדער ווילן נישט געהאַט. ער איז אַנטלאָפן אָדער צו שלמה המלכ׳ס צייטן, וואו מען קאָן רעדן וואָס מען וויל, אָדער ער איז אַנטלאָפן צו דער ליבע, וואו מ׳רעדט אומעטום און אייביק די זעלבע שפּראַך. פּינסקי האָט דאָ אָנגעהויבן רעדן אויף שטאָלצן. דאָס איז אפשר אויך די סיבה, וואָס רייזין האָט זיין גאַנצן טאַלאַנט אויסגעשעפּט אויף יענער זייט ים, געבנדיק דאָס לעבן פון אָרימע מענטשן אין אַ סטאַטישער סביבה, אָבער ער האָט זיי נישט געקאָנט נאָכגיין אין אַ נייער סביבה אויף אַ נייער ערד, וואו דאָס לעבן איז דינאַמיש, ער האָט זיך שוין געהאַט איינגעלעבט אין אַ באַשטימטן אידיאָם און זיך נישט געקאָנט בייטן, די „יונגע" האָבן זיך מיט אונדזער ביסל דערפאַרונג, וואָס איז איינגעזאַמלט געוואָרן אין די ביכער פון דעם ערשטן דור שרייבער זיך נישט געקאָנט באַנוצן, האָבן זיי פון זיך געמוזט אַ נייע שפּראַך און אַ נייעם אידיאָם שאַפן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין פאַרמירטע געזעלשאַפט מיט באַשטימטע גרופּן אידעאָלאָגיעס, מיט אייגנאַרטיקע באַגריפן און געזעלשאַפטלעכע מאַניערן. קיין אויסגעהאַמערטע געזעלשאַפטלעכע גרופּעס מיט אויסגעשפּראָכענע סאָציאַלע אַפּעטיטן און סאָציאַלע פילאָזאָפיעס ווי אַזוי צו קריגן מאַכט, און זיך איינבירגערן. יחידים האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און געביטן זייער קאָליר, זייער גייסטיקן באַגאַזש איבער נאַכט. געווען שווער אַזאַ יחיד קינסטלעריש אויפצוכאַפּן און פאַרפיקסירן. אפילו די אַרבעטער אין די שע־

פּער, די פּעדלערס אין די גאַסן האָבן נישט אקצעפּצירט זייער פּאַך אַלס קרוין אָדער הויקער, און עס באַוואוסטזיניק באַזונגען אָדער באַ־קעמפּט. זיי האָבן זייער שיקזאַל באַהאַנדלט, ווי די סעזאָנען פון יאָר פּאַראיבערגייענדיקע אומגליקן אָדער פּריידיקע פּאַסירונגען, אָבער הויפּטזעכלעך פאַר נישט קיין אייביקן צושטאַנד וואו מ׳מוז זיך אָריענטירן און זיך צופּאַסן. מאָריס ראָזנפעלד, דער זינגער פון לידער פון אַרבעט, האָט נישט באַקעמפּט דעם שאַפּ אַלס בייטש, אַלס עקס־פּלוטאַציע און אים געפּרואווט אויסבעסערן. ער האָט נישט גע־קעמפּט פאַר אַ געזעלשאַפט, וואו שאַפּ זאָל זיין געזאַנג, זאָל ווערן ליד. ער האָט פיינט געהאַט אַרבעט. די ביבלישע קללה איז געלעגן אין אים און געהייצט זיין בלוט. ער האָט פיינט געהאַט דעם „בזעת אַפּיך תאכל לחם״, און דאָס האָט האָט זיינע לידער ביטער געמאַכט. זיי געגעבן אַ גרין־גאַליקע קאָליר. קליין בירגער אין שאַפּ, קליין בירגער פאַר׳משפּט צו לעבן אַ שאַפּ־לעבן וואָלט געוועזן דער סאָציאַלער טער־מין. ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע אימיגראַנטן, תבואה הענדלער, מעקלער, לופט מענטשן, איידימס אויף קעסט, פּראָטעסטירט קעגן דעם ניי געפונענעם געזעץ, אז כדי צו עסן דאַרף מען אַרבעטן; נאָר זיין פּראָטעסט איז געווען אַ דיכטערישער און שטאַרקער. שטאַרקער צוליב שנאה און נישט צוליב דעם אימפּולס צו בייטן די באַדינגונ־גען פון אַרבעט. די שנאה צו אַרבעט האָט אים אין זיינע אייגענע אויגן חשיבות געגעבן. האָט אים העכערע אימפּולסן געגעבן און דורך דעם פּאָעטישע פּערזענלעכקייט געשאַפן. אַנדערשקייט גענערט דורך שנאה. שאַפּ אַלס מאַנסטער, שאַפּ אַלס שלאַכטפעלד איז געווען זיין וויזיע. אייגענע שנאה פאַרוואַנדלט אין פּאַטאָס. נישט אין טראַגיק.

אַ ציוויליזאַציע ווערט טראַנספאָרמירט ווען די אונטערדריקטע, די דערנידעריגונג פון שקלאַף, די אַרבעט פונם היינטיקן אַרבעטער קריגט ווערט, ווען דער אונטערדריקטער הערט אויף אַנטלויפן פון זיין געפאַלנקייט און זוכט זיין אויסלייזונג אין דער אַרבעט. ווען ער הערט אויף אַנטלויפן פון דער אַרבעט און זוכט אין דעם זיין עקזיס־טענץ באַרעכטיקונג, די פאַבריק וואָס איז דערוויל בלויז אַ קירכע פון די קאַטאַקאָמבעס מוז ווערן וואָס דער קאַטעדראַל איז געווען.

נאָר אנשטאָט די געטער קעמפּט דער מענטש קעגן דער ערד. ראָזענ־פעלד האָט דאָס נישט געזען. ארבעט אלס יאָך, עול, ארבעט אלס אומגליק, איז געווען זיין מאָטיוו.

יהואש און ליעסין האָבן מער אינערלעכע פארשטענדניש און קולטור ירושה פארמאָגט. אָבער זיי האָבן אויך דעם שאַפן און זיין נעזאַנג ניט געהערט. די גאַס און איר טומל נישט באַנומען. קיין געשטאַלטן ניט געזען. קיין קאַמף געשריי ניט באַנומען, האָבן זיי פון זייער קולטור ירושה גענומען, און מיט פאָעטישן טאַלאַנט און פאַר־טאָם עס איבערגעזונגען אין נאַטור לידער און אין נאַציאָנאַלע לידער. זיי האָבן זיך אין מיסטישע שלייערן געהילט, זיי האָבן זיך אין זייערע אייגענע געזאַנגען פארוויגט כדי נישט צו הערן די געשרייען פון דרויסן, זיי האָבן די פענצטער פארמאַכט, כדי נישט צו הערן דעם טומל פון גאַס און לידער, פאָעזיע געשאַפן. ווען זיי האָבן די פענצטער צוריק געעפנט, האָבן די לידער זיך אָפּגעזאָגט אין גאַס ארויסצוגיין. זיי האָבן קיין קולטור פלאַך אין דרויסן ניט געהאַט פונוואַנען זיך צו לאָזן הערן און אויפגענומען ווערן. זיי האָבן קיין אדרעס ניט געהאַט.

ליבין און קאָברין האָבן זיך געפילט ווייניקער געקריוודעט, ווייל זיי האָבן קלענערע פאָדערונגען געשטעלט האָבן זיי אויפגעכאַפּט דעם אויסערלעכן אידיאַם, דאָס אויסערלעכע געשריי פון שאַפ און גאַס און עס פארצייכנט. אויך זיי, ווי אַנדערע אימיגראַנטן פון זייער צייט האָבן דאָס לעבן נישט אַקצעפּטירט. אָבער אויך אינערלעך, קינסט־לעריש נישט באַקעמפט און דערפאַר האָבן זיי גלאַטע זאַכן געשריבן. אָבער אָן פארנעם. שאַפ השכלה. זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם נייעם ווירוואַר, פאַר דער נייער געשטאַלטונג פון יידישן לעבן. און קיין קולטור קוואַלן זענען ניט געווען האָבן זיי דעם טאָג טעגלעכן שטויב באַשריבן. קללה פון שאַפ און ארבעט. אַפטמאָל אַ פאַר־בלאָנדזשעטע באָרד פון שטעטל באַשריבן אָדער גלאַט אַזוי אַ לאַנדס־מאַן. קאָברין און ליבין האָבן די מענטשן בעסער געמאָלן, ווייל די מענטשן האָבן זיי בעסער געקענט, זיי זענען נענטער געווען. קאָברינ'ס „ארע די באָרד" און „יאַנקעל בוילע" האַלב געלונגענע קינסטלערישע

זאַכן. דעם אַמעריקאַנער ייד אין זיין כאַטישקייט האָבן זיי ניט געזען.

די שרייבער פון יענעם דור האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם פּשוט'ן מענטשלעכן געזעץ אַז מען מוז דאָס לעבן קודם כל אַקצעפּטירן און איינזאַפּן אין זיך איידער מען קען עס קריטיקירן, באַקעמפן, איבער־בויען אָדער באַוואוסטזיניק אַנטלויפן פון אים. מען מוז האָבן אין זיך דעם רויש און טומל פון גאַס, דאָס רעווען פון מאַשינען, דעם בלאָנדזשענדן בליק פון פאַרלוירענע מענטשן, דעם וויייטיק פון הונגער, דעם שטאָלץ פון הויכע געביידעס, די ליידנשאַפטן פון פריי־קייט. מען מוז דאָס אַלץ אינטענסיוו איבערלעבן, כדי נאָכדעם זיך באַפרייען דערפון אָדער דאָס פאַרהערלעכן.

דער פירער און בייטש האַלטער פון די „גרינע” אין יענער צייט איז געווען אייב קאהן. ער האָט שוין דאַן פאַרטראַכטן דאָס ווילד גראָז אין אונדזער אַמעריקאַנער סביבה. ער האָט שוין דאַן באַקעמפט דאָס עכטע, דאָס קינסטלעריש איינגעבירגערטע. ער האָט וויייניק פאַרשטאַנען ליטעראַטור. ער האָט כמעט נישט באַגריפן די פּשוט'ע לאָגיק פון קינסטלערישן שאַפן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אַ קינסטלער מוז אַקצעפּטירן און וואָרצלען אין אַ לעבן כדי עס אויפ־צונעמען און עס איבערצושאַפן. ער האָט שוין דאַן געהאַט זיין טעאָריע, וואָס ער האָט געלערנט אין ווילנער לערער אינסטיטוט, אַז ליטעראַטור איז פּלאַכער, וואולגאַריזירטער נאַטוראַליזם. יעדנפאַלס האָט ער עס אַזוי פאַרשטאַנען. איבערגעזעצט אין אַמעריקאַנער אידיאָם האָט עס געמיינט „פּאָטייטאָ און הענקייטשע” ליטעראַטור. אין תוך איז אייב קאהנ'ס איינפלוס און ווירקונג זיך צוזאַמענגעקומען ערגעץ וואו מיט זישע לאַנדוי'ס פייף אויף דעם לעבן. ביידע האָבן נישט אַקצעפּצירט די גרויסע און ברייטע אַמעריקע פון מעגלעכקייטן און פעלקערשאַפטן. עס איז געווען דאַן אַ צייט פון פּאָזיטיווע מאַ־טעריעלע דערגרייכונגען. אָבער אויך אַ צייט פון אַ מאָראַלישקייט און גייסטיקע אָרימקייט. ביידע דער פועל יוצא פון דער זעלבער סיבה — אַמעריקעס גרויסע און רייכע וויטאַליטעט. דער שרייבער איז צעריסן געוואָרן צווישן דער רייכער נאַטור אַרום, וואָס האָט גערופן, אַז מען זאָל זי באַצווינגען, און דער מענטשלעכער נאַטור,

זיך אויסצולעבן גאַנץ און אין הארמאָניע מיט זיך אַליין. די מענטש־לעכע נאַטור איז באַאײנפלוסט געוואָרן, פאַרגרעבט און פאַרקריפּלט געוואָרן פון אייב קאהן. ער האָט איינגעשפּאַנט אין שרייב־וואָגן עטלעכע ארבעטער, כדי צו ווייזן זיינע פּראַלעטארישע סימפּאַטיעס, און שפּעטער זיי צעפּויקט אַלס די גרעסטע. זיינע פּראָדוקטן. די „וואונדער קינדער" אונדזערע. די ראַקס, אַדערשלעגערס, לעווינס און באָטאָוויניקס זענען פאַר אייב קאהן געווען דאָס אידישע ליטע־ראַרישע אַמעריקע. אָט דעם יוקס אויף די פּאַליצעס פון זיין רע־אַליסטישער קראָם, האָט ער מכבד געווען מיט זיין ראָמאַנטיש שוי־פענצטער. זיין שוי־פענצטער האָט ער אויסגעפּוצט מיט אַש, רייזין, שניאור און אַנדערע שרייבער. אַנדערע יונגע אַמעריקאַנער שרייבער, וואָס האָבן געפּרואווט שרייבן און געבן לעבן, אמת יידיש לעבן האָט ער צעבראָכן, אויסגעלאַכט, און אַ טייל פון זיי געצוואונגען מאָלן פּרינציפּישע שיכבענדלעך, און שלאָפּצימער מעשות. פוקסן האָט ער געמאַכט פאַר אַ שונד ליפעראַנט. געלבוימען האָט ער געמאַכט פאַר אַ ביליקן שרייבער. אַ טאַלאַנטפולע פּאָעטעסע ציליע דראַפּקין האָט ער געטריבן שרייבן אַ שונד ראָמאַן. יעדן גוטן שרייבער, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט פון אים באַצווינגען האָט ער באַשפּיגן, אַרונטערגעריסן און אויסגעלאַכט. אייב קאהן האָט אַמעריקע נישט געזען, כאָטש ער האָט ענגליש געשריבן. ער האָט געלעבט מיט איישישאַק — אַ פּאַדים, אַ גרינער, וואָס ציט זיך נאָך ביי אים ביזן היינטיקן טאָג. זישע לאַנדוי, דער קונסט טעאָרעטיקער פון די עס־טעטן. האָט אויך דאָס לעבן נישט געזען, און דערפאַר עס אָפּגעלייקנט און איז אַנטלאָפן. ער האָט אַ פייף געטאָן אויפן לעבן. דער פייף האָט אים כוח געגעבן צו ווערן אַמאָראַליש. קונסט און ליטעראַטור ווערן געשאַפן פון די פּאָזיטיווע עלעמענטן אין אַ ציוויליזאַציע. זישע לאַנדוי'ס קונסט האָט אַלץ אָפּגעלייקנט און געשאַפן אַ הפקר־באַצי־אונג צו ליטעראַטור און צום לעבן. אייב קאהן און זישע לאַנדוי זענען געשטאַנען אויף צוויי גרינע בערגלעך, פונוואַנען זיי האָבן גע־שפּיגן אויף אונדזער לעבן. זיי האָבן דאָס נייע אַמעריקאַנער יידישע לעבן נישט אָקצעפּצירט. זיי האָבן עס ציניש אויסגעלאַכט. זיי האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַלע שונדישע גליטשן אויף וועלכע

ס׳האָבן זיך געלאָזט א צאָל גאַנץ פיינע טאַלאַנטן. זיי האָבן געשאַפן די הפקר באַציאונג צום יידישן וואָרט. אייב קאהן מיט א גרויסן, גראָבן פרנסה שטעקן; און זישע לאַנדוי מיט א דין קונסט שטעקעלע.

ביידע, נישט זישע לאַנדוי — דער איידעלער עסטעט, און נישט אייב קאהן, דער וואולגאַרער נאַטוראַליסט האָבן נישט פאַרשטאַנען א זייער איינפאַכן געדאַנק. דאָס לעבן גייט אָן אין א באַשטימטער סביבה. און אַז עס איז פאַראַן א קעגנזייטיקע ווירקונג פון אינער־לעכע און אויסערלעכע כוחות. קיין באַשעפעניש לעבט נישט בלויז אונטער דער הויט, אָדער בלויז מיטן מאָגן. די אינוווייניקסטע אָרגאַ־נען זענען אויך פאַרבינדונגס מיטלען מיט ווייטע סביבות, צו וועלכע מען מוז זיך צו גרייטן מיט א פאַרטיידיקונג אָדער פאַר א זיג. צו יעדער צייט מוז מען קעמפן קעגן דער סביבה און זי נעמען אַלס פאַרטיידיקונג און שוץ. די קאַריערע און שיקזאַל פון א מענטשן זענען פאַרבונדן מיט זיין באַציאונג צו דער סביבה ניט אויסערלעך, נאָר אויפן אינטימסטן שטייגער. ביידע, סיי אייב קאהן, און סיי זישע לאַנדוי האָבן דעם פּראָצעס אָפּגעלייקנט אָדער נישט פאַרשטאַ־נען. האָבן זיי דערפאַר געשאַפן אויסערלעכע, פרעמדע מאָסן פאַר ליטעראַטור. ביידע זענען אַנטלאָפן פונם רעאַלן לעבן. איינער צו־ליב בלינדקייט, דער אַנדערער צוליב טויבקייט. דער פועל יוצא איז געווען דער זעלבער. זיי האָבן די אַרבעט פון די לעבעדיקע, עכטע שרייבער געמאַכט שווערער און שטיינערדיקער. די פּאָזיטיווע כוחות אין אונדזער קולטור לעבן האָבן געדאַרפט שווערער קעמפן בייצוקו־מען די נעגאַציע. א סך שרייבער האָבן זיך באַפרייט און דאָס לעבן אַקצעפּטירט און איבערגעשאַפן אָבער מיט א סך מי און מאַטערניש.

עס איז זייער מעגלעך, אַז די שרייבער, וואָס זענען געטריבן גע־וואָרן פון אינערלעכן כוח און גלויבן האָט אייב קאהן נישט געקאָנט ברעכן. אַראָפּפירן פון וועג האָט ער געקאָנט בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן קיין וועג נישט געהאַט. בלויז אַזעלכע וואָס זענען גרייט געווען דינען יעדן אָפּגאָט, וואָס וועט הערשן. פוקס און יי. זינגער זענען די בעסטע עדות אויף דעם. ביידע באַגאַבטע שרייבער, ביידע מייסטער פון פּלאַסטישע בילדער און דאָך איז דאָ א פּגימה אין זייער טאַלאַנט, וואָס גראָבט אונטער זייער ווערט, כאָטש פיינע קינסטלער

זענען זיי אביסל ענלעך אויף באַזאַר אַרטיקלען וואָס יעדער איינער, וואָס וויל צאָלן דעם פּרייז קאָן זיי קויפן. זיי פעלט דער געפיל פון עכטער, אינערלעכער פאַרבינדונג מיט זייער אַרבעט. שרייבן איז ביי זיי גיכער אַן אַרבעט ווי אַ מיסיע, אַ תּפילה. זיי זענען דירעקטע מלחמה קרבנות. זיי זענען קינסטלעריש רייף געוואָרן אין די מלחמה יאָרן, ווען מאָראַל און עכטע באַציאונג איז איינגעשטאַנען בלויז ביי יחידי סגולה. פונדעסטוועגן קאָן מען מיט רעכט באַהויפּטן, אַז קאַהן האָט ערלעכע טאַלאַנטן אויך וואולגאַריזירט. עס איז זייער מעגלעך אַז אַש׳ס נאָנטע חבר׳שאַפט מיט קאַהנען האָט זיין טאַלאַנט קיין גוטס נישט געטאָן. זיכער האָט ער אונדזער יונגער ליטעראַטור אַ סך שאָדן געטאָן. לאַנדוי האָט זיין וואולגאַריטעט אומדירעקט באַפּוצט מיט עסטעטיק. ער האָט קאַהנ׳ס גרינגע חכמה באַפּוצט מיט „קינסטלערישע" תּורה. די ביידע איינפלוסן האָבן פיל געשטערט דער אַנטוויקלונג פון אונדזער יונגער ליטעראַטור. סיי אייב קאַהן און סיי ז. לאַנדוי האָבן דאָס לעבן אַרום נישט פאַרשטאַנען און נישט אַקצעפּטירט. זיי האָבן אַרויפגעוואָרפן אַ „קאַמעראַ אָבסקיורע" אויפן לעבן און אויף די שרייבער. זיי געהערן אין תּוך צום אַלטן דור. זיי זענען צעבראָכענע שפענער אין דעם אַלטן שטראָם.

## 2

דער צווייטער דור שרייבער, אָדער אַ וויכטיקער טייל פון זיי ווי אַפּאַטאָשו, לייוויק, יהואש, ליעסין, ראַבאָי, מ. ל. האַלפּערן און שפּעטער לעיעלעס האָבן דאָס לעבן יאָ פאַרשטאַנען און אַקצעפּטירט און ליטעראַטור געשאַפן. נאַטירלעך, יעדער לויט זיין טאַלאַנט און כוח. אַ היבש ביסל פון דער פּאָעזיע פון יענער צייט, וואָס קוקט אויס לפנים רייך און פול איז באמת שוין היינט פאַרעלטערט און קליינשטעטלדיק. פּאָעטן ווי מאני לייב, י. ראַלניק האָבן דאָס לעבן נישט אַקצעפּצירט. זיי האָבן אפילו נישט געזוכט עס צו פאַרשטיין. זיי האָבן עס איגנאָנצן איגנאָרירט. זיי האָבן בלויז די פאַרשלאָפענע, נישט אויסגעריבענע אויגן געעפנט און נישט געפינענדיק קיין פאַר־טיקע סימבאָלן אַרום זיך האָבן זיי מורא געהאַט אָדער קיין כוח נישט געהאַט גרויסשטאָט אין פּאָעזיע צו פאַרוואַנדלען. צו גרויס שטאָט דאַרף מען האָבן אינטעליגענץ און וויסן כדי זי אַרומצוכאַפּן און באַזינגען. און דערפאַר האָבן זיי זיך באַהאַלטן הינטערן וואָרט. הינטערן געשריי, הינטערן קרעכץ. זיי זענען אין עצם געווען אי־זאָלירט. אָבער נישט צוליב גייסטיקע עשירות און פּערזענלעכקייט, נאָר צוליב גאוה. זיי האָבן זיך אָנגעבלאָזן כדי צו שאַפן פּלאַץ אַרום זיך. זיי זענען נישט געווען פאַרבונדען מיט דער יידישער טראַדיציע. זיי זענען אויך נישט געווען פאַרבונדן מיטן אַרום. זיי זענען נישט גע־צונדן געוואָרן פון לעבעדיקע פייערן אַרום זיך. זיי זענען געווען היימלאָז דערפאַר האָבן זיי זיך געשפּילט מיט יאַמבישע פערזן און דאַקטילן, כדי צו פאַרגעסן דעם אַרומיקן פרייען פערז. זייער שרייבן האָט געהאַט טאַלאַנט אָבער נישט קיין כאַראַקטער, ווייל טאַלאַנט ווערט פאַרמירט אין שטילקייט, אין צוריקגעצויגנקייט, בעת כאַראַק־טער ווערט געהאַמערט אין די שטורעמס פון לעבן, און זיי זענען אַנטלאָפן נישט נאָר פאַר שטורעמס נאָר זיי האָבן זיך אפילו פאַר פשוט'ע ווינטן דערשראָקן. זיי האָבן זיך געשפּילט מיטן אייגענעם וויטיק. מיט דער אייגענער בענקשאַפט. זיי האָבן געמוזט אָנבלאָזן

דעם איינענעם ענג כּדי צו געבן א גרעסערער אקוסטיק זייערע קליינע לירישע טענער. זייער איזאָלירטקייט און איינזאַמקייט, זייער אומ־פּיאיקייט זיך אריינצוווארפן אין לעבן דורך אקצעפּטירונג אָדער קאמף מאכט זייערע פערזן אזוי סטעריל איז דער היינטיקער צייט. צארטע, פאַרטריקנטע בלעטער, וועלכע צעריבן זיך אין קאָלירטן שטויב אזוי שנעל ווי מען נעמט זיי אין האנט אריין. מאני לייב זינגט: „כ'האָב אינמיטן טאָג א פאָרהאנג אויף מיין פענצטער אויפגע־האנגען פון דער זון און פון די מענטשן האָב איך פעסט מיין טיר פארמאכט און א בלייכער אין דער פינסטער בין איך לאנג ארומ־געגאנגען און די קאַלטע הענט געריבן און צו זיך אַליין געלאכט". נ. שטיינבערג ציטירט א בריוו פון ז. לאנדוי „בכלל איז די גאנצע געשיכטע פון רייכקייט און אָרימקייט א פיקציע. דאָס האָבן סאָצי־אַליסטישע אגיטאטאָרן אויסגעטראכט". פיינע פאַספּאָרטן פאַר אמעריקאנער דיכטער פון יענע וויכטיקע יאָרן.

זייערע לידער לאָזן ארויס א מאָדנעם רייך פון פּאַרוויאַנעטקייט, עפּעס נישט ווי פון אמאָליקע געזונטע בלומען, נאָר אזוי ווי זיי וואָלטן לכתחילה געוואקסן אָן געניג נארונג. מאני לייב מיט זיינע סאטעליטן האָבן נישט קיין וואָרצלען פארזעצט אין דעם אמעריקא־נער לעבן. פון יענער זייט האָט מען מיטגעבראכט דעם גראַם און דעם פּארלאַנג צו זיין פּאָעטן און מיט דעם באַגאַזש האָט מען גע־ארבעט. יאָ, דאָ האָט מען א נייע קוואַליטעט צוגעקראָגן — מורא פאַר דער ארום. זיי האָבן אפילו מורא געהאַט די הענט אויסצו־שטרעקן עפּעס צו כאַפּן אָדער עפּעס אָנצורירן כאָטש זיי האָבן אין די אייגענע פינצטערע צימערן לאַנגע פינגער געהאַט. זיי האָבן אפשר צו קורצע הענט געהאַט, דערפאַר האָבן זיי מיטן הערצל געקרעכצט אָדער מיטן מיילעכל וואוילעריש געפייפט. פאַסטוכער אין דער שטאָט ניו־יאָרק, זיי האָבן פיינע פייפלעך געהאַט און זייער וואויל געפייפט. אָבער לויטער מאנדאלין טענער, צעאכטלטע, איינשלעפע־רישע און זייער אימפּאָזאַנטע אין דעם רויש פון ארום. דער טע־מאטישער באַגאַזש — בלאַסע מיידלעך, בלאַסע שטימונגען, שטילע נעכט, ראָזעווע בענקענישן, ארונטערגעצויגענע ראליעטן און עסטע־טישע קונץ־שטיק.

זיי האָבן זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו דער וועלט. זיי האָבן דאָס נייע אַמעריקאַנער לעבן איגנאָרירט. האָט דאָס לעבן זיי באַצאָלט מיט דער זעלבער מטבעה. עס האָט זיך נישט געלאָזט אָנ־טאַפּן פון זיי.

מאַני לייב, דער קינסטלער פון דער עסטעטישער גרופּע, איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון וואָרט מייסטערשאַפט, אַז ער האָט שיעור ניט פאַרגעסן, אַז ס'איז דאָ נאָך עפּעס אַ חוץ וואָרט. ער איז אַזוי פאַר־כאַפּט געוואָרן פון די מעגלעכקייטן פאַר בילד און ניואַנס פון יידישן וואָרט, אַז ער האָט זיין גאַנצן טאַלאַנט געווידמעט אָט דעם וואונדער. ער האָט דאָס וואָרט אין זייד און אין סאַמעט געהילט, עס געפּוצט און געשליפט ביז ער האָט אַ פיינעם פּאָעטישן אינסטרומענט גע־שאַפן. ער האָט אַזוי לאַנג זיין אינסטרומענט געשאַרפט ביז ער האָט מיט אים געקאָנט אַ האָר איבערהאַקן. מאַני לייב'ס פּאָעטישער אינ־סטרומענט איז געוואָרן אַזוי שאַרף און דין, אַז ער האָט מיט אים מורא געהאַט האַליע צו שניידן. אין דער צייט ווען מ'האָט אין ניו־יאָרק פעלזן אויפגעריסן כדי די שטאָט איבערצובויען האָט ער מיט זיין אינסטרומענט האָזן ניסלעך געקנאַקט. ער האָט זיין אינסטרו־מענט אַזוי לאַנג באַהויכט מיט זיין אָטעם, אַז ער האָט פאַרגעסן, אַז ס'זענען אויך דאָ ציין מיט נעגל, ער האָט זיין פּאָעטישן אינסטרו־מענט געוואָרימט, אַז ער איז צו איידל געוואָרן ארויסצוגיין אין דער וועלט אין דער וואולגאַרער און זינגען דאָס ליד פונם פּשוט'ן מענטשן אין גאַס, דעם ווייטיק פונם געבויגענעם רוקן אין שאַפּ. זיין וואָרט איז געווען צו אויסגעאיידלט דערפאַר. ווינעטקעס און בלימלעך האָט מען געקאָנט מיט אים פּוצן אָבער נישט ערד אויפאַקערן. האָט ער דער־פאַר זיך גענומען צו וויג־טענער. ווייסע פערד, אָרימע הינט האָט ער באַזינגען. ער איז געפּירט געוואָרן פונם וואָרט. נאָכדעם ווי ער האָט דאָס וואָרט באַצווינגען איז דער פּאָעטישער אינסטרומענט זיין מייסטער געוואָרן. ער האָט זיינע שטימונגען געמייסטערט. זיין אינ־סטרומענט איז געוואָרן אַרבעטס פּייאיק, ווען ס'איז זיך צוזאַמענ־געקומען מיט זיינס אַן אינערלעכע שטימונג, עס איז דאַן געווען האַר־מאָניע צווישן וואָרט און בילד. דאָס וואָרט האָט מאַני לייבן צו שנייען און פינצטערע נעכט געפירט. נישט צו ברוטאַלן לעבן. סטאַ־

טישע בילדער, גלאַטע באַלאַדן האָט זיך זיין אָטעם געריסן צו באַ־הויכן. אַן אונטערגייענדיקע זון, פאַרבלאָנדזשעטע שאָטנס, אַ פאַר־לוירענעם אין דער נאַכט האָט זיין פּאָעטישער אינסטרומענט אָפּגע־טאַקט. אָבער געראַנגל, קאַמף האָט זיין אינסטרומענט זיך געשראָקן צו באַרירן. צו נעצערטלט געווען. עס איז אָפּטמאָל אפילו שווער צו באַשטימען, וואָס רעגט אים שטאַרק אויף, אָדער וואָס רעגט אים אָן. וואָס רייצט אים. ער האָט מורא אמת לעבן צו באַרירן. זיין אינ־סטרומענט וועט נאָך קריגן אַ פּגימה.

איך קוש די דינע האַנט, אַ גוטע נאַכט
אַ גוטע נאַכט. נו גיי געזונטערהייט
די גאַס איז שטיל, אַ קילער נעפּל ווייט
ניט גוט, ניט גוט, נו גוט, אַ גוטע נאַכט.

און טריט פאַרשטאַרבן אין דער שטילער נאַכט
אַ שאָטן וויגט זיך, וויגט זיך הין און הער
און מיר איז אַזוי אומעטיק און שווער
ניט גוט. ניט גוט. נו וואָס? אַ גוטע נאַכט!...

דאָס ליד ווייזט צו וואָס מאני לייב׳ס פּאָעטישע מייסטערשאַפט האָט דערפירט. דאָס וואָרט איז פּייאיק געוואָרן צו רעזיגנירן הער־לעך. אָבער עס איז געוואָרן אומפּייאיק צו וועקן, סטימולירן און אָרדנונג ברענגען אין אונדזער נייעם ישוב. ער האָט מורא געהאַט אַז דאָס לעבן וועט אַ ריטמישן פּערז קאַליע מאַכן. אים האָט געפעלט דער כוח צו האַרמאָנירן דאָס לעבן מיט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט. אַ טראַגישער פּאָעט. ער האָט געוואָלט אַ סך מער געבן, נאָר ער איז פאַר׳כישופ׳ט געוואָרן פון וואָרט און נישט געקאָנט ווייטער גיין. דאָס וואָרט האָט פאַר אים צו פיל צויבער געהאַט. זיין גאַנצע פּאַ־טענץ איז אַריינגעוועבט געוואָרן אין דעם צאַרטן לירישן קרעכץ, און דער עכא פונם קרעכץ האָט נייע לירישע געוועבן געמייסטערט, ווינקלדיקע און איינזאַמע געזאַנגען. וויכטיקע אין וואָרט מייסטערשאַפט, גאַנצקייט פון וואָרט און בילד, אָבער אונטער פאַר־

מאַכטע טירן און פענצטער, אָפּגעהאַקטע, פאַרשטיקטע קרעכצן און זיפצן, אין דער ריזיקער ניו־יאָרק.

ראַלניק האָט אויך ערלעך און שטיל געזיפצט. זיין קול האָט די לבנה פאַרנומען. נאַקטיורנס אַן מאַני לייב׳ס צאַרטע טענער. ער האָט רייזינען איבערגעזינגען, נאָר מיט אַן אייגענעם קאַרגן ליט־ווישן וואָרט. ער זינגט אַזוי שטיל, אַז עס קלינגט ווי אַן עכאָ פון ערגעץ ווייט. ערלעך, פּאָעטיש אָבער אָן כּוח.

ראַלניק זינגט:

„די לאַנגע גאַס האָט טויזנט טירן
עס שרייט אויף מיר אַ יעדער טיר
און צען מאָל מער די גאַס האָט פענצטער
און יעדער פענצטער שפּאַט פון מיר.

איך ווייס ניט פיל און ווער זיי זענען
וואָס שטעקן הינטער וואַנט און טיר?
אַ בלינדע, אומגערעכטע שונאים
וואָס שיקט איר קריגס שלוחים מיר?

איך האָב זיך פעכטן ניט געלערנט
איך וויל נאָר דורכגיין אומגעשטערט
דעם וועג, וואָס איז מיר אָנגעוויזן
און אָפּרוען — ווען ס׳איז באַשערט״.

ראַלניק האָט זיך פאַרן לעבן דערשראָקן איז ער אַוועק אין ליטע, אָדער צו סי און צום סוף אַנטלאָפן צום שטערן נויד. ראַלניק האָט זיך אַ פילאָזאָפיע געשאַפן פון זיין באַשיידענער איזאָלירטקייט. דער פּאָעט איז אַן איידעלער מענטש, ער טאָר זיך ניט צורירן צום לעבן. זיין מוזע וועט פאַרשוועכט ווערן. ער האָט זיך דערפאַר אין ווינקלען געשלייכט און ליריש געקרעכצט.

אפילו די פּראָזע שרייבער פון יענעם דור ווי ראַבאָי און איג־נאַטעוו האָבן אויך מורא געהאַט אָדער נישט געקאָנט אָנכאַפּן דאָס

לעבן פאַר די האָר. ביידע זענען אויך צום האַרץ געלאָפן זוכן
טרייסט. האָבן זיי זיך צו דער פריי געווענדט אָדער צו דער פאַרם
אָדער קיין פּראַג צי אויף די בערג און דאָרט געקרעכצט און געוויזן
העלדישקייטן. זיי זענען אַנטלאָפן איידער זיי האָבן געזען דאָס
לעבן אַרום און דאָס אַריינגענומען. זיי זענען געווען אַנטוישט אָן
דערפאַרונגען. מיד אָן אַרבעט. ראַבוים אַנטלאָפענע יידן פון שטאָט
זענען אין עצם באַהעמער, פּעדערדיקע בחורים מיט פיינע לאַנגע
שניפּסן, וואָס חנ׳דלען זיך אויף דער פאַרם און ווייזן, אַז זיי קאָ־
נען בעסער ווי אַנדערע קאַרטאָפל פאַרזייען. זיי זענען מכלומר׳שט
מיט ווילן און מיט כוח צו דער „פאַרם" געקומען. ווען זיי דערפאַר
די הייזער פון די ווינטן פאַרשטעלן. קאָנען זיי אָבער לעבן? קאָנען
זיי זיך ראַנגלען? רינגלען זיי אַרום אידייען, אידעאָלאָגיעס וואָס
פאָרמירן זיי, פאַרהאַרטעווען זיי אָדער רעגן זיי צו קאַמף? עס איז
זייער לייכט זיך חנ׳דלען אויף אַ פאַרם ווייט פון מענטשן און קאָנ־
פליקטן אָבער אין וואָס פאַר אַ גייסטיקער וועלט לעבן זיי? ראַבוים
העלדן לעבן אין אַ גייסטיקן און אידייאישן חלל. ערגער ווי פאַר־
שיקטע. זיי זענען ציטלאָז, זיי זענען רעגן־טראָפּנס. אָבער איר
זעט נישט דעם רעגן און פון די טראָפּנס הערט איר בלויז דעם
קלאַנג. דער קלאַנג אָבער פון די מענטשן איז אַ צאַרטער און
באַ׳חנ׳טער, ווייל ראַבאָי באַהויכט זיי מיט חן. איז דאָס געווען
צופאַל אָדער דינאַמישער כוח, וואָס האָט געטריבן די מענטשן צו
אַן אַנדער לעבן. און וואָס טוען זיי נאָכדעם ווי זיי ברענגען שוין
אַראָפּ די פרויען אויף דער פאָרם און זיי ווערן באַרימט אַלס גרויסע
מבינים אויף פערד. ווי אַזוי לעבן זיי ווען מבינות אַף פערד ווערט
נוצלאָז צוליב דעם אויטאָמאָביל? קומען זיי צוריק אין שטאָט
אַריין? זיי ווערן ציוניסטען — די איינציקע אידעאָלאָגיע וואָס איז
ראַבאָין געווען באַקאַנט. אַנדערע אידעאָלאָגיעס זענען זיי אומ־
באַקאַנט. און זיינע שטאָט מענטשן? זענען זיי נישט קיין צופע־
ליקע מענטשן אין אַ ניט קלאָרער סביבה? זיי דרייען זיך אַרום
אַרום אַ הייזל אָדער אַ טענעמענט הויז אויף דילענסי סט. און זייערע
עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען, זייער גייסטיקע וועלט, זייערע קאָנ־
פליקטן זענען אַזעלכע מיזערנע און נישטיקע. ראַבאָי גיט קליין שטאָט

און ניו־יאָרק. צאַרטקייט און וואונדער, אָבער באַגרעניצט. מענעסעס בוך, ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט לויט באַשטימטע תקנות און געזעצן זענען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר ראַבאַים גייסטיקער און אינטעלעקטועלער וועלט. ספּעציעל איז מענעסעס שלחן־ערוך כאַראַקטעריסטיש פאַר ראַבאַים פאַרשטיין די סאָציאַלע קאַמפן און קלאַסן קעגנזאַצן אין אַמעריקע. עס איז אַ מין ווייבערישער טייטש־חומש אין מענעסעס כתב, צוגעפּאַסט צו מענדעלים צייט און אין צו גלופּסק, מער ווי צו קיך און קעלער עטיק קאָן זיך ראַבאַים העלד נישט אויפגעהויבן. פּונקט ווי דער העלד זיינער, אייברעם, דריי שטאָק נידעריקער, האָט אַ באַזונדערע באַ'חנ'טע עטיק פאַר קעץ. אַלע ליבעס און קאָנפליקטן ביי ראַבוין זענען הערצלדיקע און ברוסטיקע און האָבן אַן אייגענע באַגרעניצטע אַקוסטיק. באַגרעניצטן חן. זיינע העלדן שיכור'ן זיך אָן מיט ביר און ניט מיט בראָנפן אָדער וויין. זיי האָבן נישט קיין כוח. זייער קרעכץ איז באַגרעניצט. אָן ווייבראַציעס, אָן אמת'ן ווייטיק. קעלער אידיליעס. ראַבוי אַליין האָט דעם אַרום ניט באַנומען. ער האָט די אַמעריקאַנער גייסטיקע און אינטעלעקטועלע וועלט ניט באַנומען. ער האָט געקוקט אַרום זיך און נאָטירט — זיינע אייגענע מעשות. ראַבוים צאינה וראנה לשון איז געווען צוגעפּאַסט פאַר זיינע פּאַסטאַראַלע טיפּן, וואָס ער האָט געצייכנט מיט טאַלאַנט. אָבער ס'האָט אים לשון און פאַרב פאַרפעלט ווען די טיפּן זענען אין שטאָט געבליבן און זיי האָבן געדאַרפט רעדן און האַנדלען. דערפאַר קאָן ער אפילו היינט דעם „פּראָלעטפּען" מער ווי פערד ניט געבן. זיינע אַרבעטער און באַסעס זענען בלויז אָרעם. אויף די פּריירי און אין דאָרף האָט זיין טאַלאַנט געבליט. אין שטאָט און אין שאַפּ איז ער פאַרדאַרט געוואָרן.

איינגאַטאָוום העלדן פּאַלגן אויך אויס די געזעצן פון אייגענעם האַרץ נאָר אָן ראַבוים נאַאיוויטעט, אָן ראַבוים טאַלאַנט, ביי איינגאַטעוון איז אַלץ באַגלייט מיט רעטאָריק און רעציטאַציעס. זיינע העלדן אין „קעסל גרוב", „פּיבי" און אפילו אין זיין נייער טרילאָגיע קרעכצן עקספּאַנסיוו לירִיש. ווילן די וועלט איבערקערן אין אייגענעם האַרץ. און די האַנט אויפן האַרץ דעקלאַמאַטאָריש, וואָס פאַר אַ רייכע וועלט דאָרט איז זאָגן די העלדן זיינע. און איר גלויבט

זיי ניט. עפּעס רעדן זיי פון העכערע מאָראַל אָדער פון אַן עטיש לעבן. אָבער נישט זייערע אידייען זענען קאָנצענטרירט און נישט די וועלט וואָס זיי נעמען אויף איז וויזועל צוגענגלעך אַן אַנדערן מענטשן. זיי גייען אַרום מיט פּאָעטישע פּרעטענציעס ווי יינגלעך און מיינען, אַז קיינער פאַרשטייט זיי ניט. זיי האַלטן זייערע פּאָעטישע און מאָראַלישע דרשות אָנגעשריבענע אינם אויבערשטן קעשנדל פון זייערע רעקלעך ווי פּראָנטן האַלטן זיידענע טיכלעך מיט קאָלירטע שפּיצן, וועלכע בעטן זיך מ׳זאָל זיי אָנקוקן און באַוואונדערן. אין מידע, אפּאַטישע מאָמענטן פאַרברענגט מען מיט אזעלכע ליאַלקעס און מ׳לאָזט זיי פּלוידערן. זיי מאַכן טומל נישט מיט זייער שטאַרקן פעסטן טראָט. זיי גייען קיינמאָל נישט. זיי שוועבן אויף אַן אָרט. זיי זיצן אויף אַן אָרט און קלאַפּן מיט די הילצערנע אָפּצאָסן און שפּילן זיך מיט זייער גראַציעזקייט. מיט זייער אַנדערשקייט. קיין געשטאַלטן אָדער בילדער ווערן נישט געשאַפן פון אַזאַ מאַטעריאַל. איגנאַטעוו האָט נישט בלויז די וועלט אַרום זיך נישט געזען, ער האָט זי אויך אינטעלעקטועל נישט באַנומען. ער האָט קינדערלעך מיט בלויע אויגן, וואָס זוכן די לבנה, אָדער העלדן וואָס רעקלאַמירן „דאָס וואָס קאָן זיך ניט אויפהויבן זאָל בעסער פאַלן״. ער האָט געמיינט אַז פון זאַצן־שפּיל אָדער וואָרט געוועב ווערט ליטעראַטור געשאַפן. זיינע העלדן האָבן אַזוי געגלויבט, האָבן זיי אים אַלס אַמעריקאַנעם יידישן שרייבער געקרוינט. אַ פּאַפּירענע קרוין. זי איז, לכתחילה, געווען אַ צעריסענע, אַ ווערטלאָזע.

3

פאַרוואָס האָבן סיי די דיכטער און סיי די פּראָזאַאיקער מיט דער אויסנאַם פון אָפּאַטאָשו, לייוויק, האַלפּערן, יהואָש, ליעסין און שפּעטער לעיעלעס, קיין וויכטיקע ווערק ניט געשאַפן, קיין וויכטיקע געשטאַלטן אָדער אידייען נישט געמאָלן? איז די סיבה געווען בלויז די סביבה, דער שמעלץ טאָפּ פון אַלע יידישע געגנטן און קאַנטן מיט זייערע דיאַלעקטן און מנהגים וועלכע האָבן זיי צעטומלט? האָט דאָך מאַני לייב געוויזן, אַז ער האָט אַ חוש פאַר לשון און אַז אין אַ פאַרמאַכטן צימער קאָן ער פלעכטן און שפּינען פיינע אימאַזשן, טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך פאַרן דרויסן דערשראָקן? און דער באַגאַבטער ראַבוי פאַרוואָס האָט ער זיך דערשראָקן? פאַרוואָס האָבן זיי זיך דערפילט אַזוי אָפּגעריסן און איזאָלירט, אַז אפילו ווען זיי באַשרייבן שוין עפּעס פון אַמעריקע שטייען זיי פון דערווייטנס און האָבן זיך מורא דערצו צוצורירן. זיי באַשרייבן דאָס ווי אַ וואַנט־געמעל. עס קאָן דאָך ניט זיין בלויז סביבה. האָבן דאָך לייוויק און אָפּאַטאָשו לעבנדיק אין דער זעלבער סביבה, אפילו אין דעם זעלבן קרייז זיך געווענדט צו אַן אַנדער סביבה, צו דער פאַרגאַנגענהייט און פון דאָרט געבראַכט געשטאַלטן און אידייען, וואָס ווערן אייגן און נאָענט אַזוי שנעל ווי מען רירט זיך צו צו זיי. און זייער וואָרט קונסט — אַ פּעטיש ביי די יונגע — האָט דערפון גאָר נישט געליטן. פאַרקערט, אָפּאַטאָשו האָט פון די טיפסטע קוואַלן די רייכסטע און געזונסטע פּראָזע גענומען שרייבן. און לייוויק האָט די פיינסטע פּראָזע און דיכטונג אין געשיכטלעכן און לעגענדאַרן מאַטעריאַל אריינגעוועבט. עס מוזן דאָך זיין טיפערע סיבות, ריין אינדיווידועלע און סאָציאַלע, וואָס האָבן די אַנדערע שרייבער געהאַלטן פאַר'כישופ'ט אין צויבער פון די אייגענע זייפן בלאָזן. מיר דוכט, אַז די הויפּט סיבה איז אַ סאָציאַל עקאָנאָמישע, וואָס האָט זיך צוגעפּאַסט און האָט האַרמאָנירט מיט זייער טעמפּעראַמענט און מיט דעם מהות און כאַראַקטער פון זייער

טאַלאַנט און דערפאַרונג. די יידישע אימיגראַנטן, פון אַלע ארבע פינות העולם, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין וואָרצלען אין א באַשטימט טראַדיציאָנעל לעבן, האָבן דאָ דערפאַר לייכט, אָן עגמת נפש אוועקגעוואָרפן זייער פעדערדיקן באַגאַזש, ווען זיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער באַגאַזש שטערט זיי אין דעם נייעם לעבן. זיי האָבן אָנגעהויבן גלויבן, אַז זיי זענען באַלעבאַטים איבער זיך אַליין. זיי שמידן זייער אייגענעם שיקזאַל. זיי קאָנען ווערן די העכסטע און די רייכסטע אין דעם לאַנד פון אַלע מעגלעכקייטן. און כדי צו דערגרייכן מוז מען זיין פריי. פריי צו טאָן יעדע זאַך און דערפאַר דאַרף מען זיך אָפּזאָגן פון אַלערליי טראַדיציאָנעלע, איינגעזאַפּטע ירושות. אויך מוז מען גלויבן אין זיך אַליין. אין דעם אייגענעם כוח. מען מוז גלויבן, אַז איך און די באַפרידיקונג פון מיין יעדן פאַרלאַנג איז דער אלף־בית פון יעדער לעבנס־דערשיינונג. איך בין מייסטער און שאַפער פון מיין אייגענעם שיקזאַל. זיי, די אימיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אפילו אין אַלטן לעבן נישט געקאָנט וואָרצלען, זענען זיכער נישט בכוח געווען קיין נייע פילאָזאָפיע צו שאַפן. זיי האָבן זי טאַקע נישט געשאַפן. זי האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין יעדער פינסטערער קיך און אין יעדן ווילגאַטנעם אַלקיר אויף דער „איסט־סייד". זי איז אַהער אימפּאָרטירט געוואָרן פון דער ווייטער וועסט, וואו ברוטאַלער כוח האָט אין א באַשטימטער צייט רעגולירט דאָס לעבן. פון די ווילדערנישן פון אַלאַסקאַ האָט זיך די פילאָזאָפיע אָן אַן אַנטוויקלונגס פּראָצעס, איינגעבירגערט אין דער חושכ'דיקער „איסט־סייד". און וואָס אָרימער דער אימיגראַנט, אַלץ שטאַרקער איז ביי אים געווען דער גלויבן אין זיך און אין די אומבאַגרעניצטע מעגלעכקייטן פון אַמעריקע. עס איז אין דער אמת'ן געווען א שוין־מאַנטל פאַר זיין גאָלדענעם חלום וועגן אַמעריקע. ער זאָל זיך נישט פאַרקילן דער חלום. אָט דער שוין האָט אים געצוואונגען אָפּצולייקענען זיין טראַדיציאָנעלן באַגאַזש. קליינשטעטלדיק האָט ער עס גערופן אין פאַרגלייך מיט זיין ניי אַנטדעקטע פילאָזאָפיע, וואָס ער האָט באמת נישט באַנומען.

די יידישע דיכטער און נאָוועליסטן, מיט די פריער דערמאָנטע אויסנאַמען, האָבן זיך נישט געקאָנט אַריינרייסן אינם בבל פון יידישע

פעלקערשאַפטן און דיאַלעקטן און זען ווי דער אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ האָט אָפּגעווישט די אונטערשיידן. זיי האָבן אויך דאָס ריכטיקע לעבן נישט געזען. זיי האָבן געזען מאָנסטער־געביידעס, ריזיקע אינ־דוסטריען. אַן אַנדערע מאָראַל און באַציאונג צווישן מענטשן, אַן אַנדער לעבן — האָבן זיי זיך דערשראָקן. זיי האָבן מורא געהאַט זיך צו צורירן צו אָט די פרעמדע, שרעקלעכע אָביעקטן, זענען זיי אַוועק צו זיך און אָנגעהויבן באַזינגען מיט פּייפּלעך זיך אַליין, דעם פּאָעט אַלס קלאַס פאַר זיך. ער, דער פּאָעט האָט צו לאַנגע פינגער מיט זיי צו באַרירן די מגושמ׳דיקע וועלט. האָבן זיי דערפאַר שאָטנס באַזונגען. זיי האָבן אויך געגלויבט, אַז זיי זענען באַלעבאַטים איבער זיך אַליין. זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז זייער פּייפן ווערט נישט באַ־גלייט פון קיין חופּות און טענץ. זיי האָבן נישט געוואוסט, אָדער ניט געוואָלט וויסן, אַז זייער פּייפן איז נישט קיין רעאַקציע קעגן פריער־דיקע פויקן וועלכע האָבן געבאַראַבאַנעוועט. זיי האָבן פּייפּלעך גע־נוצט, ווייל זיי האָבן קיין כוח נישט געהאַט אַ גרעסערן און שטאַרקערן אינסטרומענט צו טראָגן. זיי האָבן זיך איזאָלירט נישט צוליב גבורה, נאָר צוליב שוואַכקייט. זיי האָבן זיך אָפּגעזונדערט און געשאַפן אַן אַטמאָספערע פון פינסטערניש אַרום זיך . אין דער פינסטער זענען די אימאַזשן און בילדער און די אידייען געוואָרן בלייכער, אויסגעצוי־גענער, לענגער און פאַרהערלעכט. אין דער איזאָלירטער פינסטערניש איז אַלעס אָנגעפילט געוואָרן מיט פּאַטאָס, מיט פּאַטעטישקייטן, מיט עקזאָטיק. מען איז געוואָרן ראָמאַנטיש מאַסאַזשירנדיק זיך. אין דער פינסטערניש איז מיט דער מיטהילף פון באַבעם געבוירן געוואָרן מאַני לייבס לידער, לאַנדוים עקזאָטישע פערזן, און אַ בלאָז־זאַק פון אייגענעם איך. ראָלניקס אָרימע בעריאָזקעלעך; אונטער פּאַרמאַכטע טירן האָבן דאָרט געשפּראָצט. איגנאַטאָוום פּיבים און ראבוים באַ׳חנ׳טע אַנטלויפער פון שטאָט. ראָזענבלאַטס נאַטור לידער. ל. מילער׳ס טענים לידער. בלויז דאָ און דאָרט טרעפט, אַז זיי פאַרשפּילן זיך מיט זייערע מיראַזשן ביז אינדערפרי און אַ פייף פון אַ פאַבריק וועקט זיי און ביים ליכט פון טאָג ווערט געשאַפן אַ ליכטיקע זאַך. ווייניק זענען די מאָמענטן, אָבער מען געפינט זיי ביי מאַני לייבן, ביי ראַבוי, ווייל זיי זענען טאַלאַנטפולע. די מאָמענטן ווערן בלויז אַקטיוו און ווירק־

זאָס ווען זיי באַפרייען זיך פון זייער הילפלאָזער אינטואיציע. און פאַרבינדן זיך דינאַמיש מיטן לעבן אַרום, די מאָמענטן קומען ווי אומגעריכטע בליצן, וואָס באַלייכטן אויף אַ מאָמענט דאָס גאָלד אין זייער טאַלאַנט. אָבער בדרך כלל רירן זיי דאָס לעבן נישט אָן. און דערפאַר איז די ווירקונג זייערע געווען אַזאַ שוואַכע. אַ קונסט־ווערק ווערט צוגעגלעך צו גרויסע מאַסן מענטשן ווען עס סימבאָליזירט אַזעלכע פאָרמען פון דערפאַרונג וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ גרויסע צאָל מענטשן, און די סימבאָלן ווערן קלאָר דורך אַזעלכע מעדיומס, וואָס זענען באַקאַנט און אַפּעלירן צו אַ סך מענטשן. זייערע סימבאָלן זענען געבוירן געוואָרן אין אַן אוהל, זענען זיי די מאַסן פרעמד געווען. זייער אייגענע פּאָעטישע דערפאַרונג איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען. דערפאַרונג איז נישט אַזוי דער ציל און צוועק פון קונסט ווי דער מאַטעריאַל פון קונסט. קונסט איז נישט דערפאַרונג. זייערע אימאַזשן האָבן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן נישט געקאָנט באַרייכערן. זייער דערפאַרונג איז געווען אַ באַגרעניצטע.

## 4

י. אָפּאַטאָשו, ה, לייוויק, און טײַלווייז, מ. ל. האַלפּערן, פּינסקי, חיימאָוויטש און שפּעטער ליעסין, יהואָש און לעיעלעס האָבן אויך אָן אַן אַמעריקאַנער יידישן אידיאָם שאַפן אָנגעהויבן. זיי האָבן אויך לכתחילה צוזאַמען מיט די אַנדערע יונגע סיי טעמאַטיק און סיי אַן אויסדרוק מעדיום געזוכט, אָבער זיי האָבן זיך נישט געלאָזט פאַר־פירן און פאַר׳כישוף׳ן פון דער פלעדערמויז. זיי האָבן מיט טאַלאַנט און באַוואוסטזיין זיך באַפרייט פון דעם איינזאַמען פינצטערן צי־מערל, און געשאַפן דעם רוקן־ביין פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. זיי האָבן דערהערט און דערפילט דאָס געשריי און דעם רוף פון דער יידישער אימיגראַנטן־מאַסע, זייער רוף אויסגעהערט צו ווערן. נישט אַלע זענען גלייך אַריינגעשפּרונגען אין דעם אַמעריקאַ־נער שמעלץ טאָפּ. אַנדערע, וואָס זענען אַריינגעשפּרונגען, האָבן זיך אָפּגעבריט און געשריען. אָבער אַלע זענען זיי אַנדערש געוואָרן. אַ פונק פון דעם געוועזענעם האָט געטליעט אין זיי. י. אָפּאַטאָשו און לייוויק האָבן אויך צום שטאַרקסטן דערהערט אין זיך דעם רוף פון י. ל. פּרץ, דעם רוף סאַר טראַדיציע און אייגנאַרט. זיי האָבן דערפילט דעם המשך פון יידישן לעבן און קולטור שאַפן און זיי האָבן אין דעם ווירוואר און כאַאָס פון דעם נייעם קרעפטיקן לעבן אין אַמעריקע דערזען מענטשן, פּראָבלעמען, ראַנגלעניש, אידייען און ליידן. אָפּאַ־טאָשו האָט געענטפערט דעם רוף אויף זיין אַרכיטעקטאָנישן, פּלאַס־טישן שטייגער און לייוויק אויף זיין לירישן דראַמאַטישן וועג, יהואש, ליעסין, מ. ל. האַלפּערן, שפּעטער לעיעלעס, האָבן געפּרואווט אויף זייער שטייגער געבן אַמעריקע און זיך. אָפּאַטאָשו האָט אי די מאַסע און אי די אינדיווידואַליזירטע פערזענלעכקייט דערזען און זי סקולפּ־טאַריש אוועקגעשטעלט. לייוויק האָט אומעטום דעם מענטש געזען מיט אַלע זיינע קאָמפּלעקסן, ראַנגלענישן און ליידן. אַרום זיי האָבן זיך ביי די פראַנזן אָנגעבונדן און נאָכגעלאָפן אַנדערע שרייבער און געהאָלפן אין דעם אויפבוי. זיי ביידע ווערן די פאַרלויפער און טאָנ־געבער פון אונדזער יונגער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. דורך

זיי קאָן מען זען די אַנדערע. דורך זיי קאָן מען מעסטן דעם וועג פון די אַנדערע. זיי זענען די פּאַראַוויסגייער. זיי מאַכן די קלאַפּטער טריט, אָפּאַטאָשו אין דער פּראָזע. לייוויק אין דער דיכטונג. זיי ווערן די מרגלים און זינגער.

עס איז אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש, אַז ביי אָפּאַטאָשון פעלן אינגאַנצן קינדער העלדן און אַפילו מאַמע העלדן, וועלכע וויינען און באַשיצן. קינדער העלדן ווערן געשאַפן אָדער אין אַ ניט רייפער ליטעראַטור, אָדער ביי שרייבער, וואָס קאָנען צוליב איין סיבה אָדער אַן אַנדערער זיך ניט רעהאַביליטירן אין לעבן, זיך צו פּאַסן אָדער זיי קאָנען נישט דאָס נייע אין לעבן געבן געשטאַלט אָדער פאָרמע צוליב סימפּאַטיעס אָדער קאָמפּליצירטקייט, נוצן זיי דאָס קינד אַלס פּאַס־פּאָרט אָדער קלאָפּ אין טיר. זיי זענען דאָ. זיי שאַפן. און דאָך זענען זיי אין דער אמת'ן נישטאָ. „מאָטל פּייסי דעם חזנ'ס", „האָקל־בערי פין" און „טאָם סאָיער" פון מאַרק טוויין, „יאָסעלע" פון די־נעגזאָן, „הערשעלע" פון מ. מ. ס. זענען אַלע אַ רעזולטאַט פון נישט קאָנען אָננעמען דאָס לעבן ביי די הערנער. בערגלסאָנס „פּענעק" איז אַ פאַרזוך זיך צו רעהאַביליטירן אין דעם נייעם לעבן אין ראַטן־פאַר־באַנד דורך אַ הינטערטיר. דאָס זעלבע איז אמת מיט אַלערליי מאַמעס ביי אַשן. די אַלע מאַמעס זענען מיטלען זיך אָנצוהאַלטן אין דעם לעבן אויפן לייכטסטן וועג, ביי דער מאַמעס פאַרטוך. דאָ קאָן מען אָפּטאָן אַלערליי נאַרישקייטן און באַשיצט ווערן. אָפּאַטאָשו איז גלייך אַריין אין לעבן און זיך גענומען צו גרויסע קאַנוועס און די־רעקט לעבן. רוי, אומגעהובלעט לעבן און עס גאַנץ געמאַכט. עס פאָרמע געגעבן. ער האָט זיך נישט גענדאַרפט אַריינרייסן אין לעבן דורך קינדערשע רייד און קינדערשע באַאָבאַכטונגען. קינדער זען, רעוואָלטירען און פּיעשטשען זיך. מאַמעס וויינען און פאַרדעקן. און אפשר זענען אימיגראַנטן־קינדער עמאָציאָנעל שטום געווען אָדער פאַרכאַפּט געוואָרן פונם אַמעריקאַנער טומל. אָפּאַטאָשו האָט געזען דאָס לעבן אין אַמעריקע און עס פאַרשטאַנען און געוואוסט ווי אַזוי עס צו אַראַנזשירן גאַנץ און דערוואַקסן. אַפילו אין זיינע ערשטע זאַכן פונם אַמעריקאַנער לעבן פילט זיך דער ווידערווילן צו מיניאַטור געביידעלעך. זיינע ערשטע אַרבעטן פילט מען זענען דער שטויס פון

א קאַביק, רוישיק לעבן. פון אָנהייבאָן הערט זיך די שטימע פון דעם מייסטער, דעם עפּיקער וואָס באַטראַכט דעם שטראָם פון דעם נייעם לעבן אין אַמעריקע אַלזייטיק. ער זעט דעם כאַאָס פון ברויזנדע מענטשלעכע אַפּעטיטן און קאָנפליקטן. פאַקטן און פאַקטאָרן קרייצן זיך, פאַרפּלאָנטערן זיך, רייסן זיך איבער. ער איז געגאַנגען צום ראַנד פון ניו־יאָרקער לעבן, כדי בעסער און גאַנצער צו זען.

וואָס זענען געווען די פּראָבלעמען סיי סטיליסטישע און סיי אידייאישע, וואָס דער אַמעריקאַנער יידישער קינסטלער האָט געמוזט בייקומען כדי צו שאַפן און פאָרמירן דאָס לעבן אַרום אים? עס איז נישט געווען קיין געזעצט לעבן מיט אָנגענומענע, איינגעפונדעוועטע טראַדיציעס און מנהגים. עס זענען נישט געווען קיין באַשטימטע גרופּעס און קלאַסן, וואָס האָבן געהאַט א באַשטימטן לעבנס שטייגער געבויט אויף טראַדיציע און דערפאַרונג. אַלע לעבנס פאָרמען און פילאָזאָפיעס האָבן זיך געקרייצט און געפּלאָנטערט. עס איז געווען א פיבערהאַפטע באַוועגונג איבערצובויען, איבערצומאַכן. אָן פּלאַן, אָן אַן אויסגערעכנטן באַשטימטן ציל. פיבערהאַפטע באַוועגונג, גלאַט אין דער וועלט אַריין. צו די הימלען. מען האָט זיך געריסן און געבויט. ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן (מ'איז אין דער אמת'ן קיינמאָל ניט פאַרטיק געוואָרן) אָדער ווען מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט כאַפּן דעם אָטעם און מ'האָט א קוק געטאָן, האָט מען געזען, אַז לעבן ריזיקע געביידעס האָבן זיך צו זייערע קנעכל געטוליעט קליינע הילצערנע הייזלעך. חורבות מיט אַרויסשטאַרטשענדע קוימענס. דער פּראָצעס איז געווען א מאַטעריעלער, אַזוי גוט ווי א גייסטיקער ווי זאָגט וואַן וויק ברוקס: „דאָס טראַגישע אין א סביבה, וואָס איז אַזוי כאַאָטיש און פאַרכאַפּנד איז וואָס מיר שרייבן איר צו די מאַיעסטעטישקייט פונם שיקזאַל זעלבסט, כדי זיך אַליין צו ראַ־טעווען. מיר האַמערן אויף די באַדינגונגען, וואָס שטערן אונדז, מיר נעמען זיי אַרום מיט ליבע כדי צו אַנטלויפן פון באַטראַכטן אונדזער אייגענעם פערזענלעכן אונטערגאַנג". עס איז געווען כאַאָס און א צו־מישונג פון ווערטן, אָבער נישט ווי בערגלסאָן, זינגער, וואַרשאַווסקי און האַראַנטשיק האָבן באַשריבן אַן ענלעכן צושטאַנד אין אייראָפּיי־איש אידישן שטעטל אַלס א פּועל יוצא פון דעגענעראַציע און פאַנאַנ־

דערפֿאַל פֿון א באַשטימטן לעבנס שטייגער. ביי אונדז איז דער כאַאָס געווען א רעזולטאַט פֿון אַן איבערפֿלוס פֿון ענערגיע, פֿון צופֿיל לעבנס־זאַפֿט. שאַטנס זענען געבוירן געוואָרן ביי אונדז נישט אין שקיעה, נאָר פֿון צופֿיל זונשיין און פֿון צופֿיל ווילן. נישט גע־צאַמטער ווילן. ווילן נישט קאָנטראָלירט פֿון עטישע אָדער טראַדי־ציאָנעלע ווערטן. גיכער כוח ווי ווילן. אין אַזאַ סביבה פֿאָרמירן א קינסטלערישע פּערזענלעכקייט און האַמערן מאַטעריאַל אין א באַ־שטימטער פֿאָרמע, איז ווי ווערן א לייבן צאַמער. אין אַזאַ סביבה זיך אָפּגעבן מיט עטישע ווערטן איז זיין א ריז. און די ערשטע קינסטלערישע פּערזענלעכקייטן אין אַמעריקע, וואָס זענען געזעגנט געוואָרן פֿון דעם ארומיקן מאַטעריאַל, כדי אים איבערצושאַפֿן און זענען שפּעטער געשטויסן געוואָרן זוכן העלדן און אידייען אין דער יידישער געשיכטע, אין דער יידישער נאָענטער און ווייטער פֿאַר־גאַנגענהייט זענען געווען י. אָפּאַטאָשו, ה. לייוויק, טייללוויז, מ. ל. האַלפּערן, לעיעלעס, יהואש, ליעסין, פּינסקי און חיימאָוויטש.

אינגאַנצן עקסקורסיעס אין פּראַג אָדער אויף די בערג זענען געווען אינטעלעגענטעשע שיין שרייבעריי. אַן שיכות צום לעבעדיקן לעבן און זיינע פּראָבלעמען. ראַבוים אויספֿלוגן אויפֿן לאַנד זענען גיכער געווען וואַקאַציעס פֿון מידע און קראַנקע מענטשן, וואָס פֿאָרן זיך ערהאָלן, אָפּרוען, און ווי פֿיינערע מענטשן נעמט מען מיט א ספֿר כדי צו האָבן אין וואָס אַריינצוקוקן צווישן מאָלצייטן. מען טוט עפּעס פֿאַרן גייסט. ווייל נאָכאַלעמען איז מען דאָך עפּעס א מענטש. עס איז אינטערעסאַנט, אַז דווקא דאַן ווען אין אַמעריקע איז אָנגעגאַנגען אַן אימיגראַציע פּראָצעס פֿון דאָרף אין שטאָט אריין, ספּעציעל אין אָנהייב פֿון די מלחמה יאָרן, ווען מען האָט אין שטאָט געצאָלט גרויסע שכירות, לאָזן זיך ראַבוים יונגעלייט אין דאָרף אָדער צו דער פּריירי זיך שפּילן מיט פֿערד אָדער מיט קאַרטאָפֿל. כאָטש ס׳איז שווער צו באַשטימען די צייט ווען ראַבוים יונגעלייט חנ׳דלען זיך אויף דער פּרייער פּריירי. פֿאַר י. י. שוואַרצן איז דער פּראָצעס נאַ־טירלעך. מיר ווייסן די צייט און דאָס אָרט ווען און וואו יידן שאַפֿן א ישוב. אַזוי, אַז „קענטאָקי” איז א געזונט און קרעפֿטיק ווערק וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע. ביי ראַבוי איז עס צופֿאַל און

אַנדערשקייט. כאָטש ער האָט אַ פיינעם זיננגדיקן טאַלאַנט, אָבער זייער באַגרעניצט אין אינטעלעקט. פּרימיטיווער כוח. וואָס האָט אַפּאַטאָשו געזוכט און וואָס האָט ער געפונען אין ניו־יאָרק? דאָ זענען אַלע „איבעריקע" מענטשן אריינגעכאַפּט געוואָרן פון דעם לעבנס שטראָם, פון דעם שנעלן טעמפּאָ. זיי ווערן פאַרכאַפּט פון דער לעבנס דינאַמיק און האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען פּאָזיציעס. אַלערליי בינוש רובינשטיינס, פליגלמאַנס, מלכ'ס, מערים. די דריי פּייען און די דעקלאַסירטע אינטעליגענטן זענען דאָ געוואָרן אָדער פּראָפעסיאָנאַלן, סוחרים אָדער גוטע אַרבעטער. בדרך כלל האָבן זיי זיך שנעל אַקלימאַטיזירט און אַדאַפּטירט. זיי האָבן אַקצעפּטירט אָן אַן אידייען־קאַמף דעם פּלאַכן אַרום. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט גלויבן, עס איז נישט געווען קיין רעזולטאַט פון דערפאַרונג, אַז דאָס לעבן האָט באַשטימטע אייזערנע געזעצן אונטער וועלכע מען מוז זיך אונטערוואַרפן. זיי האָבן דערפאַר אָנגענומען יעדע פּלאַכע נאַרישקייט, אַלס אַ לעבנס געזעץ. זיי האָבן קיין כוח נישט געהאַט באַקעמפן אָדער מאָדיפיצירן געזעצן. זייער גאַנצע גייסטיקע ענערגיע האָבן זיי אויסגענוצט צו קאָנטראָלירן די אינטואיטיווע לירישע קרעכצן, וואָס זענען געבליבן פונם אַמאָל, די גוטע זאָרגלאָזע טעג פון אַמאָל. אַזוי, אַז דאָ האָבן זיי איין גרויסן זיפץ געגעבן, איין קרעכץ אויף דער גלאָררייכער פאַרגאַנגענהייט און אָנגענומען דאָס אַרומיקע אַזוי ווי עס שטייט און גייט. אָן גייסטיקער אָדער עטישער דיסקרימינאַציע. זיינען זיי ממילא געוואָרן נאָך בלאַסער און אינ־האַלטסלאָזער. כאָטש פעטער און זאַטער ווי פריער. אַזעלכע מענטשן האָבן נישט געדאַרפט קיין קינסטלער, וואָס זאָל זיי קרעאַטיוו מאָלן. זיי האָבן געדאַרפט אַ נאָטאַר מיט נאָטיץ־ביכל, וואָס זאָל פּשוט פאַרנאָטירן און רעגיסטרירן ענדערונגען אין אַפּאַטישע באַשעפענישן. עס איז נאַטירלעך דעריבער, אַז אַזעלכע מענטשן האָבן נישט געקאָנט רעגן און סטימולירן אַזאַ פול־בלוטיקן ערדישן קינסטלער ווי אַפּאַטאָשו, וואָס האָט ליב צו דערציילן אַ מעשה. וועגן זיי איז נישט געווען וואָס צו דערציילן. זיי האָבן קיין מעשה נישט געהאַט, זיי האָבן געהאַט בלאָס בלויע, קוים מערקבאַרע, שאָטנדיקע זכרונות. די יונגע לייט, וואָס האָבן קליינערהייט געהאַט צוויי פאַרלאַנגען, ווי

דאָס יינגל אין פּרץ'עס שטעטל. נעמלעך, די לבֿנה זאָל ווערן אָביסל גרעסער, און א „שטשיפּיער" אַלע פּרימאָרגן אויף אָנבייסן, האָבן דאָ אין די „שטשיפּיער" פאַרגעסן, ווייל זיי האָבן געהאַט ווייסע חלה און טעפּ מיט פלייש און אויף דער לבֿנה האָבן זיי מער נישט געקוקט, און ס'האָט זיי נישט געאַרט, וואָס די לבֿנה קומט אָפּ פאַר אירע אַמאָליקע זינד, ווייל דאָ האָבן זיי מער ניט געקוקט אינדערהויך נאָר זיי האָבן געקוקט אַרום זיך צו פאַרדינען און ווערן מיט לייטן גלייך. האָט דערפאַר אַזאַ ערדישער, געזונטער שרייבער מיט ברייטע נאָזלעכער, וואָס דערשמעקט קרענקלעכע ריחות און פוסטקייט פאַר מיילן זיך אָפּגעקערט פון זיי. בכלל זענען די מענטשן געווען שטומע, אָן א קול. זיי האָבן קיין לשון נישט געהאַט, קיין גייסטיקע ווערטן אודאי ניט. זייער גאַנצער באַגאַזש איז געווען אָביסל רוסישע אָדער פוילישע לומדות גענאַשט פון ביכלעך וואו מ'האָט אַמאָל אַריינגע־קוקט, א שטיקל פיאיקייט צו פשט'לעריי און א ידיעה אין די ווייטקייט פון די הימלישע ספערן, און א גרינגשעצונג צו יידיש אָדער „זשאַרגאָן", ווי זיי האָבן דאָס גערופן. זיי האָבן אויך געהאַט א גרינגשעצונג צו טראַדיציאָנעל יידיש לעבן און יידישע ווערטן. אַזעלכע מענטשן מאָלן פון אינעווייניק האָט מען באַדאַרפט זיין א בטלן און פינגער־קנאַקער. קיין יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז ניט געווען. א פאַראַנטוואָרטלעכע געזעלשאַפטלעכע מיינונג פאַר וועלכע איר זאָלט דאַרפן אָפּגעבן א דין־וחשבון, צו וועמען זיי זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך. קיין קלאָר פאָרמירטע קלאַסן אָדער גרופן זענען נישט געווען. עס איז געווען אָביסל אימיגראַנטן־פּראָטעסט, האָבן אים באָוושאָווער און ראָזענפעלד אַרויסגעשריען אין דער דיכ־טונג און ליבין און קאָברין אין דער פּראָזע.

נאָך 1905 האָט זיך דער פּראָטעסט רואיק איינגעבירגערט און זיך פאַרוואַנדלט אין געמיטלעכער צופאַסונג אָדער אין בילדער און לידער וועגן יענער זייט ים, וואו ס'זענען א רעוואָלוציע און פּאָגראָ־מען פאָרגעקומען. אַמעריקע איז נאָך אַלץ געווען דאָס לאַנד פון גרויסע, כאָטש באַגרעניצטע, מעגלעכקייטן. אָבער די לעגענדע וועגן די מעגלעכקייטן האָט פאַרפירט און איינגעוויגט. די אַרבעטער ביי די מאַשינען האָבן גע'חלום'ט וועגן דער אַלטער היים, אָדער זיי

האָבן גע׳חלומ׳ט וועגן אָפּשפּאָרן גענוג געלט און זיך אַרויסרייסן פונם מאַשינאָוון גיהנם, אָדער זיי האָבן געטרוימט וועגן אַ קראָם מיט שפּע און זין — דאָקטוירים, טעכטער — לערערנס אָדער סטענאָגראַפיסטן. ליבין און קאָברין האָבן בלויז די איינגעבויגענע רוקנס געזען, ראָזנפעלד האָט אויך דעם שוויים אויף די פּנימ׳ער געזען. ליבין און קאָברין זענען זיי נאָכגעגאַנגען אַהיים, האָבן זיי דערוויל די רוישיקע פּרעמדע גאַסן געזען און אינדערהיים — די קיך, דעם אַלקיר, די ווייבער מיט די קינדער, און דאָס אַלץ געמאָלן אין געדיכט שוואַרצע פאַרבן. זעלטן אַן אַנדערע קאָליר. אַפילו אַ יום־טוב־טאָג איז קיינמאָל נישט דורך גלאַטיק. אַן עפּעס, אַ צופאַל, אַ קריגעריי, וואָס זאָל איבעררייסן דעם שטילן פלוס פון דעם זונטיק. אומעטום די געבויגענע פּלייצעס, דער געבויגענער רוקן, דער אָרימער אַרבעטער. דאָס האָבן זיי געפּאַרבט. נישט קיין מענטשן, אַפילו נישט קיין אַרבעטער האָבן זיי געמאָלט מיט אַ ספּעציעלער אידעאָלאָגיע און וועלט־אָנשויאונג, געבוירן און גענערט אין ספּעציעלע אומשטענדן מיט ספּעציעלע דערפאַרונגען. זיי האָבן געמאָלן אָפּערייטאָרס, פּרעסערס און פינישערס און זייער אומגליקלעכע צייט. נישט לעבן. אָרימע וואוינונגען, קאַרגע פאַרגעניגנס, אָפטע סטרייקס, אָבער אַלץ ברעקלעך און שטיקלעך. נישט קיין מענטשן. סעמס און טשאַרליס. אָפּאַטאָשו מיט זיין קינסטלערישן חוש פאַר גאַנצקייט, פאַר פּאָרטרעטן מאַלעריי, האָט דאָס געזונטע און גאַנצע געזוכט און דאָס געפונען אין דער ניו־יאָרקער געטאָ, נישט אין שאַפּ, וואו מענטשן זיצן איינגעבויגן, איז ער לכתחילה געגאַנגען זוכן די אַריבערגעקומענע אימיגראַנטן, נאָר אין קאָך פון ניו־יאָרק. די געטאָ איז געווען צוגעפּאַסט צו זיין קולטור און קונסט־ירושה און צו זיין קינסטלערישן מהות. די ניו־ניו־יאָרקער געטאָ, נישט אין שאַפּ, וואו מענטשן זיצן איינגעבויגן. רויקייט און נאַטירלעכקייט פון מענטשלעכע אינסטינקטן, עמאָציעס, און גלייכצייטיק האָט עס באַפרידיקט זיין נייגעריקייט נאָכצוגיין די רוסיש־פּוילישע יונגעלייט און מיידלעך דאָ אין אַמעריקע, און זען וואָס פאַר אַ הויט זיי האָבן געקראָגן אין דעם אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ. אין דער געטאָ האָט מען געקאָנט זען, וואָס פון זאַנוולען פון „פערד־גנב" איז געוואָרן.

## 5

אָפּאַטאָשו איז אַ שרייבער נישט פון עפּיזאָדן, אינצידענטן, עסקיזן, אָדער מאָטיוון. ער שרייבט מעשות, דערציילונגען. עס מוז זיין אַ פּאַבולע, עפּעס אַן אָפּגעריסענע אָבער כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונג אין דעם לעבן פון דעם געגעבענעם העלד, ווי אַן אָפּגעריסן אבר פונם קערפּער. אַ חוץ דעם איז אָפּאַטאָשו אַ נאַטוראַליסט מיט עקסטאַז. ער ווערט באַגייסטערט פון פּולסירנדיק בלוט, פון געזונטע מוסקולן, פונם בלאָזן פון ווינט, פון געדיכטע וועלדער, פון אַ בראָדעווקע, פון גנאָז, פון אַלץ וואָס איז נאַטירלעך. און דערפאַר איז די ניו־יאָרקער געטאָ געווען פאַר אים ווי צוגעפּאַסט. דאָ האָט מען נישט באַדאַרפט נעמען אַן אינערלעך געפיל אָדער שטימונג און עס פאַנאַנדערבלאָזן אין אַ וועלט־אידייע און פּרואוון, סינקרעטיזירן און שרייבן דיסערטאַציעס. דאָ האָט מען נישט באַדאַרפט געבן קיין שקיעה אַלס קאָנווע פאַר אונטערגאַנג מיט די גאַנצע קלאַפּערגעצייג, קאָלירן און טענער. דאָ האָט האַנדלונג קאָנטראָלירט דאָס טראַכטן. די העלדן זענען עקסטראַווערטן. זיי ווערן גערעגט פון אויסערלעכע געשעענישן און אפשר דערפאַר זענען אָפּאַטאָשוס העלדן פון דער ערשטער עפּאָכע פול מיט העלדישקייטן און גבורות. זיי ווערן נישט באַגרעניצט פון אינערלעכע רעפלעקסיעס און קאָנפליקטן. זיי אַקומולירן פּאַסירונגען, געשעענישן, און פאַרוואַנדלען זיי ניט אין דערפאַרונגען דורך איבערלעבן זיי אויפדאָסניי אינערלעך. זיי גייען פון איין איבערלעבונג צו דער אַנדערער מיט דיזעלבע טריט, געטריבן פון אימפּולסן אָדער אַפּעטיטן. ספּעציעל איז דאָס אמת בנוגע זיינע העלדן אין „פון ניו־יאָרקער געטאָ" און „אין דעם ראָמאַן פון אַ פערד־גנב". און אַפילו אין „היברו", וואו דער הויפּט־העלד, דער יידישער דיכטער גרין, מאַכט אַן איינדרוק לפּנים פון אַ ריין רעפלעקטיוון העלד, וואָס צעברעקלט און אַנאַליזירט דערפאַרונגען. אפילו גרין איז אין עצם אַ מענטש פון טאַט. נישט מער. זיין וועלט איז אַ טאַטלאָזע וועלט. זיין וועלט איז אינטערגעוואַרפן שטאַרקערע געזעצן ווי זיין טאַט. דאָס טאָן זיינס געפינט אַ שוואַכן עכאָ, ווייל

די וועלט וואו ער געפינט זיך איז אַ לײדיקע, זי סטימולירט נישט און טרײַבט נישט צו גײַסטיקע הייכן.

אַלע אַפּאַטאָשום העלדן אין דעם פּעריאָד, ווען ער האָט אין זיך גובר געווען פּרצ'ם „צווײ בערג" און אַש'ס ייִדענע, שטעטלדיקע קאָלדרע, וואָס האָבן אים מסתמא, ווי יעדן אַנדערן ייִדישן שרײַבער, געלאָקט אי מיט דער שענקייט אי מיט דער סכעמאַטישקייט, ווען אַפּאַטאָשו איז דאָס בײַגעקומען האָט ער זיך גענומען צו ברייטקייט און פלאַך לאַנד און האַרטע ברוקירטע ערד. אַלע זײַנע העלדן פון יענער צייט זענען רויע. אָן טראַדיציע. זיי שטייען האַרט בײַ דער ערד. לעבן מיט בלוט גיכער ווי מיט נערוון. מיט ווינט גיכער ווי מיט זון. אַפּאַטאָשו מאָלט זיי מיט זייער אייגענער פאַרב. ער סינטעטיזירט זיי נישט, ווײַל זיי זענען נאָך נישט קיין טעזן. זיי זענען רויע שטיקער לעבן. אויף זיי ליגט דער חותם פון גרויסע געביידעס, וואָס מען טראַכט וועגן זיי ניט. מען פאַרייסט בלויז צו זיי דעם קאָפּ און מען באַוואונדערט און מ'ווערט פון זיי געטריבן. מען זעט אין זיי אַן אָפּשפּיגלונג פונם אייגענעם ווילן. אַ צוועק־לאָזער רייסן זיך אינדערהויך. די העלדן פון די אַנדערע פּראָזאַ־איקער אין יענער צייט, איגנאַטאָווס העלדן, האָבן אויך געקוקט אינ־דערהויך און זענען איבערראַשט געוואָרן. זיי האָבן אָנשטאָט גע־ביידעס פייגל געזען. זיי קלאַפּן מיט די פליגל און פּישטשען. און די העלדן זײַנע האָבן אָנגעהויבן רעזאָנירן און ראָמאַנטיזירן אָדער זיך דערשראָקן און זענען אַנטלאָפן. איגנאַטאָוו ווערט באַהערשט פון זײַנע העלדן און ווערט סטימולירט פון זיי, ווײַל אין דער וועלט פון לופטיקער, איבערערדישער, פייגלדיקער ראָמאַנטיק זענען די העלדן מער באַלעבאַטים און דעה־זאָגערס, ווי זייערע שאַפער. אַפּאַטאָשום העלדן לעבן אין אַ רעאַלער אייגענער וועלט, און דער־פאַר באַהערשט ער זיי מיט זײַן שעפערישן ווילן. זיי קאָנען זיך ניט רייסן און טאָן עפּעס, וואָס דריקט ניט אויס זייער אינערלעך וועזן, זייער קינסטלערישן און מענטשלעכן מהות. זיי פאָלגן באַ־שטימטע געזעצן. אַפּאַטאָשו האַלט זי אין האַנט און באַהערשט זייער יעדן ריר און באַוועגונג. ער קאָן זיי און קאָן זייער סביבה, ער ווייסט אויך זייער אָפּשטאַם און גײַסטיקע עשירות.

אין וואָס פאַר א וועלט לעבן אָפּאַטאָשוס העלדן? פונוואַנעןl שעפּן זיי זייער לעבנס זאַפט? איז דאָס לעבן זייערס בלויז א צו־פּאַסונגס פּראָצעס אָדער א רעזולטאַט פון א באַשטימטער פילאָזאָ־פיע? די אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט און געגנוואַרט האָבן פאַר דעם אַמעריקאַנער שרייבער אָוועקגעשטעלט דריי וויכטיקע סאָציאַלע כוחות, וואָס האָבן פאָרמירט דאָס מענטשלעכע דענקען און פילן. א) געשעפט. גיין פון א קלענער געשעפט צו א גרעסערס. פון איין געשעפט צו א קייט פון געשעפטן איז געוואָרן די מאָס צו מעסטן פּיאַיקייט. ב) די שנעלע, פיבערהאַפטע אינדוסטריעלע אַנטוויק־לונג פון אַמעריקע, נאָכדעם ווי די „פרייע וועסט” איז פאַרמאַכט געוואָרן האָט פריי געלאָזן אַלע אונטערדריקטע געפילן, אַלע פאַר־כאַפּנדיקע אינסטינקטן מיט די באַגלייטנדיקע קאַמפן צווישן מענטש און מענטש, צווישן מייסטער און אַרבעטער. ג) די פאַרבינדונג און זייער נאָענטע קרובה׳שאַפט צווישן פּאָליטיק, רעגירונגס אַמטן און דעם קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט. קאַפּיטאַל קאָנטראָלירט די רעגירונג אָדער איז די רעגירונג. און ביי אונדז אימיגראַנטן איז צוגעקומען א פערטער כוח — דער פאַרלאַנג זיך צו צופּאַסן, אָק־צעפּטירן די ברוטאַלע פילאָזאָפיע איינגעשלונגען ווערן פון דעם אָרום און פאַרגעסן דעם אַמאָל, אין זייער ווייניק ווערק פון יענער צייט שפּיגלען זיך אָפּ אָט די כוחות און קאַמפן. אין דעם לעבן פון די יידישע אימיגראַנטן זענען די אַלע כוחות נישט געווען אַקטיוו. וואָס פאַר א ווירקזאַמע פאָרמירנדיקע כוחות רעגולירן דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן אין דער ניו־יאָרקער געטאָ, וועלכע אַמביציעס און אידייען קאָנטראָלירן זייערע האַנדלונגען און געבן דעם הויפּט טאָן צו זייער לעבן? זענען בכלל געווען גרויסע קאָנ־פליקטן און טראַגישע ווידערשטאַנדן צו דער סביבה? ביי אָפּאַ־טאָשון זען מיר מענטשן, וואָס ווערן געטריבן פון אַנימאַלישע אינ־סטינקטן און וויטפּירנדיקע אַמביציעס. פרייהייט אין דעם נייעם לאַנד ווערט נישט קיין דעצודירנדער אינטעלעקטועלער כוח זיך אַליין איבערצומאַכן און באַווירקן די אַרומיקע וועלט. זיי ווערן באַהערשט פון צוויי כוחות, וואָס קריגן א פרייע בינע זיך אויסצו־שפּילן אומבאַגרעניצט און אומגעצאַמט פון טראַדיציע און א מאָראַ־

לישן קאָדעקס. ליבע און געשלעכט לעבן זיך אויס פריי אין דער פרייער סביבה. פאַרלאַנגען און פּלענער איבערצושטייגן און אריבער־צויאָגן דעם קעגנער, וועלכער שטייט אין וועג ווערט כמעט א גזזעץ. אַלטע תורות אָבער אויף נייעם פאַרמעט געשריבן. אַלטע מאָטיוון, און דאָך איז עס דער ערשטער אַראָמאַט פון עכט ניו־יאָרקער יידיש לעבן, וואָס האָט זיך געלאָזט פיקסירן און וואָס האָט ביי אָפּאַטאָשון געקראָגן סטרוקטועלע גאַנצקייט. אָרימער מאַטעריאַל, און דאָך זען מיר סימנים, גענעטישע סימנים פון דעם געבורט פון א באַשטימטן טיפּ לעבן, א לעבן, וואָס האָט בלויז געקאָנט געבוירן ווערן און גע־דייען אין אַמעריקע. בלויז דאָ, וואו קיין צוימען זיינען נישט געווען איז אַלעס מעגלעך געווען פאַר דעם, וואָס האָט געוואָגט. צי די טרייב כוחות זענען געווען אינערלעכע צי אויסערלעכע, דאָס היימישע הפקר'דיק לעבן אויף נייעם באָדן.

דאָס קוילער געסל אין אַמעריקע. דאָס אַמעריקאַנער קוילער געסל לעבט נישט מזיו השכינה ווי אין דעם קליינעם פּוילישן שטעטל. עס לעבט נישט פון גייסטיקע און קולטורעלע ברעקלעך און קריזש־קעס, וועלכע עס קריגט פון גביר צוזאַמען מיט פּעטש און באַליידי־קונגען, און וואָס עס נעמט אָן אַלס א טייל פון סדר העולם. דאָס אַמעריקאַנער קוילער געסל האָט געהאַט בלוט, מוסקלען און תאוות און קיין אַנדערע מאָס מיט וואָס צו מעסטן און וועגן א גערעכט לעבן. אונדזער קוילער געסל האָט געהאַט אַנשטאָט דאָס קליינע שטעטל די ריזיקע שטאָט ניו־יאָרק אַלס הינטערגרונט וואו עס האָט געקאָנט פאַנאַנדערשפּילן אירע לעבנס אַפּעטיטן. אָפּאַטאָשו האָט דער ערשטער דערזען דעם נייעם העלד אויפן נייעם באָדן. סעם דער העלד פון „אין ניו־יאָרקער געטאָ" איז א איד, וואָס שטאַמט פון קוילער געסל, אָבער זיין יידישקייט איז בלוט יידישקייט. ער האָט ניט קיין דרך ארץ פאַר קיין באָרד, גרוי אָדער שוואַרץ. ער שרעקט זיך ניט פאַר דער מזרח־וואַנט. ער האָט פיינט יידישע זמירות, ניגונים. ער לאַכט פון דעם, ווי יידן רעדן ענגליש. ביי אים איז עס פאַרבונדן מיט זייערע אַמאָליקע ווערטן, וועלכע זענען ווערטלאָז אויפן נייעם באָדן. און בכלל האָט ער ניט קיין געוואַלדיקע באַציאונג צו גייסטיקע און קולטורעלע ווערטן. אויך צו מאָראַלישע ווערטן האָט ער א קנאַפּע

באַציאונג. ניט אַז ער איז אוממאָראַליש. ניין, ער מאַטערט זיך ניט מיט דער פּראָבלעם. ער איז אַמאָראַליש. און אַט דער שטריך מאַכט אים פאַר אַ ריין אַמעריקאַנער פּראָדוקט. — דאָס קוילער געסל אין אַמעריקע, פּונקט ווי דער אַמעריקאַנער אינדוסטריאַליסט, פּאָלי־טיקער, און אַפילו אַרבעטער פירער האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין מיטלען אַבי צו דערגרייכן זייערע צוועקן, אַזוי האָט אויך סעם געגלויבט אַז אַלע מיטלען זענען כּשר. קליינע קייען וואָס גרויסע שפּייען, די פילאָזאָפיע האָט זיך דורך באַהאַלטענע רערן אַריינגעריסן אין דער איסט סייד און געפונען אַ וועג צו סעמ׳ס בלוט. פון די זעלבע קוואַלן קומט אויך סעמ׳ס פאַראַכטונג פאַר מענטשן, וועלכע גלויבן אין ערלעכע אַרבעט, שטייען אויף יעדן פרימאָרגן פּינקטלעך צו דער אַרבעט. ער טראַכט, אַז זיי האָבן ניט קיין אַמביציעס און קיין כּוח צו לעבן אַ לייכט לעבן אָן אחריות און אָן אַ באַשטימטן ציל. אַפילו דעם נעגערס לייכטע באַציאונג צו גאָט אין דערזעלבער נאָוועלע און זיין דרשה אין „סאַלון” איז אויך אַ פּועל יוצא פון די טראָפּנס אַמעריקאַנער לעבנס פילאָזאָפיע, וועלכע האָבן אַריינגעדרונ־גען אין די געטאָ ווינקלעך. יענע וואָס האָבן די פילאָזאָפיע געשאַפן האָבן איר געדאַרפט אַלס אַ ראַציאָנאַליזאַציע פאַר זייערע „העלדישע” גניבות אָבער אונדזערע פעדעריקע און לופטיקע חברה אויף דער איסט סייד נעמען זי ערנסט איבער און לעבן טאַקע מיט איר, אַפילו מר. פּאָלאַק, וואָס איז פּרעזידענט פון אַ שול האָט זייער ווייניק באַציאונג צו יידישע טראַדיציאָנעלע ווערטן אָדער צו קולטור ווערטן בכלל. מיסעס ריטש און דער אַלטער משה — אַלע זענען זיי קרבנות פון פליענדיקע פונקען פון אַן אַמעריקאַנער וועלט אַנשויאונג, וואָס האָט זיך צו זיי אַריינגעכאַפּט אין אויג און האָט אַ קוים באַמערקבאַר פייערל אָנגעצונדן. און מיט דעם לעבן זיי און מיינען אַז ס׳איז דאָס אמת׳ע פייער. אָבער דאָס אמת׳ע פייער וואָס האָט די אַמע־ריקאַנער פילאָזאָפיע פון כּוח און אומבאַגרענצטע מעגלעכקייטן, גע־וואָרימט, האָבן זיי קיינמאָל ניט געזען. און אפשר זענען זיי בלויז פלאַכע, ראַנדיקע לעבנס גרופּעס, וועלכע וואַקסן אויף דער אויבערפלעך פון דער ערד און ווערן דערפאַר באַאיינפלוסט פון יעדער אויסערלע־כער דערשיינונג. און דערפאַר שפּיגלען זיי אָפּ אויף אַ וואולגאַרן

אופן די איידעלע, ראַציאָנאַלע, אידעאָלאָגיש באַגרינדעטע לעבנס פילאָזאָפיע, יעדנפאַלס פאַר זיך, ווייל זיי מוזן זי האָבן.

די גאַנצע נאָוועלע דרייט זיך אַרום אַ קאַפּריזנער מיידל, וואָס האָט אַ סך בלוט און קאָן ניט אָדער וויל ניט עס איבערזעצן אין באַוואוסטזיניקע, צוועקמעסיקע מעשים. שפּילט זי זיך אין ליבע, גייט מיט איין בחור, רייצט אים, צינדט אים אָן דאָס בלוט און וואַרפט אים אַוועק. רעגט אָן אַנדערן און וואַרפט אים אַוועק. רייצט איין בחור קעגן אַנדערן און ס'ווערן געשלעגן. די גאַנצע האַנדלונג שפּיגלט זיך אָפּ אויף צוויי אומזיכערע פלאַכן — אַ מיידלס ליבע און אַ קענדי סטאָר. פּאָלין, די העלדין איז אַ פאַרלויפערן פון דער טענעמענטן אין „אַרום גרענד סטריט" זייער אַנדערשקייט, דער שפּאַן אין זייער אַנטוויקלונג און אין זייער ווירקונגס קרייז שפּיגלט אָפּ אָפּאַטאָשעס אַריינוואַקסן אין אַמעריקע און זיין ליטעראַרישע אַנטוויקלונג. דער זע קרייז וואָס זיין קינסטלעריש אויג כאַפּט אַרום ווערט גרעסער און דער אידייען קרייז ווערט ברייטער און טיפער. די העלדן, וואָס דרייען זיך אַרום מיסעס ריטשעס קענדי סטאָר זענען נאָך דערוויל ווילד־גראָז־געוויקסן אין אַמעריקע. געגערט פון צופעליקע ווינטן און רעגנס. זיי האָבן נאָך ניט קיין טיפע וואָרצלען אין דעם אַמעריקאַנער לעבן. זיי נעמען איבער בלויז אויסערלעכע איינפלוסן. זיי ווערן געיאָגט און געטריבן פון יעדן ווינטל, אָבער שוין דאָ אין דער נאָוועלע ווייזט אָפּאַטאָשו אַרויס מייסטערשאַפט אין מאָלן מיט ווייניק שטריכן, אָבער מיט שאַרפע ליניעס קלאָרע פּאָרטרעטן, גאַנצע מענטשן מיט אַ באַשטימטער דערפאַרונג אין אַ קלאָרן הינטער־גרונט. חוה — די אַלטע פאַרקריפּלטע מויד, וואָס וואוינט מיט מיסטער פּאָלאַק איז אַן אויסטערליש לעבנדיקע פיגור. דאָס זעלבע איז אמת וועגן מיסעס ריטש, וואָס אָפּאַטאָשו דערציילט אונדז וועגן איר, אַז ווען זי האָט געדאַרפט אַ וועקסל צאָלן מר, פּאָלאַק'ן האָט זי אָנגעטאָן אַ ניי קלייד און איבערגעלאָזט דעם קאָרסעט אין דער היים. אַן אַמעריקאַנער לעקציע געלערנט פון די אַנאָנסן און אַפישן. נאָר אַ היפּש ביסל וואולגאַריזירט און פאַר־פלאַכט. מרס. ריטש האָט זיך זייער לייכט אַמעריקאַניזירט.

איז „פון ניו־יאָרקער געטאָ" אַ ריין אַמעריקאַנישע זאַך? ווען

מען באטראַכט די העלדן, זייערע רייד, זייערע מעשים, זייער לעבנס פילאָזאָפיע אויף וויפל מ׳קאָן אן אינסטינקט עקזיסטענץ רופן א פילאָזאָפיע זענען זיי אמעריקאַנער. קיינער פון די העלדן ווערט נישט באַגרעניצט פון קיין טראַדיציעס, אפילו ניט פון געוואוינ־הייטן. זיי ווערן בלויז קאָנטראָלירט פון בלוט און מוסקלען און צופעליקע איינפאַלן, פון ווינט. זיי זענען ציניש אָן דעם ווייַן פון חכמה. זייער כאַראַקטעריסטיש איז די רעדע, וועלכע דער ניגער האָלט אין „סאַלון", אז „א שאָף קאָן ניט זיין אָן א פאַרמאַן און דערפאַר קאָן די וועלט ניט זיין אָן א גאָט. און אז גאָט איז גע־גליכן צו א טכויר, מען זעט אים ניט, מען הערט אים ניט, מען פילט אים אָבער." די מ׳כלומר׳שטע בראַוואַדע פילאָזאָפיע באַהערשט די גרעסטע צאָל העלדן אין דער נאָוועלע. אזוי טראַכט דזשייק אויף זיין שיכור׳ן אופן. אזוי גלויבט פאַלין אויף איר קאַקעטיש שטייגער, אזוי פילט וועגן דער וועלט מר. פאַלאַק. אלע פאַסן זיי צו א פילאָזאָפיע צו זייער אייגענעם לעבן און מעגלעכקייטן. פון אַלערליי אידייאָלאָגיעס און אידייען קאַמפן איז אין ניו־יאָרקער געטאָ קיין סימן נישטאָ. און ס׳איז געווען גוט סיי פאַר אַפּאַטאַשום קונסט און סיי פאַר אונדז, וואָס אַפּאַטאַשו האָט די מענטשן דערזען. זיי זענען גלייכע און לײַדיקע און זיי זענען געווען צוגעפּאַסט פאַר זיין פּלאַסטישקייט. רוי־ליים — האָבן זיי זיך געלאָזט פון אים קנייטן. זיי האָבן זיך לייכט אונטערגעוואָרפן זיין בוי מייסטערשאַפט. מער קאָמפּליצירטע נאַטורן קאָן זיין וואָלטן זיך אזוי לייכט ניט אריינ־געפּאַסט אין דער קענדי סטאָר און אין דער „איסט־סייד". מיר ווידער קריגן א בילד פון אן עלעמענט, וואָס האָט געוואוינט אויף דער איסט־סייד, וואָס לויט אלע וואַרשיינלעכקייטן איז ער נאָך אפילו היינט, נאָך אלע רעוואָלוציעס און איבערקערענישן, אויך פאַראַן. נאָר מיט א נייער בלוט פילאָזאָפיע. פּונקט ווי פון קראַד־ניקן ווערט סעם, פון תרצה׳ן מיסעס ריטש, אזוי האָבן מסתמא די סעמס און מאַריסעס געביטן זייער פעל. אין די אַנדערע דערציי־לונגען אין „אונטער וועלט" זען מיר אַלערליי וואַריאירטע טיפּן, וואָס לעבן מיטן כוח פונם בלוט. בלוט און אַפּעטיטן (ניט קיין ליידנשאַפטן) קאָנטראָלירן זייער לעבן. מאַרים און רבקה, און דער

בלינדער זרח, אפילו דער איירישער הזשעניטאָר מיט דער נעגערישער
ווייב, און די קינדער פילופ און סילוויע לעבן מיטן כוח פון דער
גרויסער און ברייטער אַמעריקע, וואו אַלץ איז ערלויבט, און טראַכטן
איז גוט פאַר „יוראָפּייאַישע קייקס". קראַדניק האָט אַ טאַטע וואָס
גייט אין שול און ער אַליין האָט נאָך טראַדיציעס און דרך־ארץ
פאַר גייסטיקע ווערטן, אָבער סעם האָט שוין אפילו קיין טאַטע ניט.
גייסטיקע ווערטן אודאי ניט.

אין אַלע דערציילונגען פון יענער עפּאָכע איז אָפּאַטאָשו פריער
פון אַלץ דער דערציילער, דער מעשה פלעכטער. כאָטש ער גיט יעדן
העלד אַ חן־גריבל, אַ פלעסטערל, אַ בראָדעווקע אָדער אַן אַנדער
סימן מבהק ווי אַ פּאַספּאָרט אים צו דערקאָנען, איז ער דאָך הויפּ־
זעכלעך פאַרכאַפּט פון דער פּאַסירונג. מיט אמת פריידיקער תאוה
גיט ער איבער אַ געשלעג, אָדער אַ מחלוקה, אָדער אַ ליבע. ער נעמט
די פּשוט'סטע, טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען און ער וועבט אַרום זיי אַ
קראַנץ פון העלדישקייט, ער שאַפט אַרום זיי אַן אָטעם פון העראָ־
אישקייט, פון אַ מעשה. די אַנדערע דערציילער אין יענער צייט
אין אַמעריקע, אַש, פּינסקי, ראַבוי, א. איגנאַטאָוו, ליבען און קאָברין
האָבן אויך פּאַבולע, האָבן אויך ליבעס אינטריגעס, רייבונגען און
אַנדערע אינטערעסן, וואָס אינטריגירן זייערע העלדן, אָבער אַלערליי
קאָנפליקטן ביי זייערע העלדן ווערן קאָנטראָלירט פון אַן אידייע
אָדער דער שרייבער וויל ווייזן, אַז ער קאָן די מלאכה פון פאַרפלאָנ־
טערן. איר פילט נישט ביי זיי די גרויסע הנאה וואָס ביי אָפּאַטאָשון,
ווען ער זעט ווי בלוט פליסט שנעלער, מוסקלען ווערן אָנגעצויגן און
דער מענטש ווערט שטייפער. אין אַלע דערציילונגען פון „דער
אונטער וועלט" און אין „ראָמאַן פון אַ פערד־גנב" ווערט דאָס סאַמע
נאַטירלעכסטע איבערנאַטירלעך מיטן כוח פון מעשה. פון מוסקל
ווערט נשמה דורך אָפּאַטאָשוס פרייד. נישט נאָר לייכטן די העלדן
און אָפּאַטאָשו אַליין מיטן כוח פון געזונטן מוסקל, נאָר זיי שטראַלן
אַרויס פון זיך עפּעס מיסטישעס, עפּעס אוראַלטס, אייביקייט. איר
זעט די פינקען, וואָס קומען אַרויס פון די רייבונגען צווישן גוף און
נשמה.

אין זיין דערציילונג „אין סאַלון" דוכט זיך אַ געוויינטלעכע,

אָפּטמאָל ווידערהאָלטע פּאַסירונג, חברה פון דער אונטערוועלט שפּילן אין קאָרטן, ווערט אָבער ביי אָפּאַטאָשון דער שפּיל פאַרוואַנדלט אין אַ כישופ׳דיקן טייל פון לעבן, אַזאַרט. מען שטעלט איין פינגערלעך אין קאָן, מען שטעלט איין כלות (כמעט ווי ביי ראַבינסאָן דזשעפּ־ריס) מ׳רימט זיך מיט האָבן געשלאָפן מיט יענעמס געליבטע, מ׳שלאָגט זיך, מ׳ממית׳ט זיך און ס׳ווערט אַן אינטערעסאַנטע מעשה. די מעשות ווערן אויך געהייליקט אין בלוט. דאָס זעלבע זעט איר אין „מאַדאַם מאַרקיז״, „אַ געוויינטלעכע געשיכטע״ און אין „משה ליגנער״. אומעטום אַרבעט דער כוח הדמיון. בלוט און די ברייט־קייט פון אַמעריקע דעטערמענירן די האַנדלונגען פון די העלדן. אין די געוויינטלעכע פּאַסירונגען וועבט אָפּאַטאָשו אַריין אַ לעגענדע אָדער אַ מעשה ווי אַ הויכן פּעדעסטאַל פונוואַנען ער סקולפּטורעוועט זיין געשיכטע ווי אין זיינע דערציילונגען „ציגיינער״, „דער משפּט״, „שאָטנס״ און „אויף יענער זייט בריק״, עס איז אָפּטמאָל שווער צו באַשטימען וואָס איז וויכטיקער, — דער פּעדעסטאַל אָדער די סטאַ־טוע, ווייל דער ריטם איז דער זעלבער. מענדל אין „אַ הויז אויף גאָריק סטריט״ שפּרייזט אַרום צווישן זיינע שמאַטעס ווי אַ כישוף־מאַכער. זיין ווייב זיצט אויף די שמאַטעס און לייענט אַ יידישן ראָמאַן. די טאָכטער סאָרטירט פּערלמוטערנע קנעפּ. די העלדן אין „לילי״ זענען אויך כישופ׳דיק ווי די מענטשן אין די מעשות, וואָס ס׳דערציילן די אַלטע לייט וועגן וואַנדאַ די צויבערן פון דער וויינסל, אָדער זאַנוול קראַדניק „אין דעם ראָמאַן פון אַ פערד־גנב״. אָדער די מעשה וועגן אַלגאַשין מיט דער שיינער ציגאַנקע. אומעטום ווישט דער דערציילונגס ריטם אָפּ דעם אונטערשיד צווישן מעשה אוןווירקלעכקייט, ווייל סיי אין דער אַריינגעבראַכטער לעגענדע, וואָס אָפּאַטאָשו ברענגט אַריין, ווי אַ טייל מאָטיוו, ציט ער פון איר פעדים און שפּינט זיי אַריין אין געוועב פון זיין דערציילונג, זי צו מאַכן לעבעדיקער און כישופ׳דיקער. סיי אין דער לעגענדע און סיי אין דער דערציילונג גופא זענען דאָ עלעמענטן פון וואונדער און כישוף.

דאָס דערקלערט אייגנטלעך פאַרוואָס אין דער „אונטער־וועלט און אין „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב״ זענען די העלדן נישט קיין רעפּ־לעקטיווע מענטשן, וואָס טראַכטן פון דערפאַרונגען. נאָר זיי זענען

אַלע מענטשן פון טאַט. אין די צוויי בענד זעט מען דעם ערשטן איינפלוס פון אַמעריקע אויף אַפּאַטאַשון. דער ערשטער איינפלוס פון ניו־יאָרק אויף אַ מענטשן מיט אַ קלאָר אויג און אַן אָפן מויל אין אַ ים פון אַקטיוויטעט. בלוט און מוסקל און פלינקער טריט. זיך ניט אָפּשטעלן, נאָר גיין און כאַפּן. די פילאָזאָפיע האָט געטריבן די באַן־מאַגנאַטן און בערזן־שפּעקולאַנטן און אייגנטימער פון אויל קוואַלן און קוילן־שאָכטעס און אויך סעם דעם צייטונגס פאַרטיילער, לולי די וואָדעוויל זינגערן, מאָרים דער אויסגעשפּילטער אַקטיאָר, זאַנוויל קראַדניק און אַלע אַנדערע העלדן אין אַפּאַטאָשוס ערשטע אַרבעטן. כאָטש זאַנוויל און די אַנדערע פּויליש־יידישע העלדן ווערן באַגרעניצט פון שטח און טראַדיציע. זיינע העלדן זענען נישט דער רעזולטאַט ווי ביי אַש'ן פון אַ ווידערווילן צו חסידים און מקובלים, אָדער אַ פּועל יוצא פון אַ ווילן אַריינצובערענגען אין דער ליטעראַטור געזונטע יונגען. ביי אַפּאַטאָשון איז דאָס געווען דער אָנהייב פון אַן אייגענעם כוח׳ אַן טראַדיציע, אַן אייגענער פאַרמעסט מיט אַ נייער סביבה, וואו כוח און פאַרלאַנגען האָבן געהאַט אַן אָרט זיך צו באַוועגן. קיין גייסטיגע און טראַדיציאָנעלע קאָרסעטן זענען נישט געווען. און אַפּאַטאָשוס טאַלאַנט האָט זיך צוגעפּאַסט צו די עלעמענטישע כוחות אין דעם ראַנד פון ניו־יאָרק און ער האָט זיי דערזען און דערהערט און זיי פאַרצייכנט. מיר וועלן זען ווי שפּעטער, ווען אַמעריקע בייט זיך, הויבט אָן אַפּאַטאָשו זיך ענדערן און ער הייבט אָן זען אין אַמעריקע מיט טראַדיציאָנעלן, אַזוי גוט ווי מיט אַמעריקאַנער כוח „אין פּוילישע וועלדער" אָדער אין פּאַריז אַנדערע מענטשן, אַנדערע העלדן, אַנדערע רעגונגען, אַנדערע אידייען. ער, פּונקט ווי זיינע העלדן, הייבט אָן באַנוצן אַלע כוחות כדי אַרומצוכאַפּן ברייטערע שטרעקעס, טיפערע און ווייטערע האָריזאָנטן. די וואָרצלען דיזעלבע, נאָר די פלאַנצן — אַנדערע. די זונען און רעגנס אַנדערע. צוזאַמען מיט די ענדערונגען אינם אַמעריקאַנער לעבן בייט אויך אַפּאַטאָשו זיין העלדן קרייז. און די גאַמע פון זייערע עמאָציעס און דערפאַרונגען.

## 6

אין יענער צייט, ווען אַפּאַטאַשום חברים, צווישן די יונגע אין אונדזער ליטעראַטור, מאני לייב מיט ז. לאַנדוי האָבן פאַרהערלעכט דאָס פּאָעטישע וואָרט אַלס לעצטע דערגרייכונג, און קונסט אַלס דעם אולטימאַטיוון צוועק. ראַבוי האָט געשנירלט זיינע אידילישע פּערל מיט פיינעם שטילן חן פון יידישע פּאַרמערס. איגנאַטאָוו האָט זיך געשפּילט מיט שלאַנגען, און פּיבי האָט זיך ביי אים עקזאָטיש גע׳־חנ׳דלט, ווייל שפּיל איז דאָס ערשטע געבאָט אין לעבן. דעמאָלט האָט לייוויקן דערעסן דאָס שפּיל און ער האָט אָנגעהויבן זיך דרייען אין ווייטיקן סיי פון דער פּוסטקייט פון זיינע חברים און סיי פון אייגענע געבורטס־ווייען. אין יענער צייט האָט זיך די וועלט געבאָדן אין בלוט. די מלחמה האָט ארומגעכאַפּט די גאַנצע וועלט. זי האָט ניט נאָר געשאָכטן מענטשן, זיי פאַרקריפּלט, נאָר האָט אויך אונטערגע־גראָבן אַלע פילאָזאָפיעס, אַלע אידייען וואָס אויף זיי האָבן זיך אונד־זערע לעבנס געמייסטערט. בלוט, מענטשלעכע לעבנס זענען מיר געוואָר געוואָרן, ווערן קאָנטראָלירט פון געוויסע אַפּמאַכן אָדער קאָנ־קורענץ צווישן רייכע קאַרטעלען. בלוט, זענען מיר געוואָר געוואָרן, ווערט קאָנטראָלירט פון געוויסע דערפינדונגען, וואָס פאַרקלענערן אָדער אַנולירן אינגאַנצן דעם כוח פון בלוט און מוסקל. די „האָ־ריקע מאַלפּע“ פון אניעל, דער קוילן וואַרפער, וואָס מיינט, אַז די וועלט שטייט אויף אים, ווייל ער וואַרפט אריין קוילן אין דער שיפס געדערים. און אַזויערנאָך מאַכט ער, אַז די ערד זאָל זיך דרייען אויף איר אַקס. ווייסט נישט, אַז זיינע גרויסע לאַפּעס און געזונטע מוסקלען זענען איבעריק. אַז אויטאָמאַטישע מאַשינען גיסן אויל אין דער שיפס געדערים און טרייבן פּונקט אַזוי גיך די שיף ווי זיינע מוסקלען מיט דער לאַפּעטע קוילן. זייענדיק איינ־געגלויבט אין זיינע מוסקלען הערט ער נישט דעם טומל, וואָס די ערד מאַכט בשעת זי דרייט זיך. אויב פערד האָבן אויגן־פאַרשטע־לער, כדי ניט צו קוקן אין אַ זייט, נאָר גיין גלייך, האָט די האָריקע

מאַלפּע געדאַנק און געפיל פאַרשטעלער, וועלכע דערלויבן איר ניט צו זען און הערן די ענדערונגען.

די וועלט־שחיטה האָט אָפּגעלייקנט דאָס געזאַנג און פּרייקייט פון בלוט. און זיי, די סעמס, קראַדניקס און ליליס זענען קלענער און איינגעשרומפּענער געוואָרן און זייער טאַטע, אָפּאַטאָשו, האָט ברייטערע אויגן געעפנט און געזען, אַז זיינע העלדן זענען פאַר־שוואונדן אָדער איינגעשלונגען געוואָרן פון נייערע כוחות. דאָס לאַנד איז שמעלער געוואָרן, דער ווילן געצאַמטער, און צוזאַמען מיט זיינע העלדן האָט זיך אָפּאַטאָשו ארויסגעלאָזט זוכן אַ נייעם פּע־דעסטאַל אויף וועלכן ער זאָל זיינע העלדן אַוועקשטעלן. און פּונקט ווי ביי זיינע העלדן ווערט דאָס בלוט רואיקער, די מוסקלען איינגע־האַלטענער, נאָר דאָס לעבן און די וועלט גרעסער און לויטערער, אַזוי ווערט אויך אָפּאַטאָשו געוואָר, אַז די וועלט וויל אַ נייע מעשה הערן. דאָס קול פון בלוט איז נישט געגנוג. עס האָט צופיל געדעוועט. און ער זוכט נייע מענטשן ביי אונדז און קאָן ניט געפינען. אמת, דאָס בלוט האָט זיך איינגעשטילט, עס איז געהייליקט געוואָרן אין אַנדערע, ניט קינסטלערישע פּיערן, אָבער קיין אַנדערע כוחות זענען נאָך דער־ווייל ניט געקומען דאָס אָרט פון בלוט צו פאַרנעמען. אַמעריקע באָדט זיך אין וואָוילטאָג. מען מאַכט געלט און מ'ציטערט פאַרן מאָרגן. מען פילט, אַז די וועלט־מגפה קאָן אונדז ניט פאַרביי גיין. מאַכט מען געלט און מ'האָפט, אַז מען וועט זיך ארויסדרייען פון דעם וועלט אומגליק. אונדזער יוגנט, אונדזער פרייהייטלעכער פּריידיקער מר. ווילסאָן, אָדער דער אַטלאַנטישער ים, וואָס טיילט אונדז אָפּ פון אייראָפּע, וועט אונדז ראַטעווען. אָבער ליידנשאַפטן זענען געצאַמט, האָפנונגען זענען שעמעוודיק, און פאַרלאַנגען ווערן איינגעשטילט דורך צייטונג טעלעגראַמעס פון נייעסן פון מערב פראָנט. אָפּאַטאָשו'ס פּריערדיקע העלדן באַהאַלטן זיך. זיי זענען פאַרנומען מיט ערנסטע אַרבעט. און אָפּאַטאָשו איז אויך גע־צוואונגען זיך נעמען צו ערענסטער אַרבעט. ער נעמט זוכן אַנדערע פלאַכן, נייע מענטשן. און דאָס בלוט, אָבער שוין ריין קינסטלערישע בלוט, פירט אים אויפן לייכסטן און זיכערסטן וועג צום זכרון. ער דערמאָנט זיך אין פּוילן. און דאָרט אויף אַלטער ערד, פילט ער,

וועלן ניט ווינטן, און נישט שטורעמס מיט אַמאָל אַפּווישן לעבנס פּי־לאָזאָפּיעס, טראַדיציעס און שטרעבונגען. און ער לאָזט זיך אַרויס אויף אַן עקספּעדיציע אין די פּוילישע וועלדער. שטעט קאָנען איבערגעבויט ווערן. מען קאָן אויסברייטערן גאַסן. לעבן אַ הימל־קראַצער קאָן זיך טוליען און וואַרימען אַ קליין איינגעפאַלן הייזל. גאַנצע געגנטן קאָנען בייטן זייער אויסזען, אָבער די ליפּאָווצער וועל־דער זענען אייביק, מען קאָן זיי אונטערהאַקן, איבערלאָזן קאָרטשעס, מען קאָן זיי אָבער נישט בייטן. דאָרט האָט אַפּאַטאָשו געפּילט, זיין זכרון האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָרט וועט ער זען די טראַנס־פאָרמאַציע פון מענטשן אונטער געביטענע אומשטענדן. דאָרט וועלן די ענדערונגען זיין גאַנצע, פולע. ווייל אפילו צייט־ווינטן ווערן דאָרט קאָנטראָלירט פון ביימער, וואָס זאַפּן זיי איין און לאָזן בלויז אַרויס אַ געענדערטן אָטעם. ער איז נישט אַנטלאָפן, ווייל די אַמעריקאַנער ערד איז טרוקן געוואָרן, די אַמעריקאַנער העלדן אויסגעבלייכט געוואָרן. ער איז אַוועק, כדי זיך צו שטאַרקן פאַר וויכטיקע גרויסע אַרבעטן. ווייל ער האָט געפילט, אַז אין שוים פון דער נייער אַמעריקע שלאָפן קרעפטיקע כוחות און מען דאַרף האָבן דעם ריכטיקן אינסטרומענט כדי זיי אויפצוּוועקן און אין די פּוילישע וועלדער וועט ער זיי קריגן. דערווייל איז ער פון וואַנדאָן פאַרפירט געוואָרן, אָבער ער האָט זי באַזיגט און איז צוריק געקומען פון באַרטן פון דער ווייסל מיט איידלשטיינער און פּערל. ער איז צוריק געקומען מיט אַ ריזיקן, אייגנאַרטיקן ראָמאַן, אַן ערשט־קלאַסיק ווערק, אַ ביבל פאַר אַמעריקע.

זיין אַוועקגיין קיין פּוילן איז נישט געווען קיין אַנטלויפן אויף אַ זיכערן אויסגעטראָטענעם טראַדיציאָנעלן וועג, און זיך קילן אין די שאָטנס פון די ליפּאָווצער וועלדער, און דאָרט תּפילה טאָן און זיך אָנלענען אויף וואָרצלען. זיין קרעאַטיווער ווילן האָט אים אַהין געפירט. ער איז געגאַנגען געוואָר ווערן, צו איז דער איבערברוך אין זיינע אַמעריקאַנער העלדן אַ רעזולטאַט פון אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס איז געקומען, ווי אַן ערד־ציטערניש, צי שוין אין פריערדיקע צייטן זענען פאָרגעקומען איבערברוכן אַ דאַנק ענדערונגען אין סאָציאַלע אומשטענדן, און אין דעם יורן פון נאַצי־

אָנאַלע באַוועגונגען זענען אויך בלאָזן געבוירן געוואָרן, וואָס האָבן געפּלאַצט און פון זיך ארויסגעגעבן פאַרשיידענע ריחות. עס איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל פאָרן זוכן אויף היימישער ערד, וואו נישט וואונדער און נישט פרעמדקייט זאָלן שטערן זיין קרעאַטיוון ווילן, ווי עס איז אָפט דער פאַל אין דער ריזיקער אַמעריקע. און אין זיין עולה רגל זיין האָט ער ניט נאָר זיך אָפּגעפרישט, נאָר גלייכצייטיק געשאַפן אַן עפּאָפּייע פון יידיש לעבן, נישט ווינקלדיק לעבן נאָר ער האָט געשאַפן אַ העראָאישע עפּאָכע, וואו ס'ווערן אריינגעפלאָכטן אידייען, באַוועגונגען, העלדן, פערזענלעכקייטן און קאַמפן. עס ווערט פאַר אונדז געשאַפן דער ערשטער דיאַספּאָרע ראָמאַן, וואו אַלע יידישע ריכטונגען, אַלע יידישע חלומות, אַלערליי יידישע אידייען שפּילן אויף אַ קאַנווע פון פּוילישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, און אידייען־קאַמפן פון פּוילישע משיח באַוועגונגען. צוויי אונטער־דריקטע פעלקער מיט משיח'ישע אַספּיראַציעס קומען זיך צוזאַמען נישט אַלס אַנטיפּאָדן, נאָר אַלס דערגאַנצונגס כוחות. פון די ערשטע ניו־יאָרקער בילדער ציט זיך אַ גאָלדענע קייט צו די פּוילישע וועלדער און צוריק, אַ זייער נאַטירלעכע קינסטלערישע מעטאַמאָרפאָזע. ווי זאָגט ש. ניגער „אין דער פאַרגאַנגענהייט זוכן מיר אַ טרייסט פאַר דער צוקונפט. אַמאָל זענען ביי אונדז גרויסע, אַמאָל זענען ביי אונדז שיינע געווען, וועלן מיר אפשר אויך שפּעטער גרויסע און שיינע האָבן. אפשר וועלן מיר אַליין שיין און גרויס ווערן. פרוכט־באַר מאַכן די פאַרגאַנגענהייט און געבוירן די צוקונפט. אָט דאָס דאַרף זיין די געגנוואַרט, דאָס איז פּרצס געגנוואַרט, די געבורט פון דער צוקונפט פון דעם צוקונפטס טרוים. דורך דער באַפרוכטונג פון דער פאַרגאַנגענהייט."

דאָס וואָס ניגער זאָגט וועגן פּרצ'ן, קאָן מען מיט מער רעכט זאָגן וועגן אַפּאַטאָשו'ן. איז אַפּאַטאָשו געווען דער איינציקער פון די אַמעריקאַנער שרייבער וואָס האָט עולה רגל געווען מיטן כוח פון זכרון אויף יענער זייט ים? איז דאָס געווען דער איינציקער פאַל, אָדער האָבן אַלע וויכטיקע שרייבער געזען בלויז די אַמעריקאַנער ברייט און נישט איר טיף, און כדי אויך אריינצודרינגען אין אירע טיפענישן, האָבן זיי זיך געמוזט פון איר אָפּרוקן? נישט נאָר האָט

די מלחמה אָפּגעשטעלט דעם אימיגראַציאָנס שטראָם און ממילא די מעגלעכקייט צו באַשרייבן די ניי־אָנגעקומענע מיט זייערע פּראָצעסן פון צופּאַסן זיך, נאָר זי האָט אויך כמעט ווי אָפּגעווישט דעם חילוק צווישן פרעמדן און איינגעבוירענעם. אַזוי, אַז דער יידישער שרייבער האָט געדאַרפט ווכן טיפער זיינע מענטשן און העלדן. ער האָט געדאַרפט דערגרונטעוועז אַלערליי פּראָבלעמען און אידייען, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן ביים צונויפמישן נישט נאָר אַלערליי פעלקערשאַפטן, נאָר אויך אַלערליי יידישע פעלקערשאַפטן, אָבער די אַלע פּראָבלעמען און אידייען זענען געווען אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד. עס איז געווען דאָן אַ ויתרוצצו צווישן משפּחה און טראַדיציאָנעלע ירושה פון איין זייט און דאָס נייע פון דער אַנדערער. פאַרשידענע יידישע דיאַלעקטן און קולטורן האָבן זיך צונויפגעמישט אין אַ מין נייעם אַמעריקאַנער נאַציאָנאַליזם. מיר דוכט, אַז דאָן האָבן אַמעריקאַנער יידן באַשלאָסן, אַז זיי בלייבן אין אַמעריקע. און עס איז געוואָרן דער נייער ישוב. נישט ווי אַ שרייבער האָט זיך אויסגעדריקט „דאָס לאַנד פון לעצטן סך־הכל'ען". ניין, אַ נייער אָנהייב און מען האָט געדאַרפט אַ נייע תורה געבן. ווידער באַשרייבן דאָס שטעטל האָט מען נישט געקאָנט. עס איז שוין געווען געניג באַשריבן. האָט מען געדאַרפט עפּעס נייס געבן, נישט אַז די אַלע פּראָצעסן זענען געווען קלאָרע און אויסגערעכנטע, ניין, נאָר דער קינסטלער האָט זיי געדאַרפט לייזן. און פּונקט ווי אין די צייטן פון ענן בן דוד, ווען די קאַראַאים ווילן ראַציאָנאַליזירן דאָס יידישע לעבן און עס שעפּפעריש באַגרעניצן, ווערן געבוירן די ערשטע זאָמען פון די פּראַקטישע משיח באַוועגונגען, אַזוי ווערט אויך אין דעם נייעם קאָלטן פון אַ פעסטן ראַציאָנאַלן יידישן ישוב אין אַמעריקע אויפגעלויכטן די משיח און אייביקייטס אידייען. די יידישע שרייבער זענען ווי די הייליקע אין על גרעקאָ'ס בילדער. די הייליקע זענען אַביסל קאָסאָקע, כדי עס זאָל זיי געבן דעם טראַנסצענדענטאַלן אויסדרוק. אַזוי האָבן אויך די יידישע שרייבער זיך געלאָזט אין די אויסגעטראָטענע אָבער משופּע'דיקע וועגן פון דער יידישער געשיכטע, פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, כדי אין דעם ריאַליזם פון אַמאָל צו דערזען די ראָמאַנטיק פון היינט. זיי האָבן גענומען אַ

געשיכטלעכן לאָמפּ, כדי מיט איר צו באַלייכטן דעם פּלאָנטער פון היינט און אַזוי זענען געשאַפן געוואָרן גרויסע ווערק ווי „די פּוילישע וועלדער" און „דער גולם". ווערק ווי פּינסקים היסטאָרישע דראַמעס „אשר לעמלען", „שלמה מולכו", „די נאַכט" און „קידוש השם" און די כישוף־מאַכערן פון קאַסטיליע". יהואש'ס איבערזעצונג פון דער ביבל. ליעסין היסטאָרישע לידער. סעקלער'ס דראַמען געבויט אויף יידישע לעגענדעס, חיימאָוויטש'ס „דער מאַן פון נצרת" און אַנדערע ווערק וואָס האָבן זייער אָפּשטאַם אין „אַמאָל".

דער שאַפונגס שטראָם מיט אַ ווייזנדן פינגער צו דער נאָענטער און ווייטער פאַרגאַנגענהייט איז נישט געווען קיין צופעליגער קאַפּריז פון דעם אָדער יענעם שריפטשטעלער, נאָר עס איז געווען כמעט ווי אַ געבאָט פון לעבן. איך, דאָס לעבן האָב איצט אַ גרויס מויל, און אַ גוטן אַפּעטיט. איך בין אויפגעשטאַנען פון אַ קרענק. איך בין נישט זיכער צו בין איך אינגאַנצן געזונט. אָבער אַן אַפּעטיט אַ גרויסן האָב איך. שטייגער בילדער זענען ביי מיר נישט מער ווי נעגל־וואַסער, אָדער ווי זאַלץ און פעפער צו מיין מאָלצייט, פאַר דער אמת'ער סעודה וויל איך אַמאָליקע גוטע מאכלים, וואָס אונדזערע מאַמעס האָבן געמאַכט. און מיר זען, אַז אַ סך שרייבער האָבן גע־פאָלגט דעם רוף און זענען אַוועק צום אַמאָל. וואָס זיי האָבן צוריק־געבראַכט איז שוין אַ פּועל יוצא פון אייגענער סענסיטיווקייט, פאַר־נעם אין ברייט און טיף פון טאַלאַנט. אָבער דער עולה רגל זיין איז געווען ניט אַן אַנטלויפן, נאָר אַ פאַרזוך צו באַלייכטן און קלערער מאַכן די היינטיקע צייט. דער בעסטער פּילגרים איז געווען אַפּאַטאָשו. זיינע „פּוילישע וועלדער" האָבן נישט נאָר באַלויכטן נישט באַקאַנטע, געהיימע סטעזשקעס אין דעם יידיש־פּוילישן לעבן, נאָר זיי האָבן אונדז געגעבן און געוויזן די פאַרבינדונגען וואָס יידן האָבן געהאַט מיט דער פרעמדער קולטור אַטמאָספערע אין וועלכער זיי לעבן. מיר וועלן דאַן קאָנען פאַר זיך אַליין זען, ווי אַזוי דיזעלבע כוחות אַרבעטן אין אַמעריקע. נאַטירלעך, נעמענדיק אין אַכט סאָציאַל עקאָנאָמישע ענדערונגען, פון צייט און סביבה.

אַ חוץ דעם איז דאָס ווענדן זיך צו דער פאַרגאַנגענהייט געווען אַן אַלגעמיינער עולה רגל זיין פון די וויכטיקסטע יידישע קינסטלער

אומעטום. אין דייטשלאַנד ווי אין פּוילן, אין רוסלאַנד פּונקט ווי אין אַמעריקע. עס איז אויך געווען אין אַנדערע ליטעראַטורן. מען האָט געזוכט נייע קולטורעלע פעלדער, וואו זיך אָפּצורוען און באַרייכערט צו ווערן. פּונקט ווי אין זיין זוכן אַ נייעם אינהאַלט און אַ נייע קולטור האָט זיך ניטשע אומגעקערט צו אַ פּרעסאָקראַטישער גריכלאַנד, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי האָבן זיך געווענדט צום פּרימיטיווען קריסטענטום און וואַגנער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו די ערשטע גערמאַנישע פאַבלען, אַזוי האָט זיך אָפּאַטאָשו אומגעקערט קיין פּוילן, כדי צו געפינען קולטורעלע וועלדער און שפּעטער אַוועק קיין רעגנסבורג צום מיטלאַלטער. לייוויק איז געגאַנגען קיין פּראַג צום מהר״ל, לעיעלעס צו שלמה מולכו, ליעסין צום אַלטערטום און מ. ל. האַלפּערן אין „די נאַכט״ צו יידישער געשיכטע בכלל. אַלע זענען זיי געגאַנגען צו קוואַלן פון דערפאַרונג, אַ טייל פון אָפּאַטאָשו׳ס דערפאַרונג איז געלעגן אין אַמעריקע; אַן אַנדער טייל איז געלעגן באַגראָבן אין דער פאַרגאַנגענהייט, (על גרעקאָ׳ס טראַנסצענדענטאַליזם), אָבער עס איז געווען זיין איבעררייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט אים מעגלעך געמאַכט צו גיין צו דער פאַרגאַנגענהייט.

ווייל דער יידישער מיטלאַלטער האָט אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן אין אַמעריקע. דאָ און דאָרט האָבן נאָך געטליעט האַלב אויסגעלאָשענע הבדלות, אונדזערע אימיגראַנטן זענען ניט נאָר געקומען זוכן ברויט נאָר אויך קולטור און נייע לעבן. דאָס לעבן אויף יענער זייט איז אויסגעטרוקנט געוואָרן פון אינהאַלט, פון תוך. עס זענען געבליבן בלויז טראַדיציעס. אַזוי, אַז די נסיעות פון די קינסטלער האָבן ניט נאָר אַמעריקע באַרייכערט, נאָר אויך יענע עפּאָכעס געגעבן אַ סינטעז און גאַנצקייט. יענע עפּאָכעס זענען געווען געוואָרן אין ליכט פון נייע דערפאַרונגען.

אַ סך ניט יידישע קינסטלער זענען דאַן אַוועק צו דער פאַרגאַנגענהייט. אין אַמעריקע האָט דאַן איינער פון די טאַלאַנטפולסטע פּראָזאַאיקער גענומען אַ משפּחה אַ פּעסטע אַן איינגעפונדעוועטע און אויסגעקליבן דעם יונגסטן אויסצולעבן איר אומרו. טאָמאַס וואָולף האָט אין זיין „לוק האָמוואָורט איינדזשל״ זיך אויך אַוועקגעלאָזט זוכן אַ וועג און אַן אינהאַלט פאַר זיין העלד. שפּעטער אין

זיין „וועגן צייט און דעם טייך" ציט ער ווייטער די עפּישע געשיכטע פון זיין יונגן העלד. אַן עפּאָס פון זוכן און עולה רגל זיין. אַן עפּאָס פון יוגנט. אַן עפּאָס פון אונדזער צייט און פון אַלע צייטן. דער וועג זיינער פירט פון זיין שטעטל דורך אַלערליי אַוואַנטיורעס, דורך ניו־יאָרק, באָסטאָן, אָקספאָרד, פּאַריז און פראַנקרייך. און שפּעטער קומט ער צוריק אַהיים. און אפשר ווי מרדכי, וועט ער שפּעטער חתונה האָבן, און האָבן קינדער און זיך באַרואיקן פונקט ווי מרדכי. אַזוי האָט לאַנדוי־אַלדאַנאָוו אין זיין „ניינטן טערמידאָר" זיך אַרומ־געלאָזט אויף אַ „פּילגרימאַזש" איבער דער וועלט. אַזוי האָט אַלעקסיי טאָלסטאָי זיך גענומען צו דער עפּאָכע פון פּיאָטער דעם גרויסן און דאָרט געוויזן דעם קאַמף צווישן אַלט און ניי.

דאָס אַוועקגיין צו דער וועלט איז געווען אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט פאַר יעדן טאַלאַנטפולן שריפטשטעלער. אַ מין באָדן זיך און די גאַנגעס, עס איז געווען אַ פּועל יוצא פון אַ ליטעראַרישע מעטאָדע. אַ ליטעראַרישע מעטאָדע איז טיראַניש. זי איז אַ שרייבער'ס לעמפּערט פּלעקן. זי קנעט, וואָס אַ שרייבער קאָן זאָגן דורך דעם, וואָס זי באַשטימט, וואָס ער מוז זען. דאָס גיין צו דער וועלט איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ גרויסער וויזיע. פאַרבינדן און בויען.

דער וועג פון יערן קינסטלער צו דער פאַרגאַנגענהייט איז געווען אַן אַנדערער, ווייל אפילו דער וועג צו דער פאַרגאַנגענהייט ווערט באַשטימט פון דער באַציאונג וואָס מען האָט צו דער נעגנ־ווערט. און אויך פון די זכרונות און בילדער, סיי אַלגעמיינע און סיי אינדיווידועלע, וואָס לעבן אין דעם אינווייניקסטן וועזן פונם שרייבער. לייוויק, למשל, מיט זכרונות פון דער ליטע, און איבער־לעבונגען אויף די סיבירער וועגן איז אַנדערש צו דער פאַרגאַנגענ־הייט געגאַנגען ווי מ. ל. האַלפּערן, וואָס האָט ווייניק איבערגעלעבט אין זיין גאַליציש שטעטל זלאָטשעוו, און איז דערפאַר מיט בלויז קינסטלערישן אינסטינקט אַוועק צו אַלגעמיינער יידישער געשיכטע און צו בילדלאַך פון זיין שטעטל. אָדער לעיעלעס, וואָס איז מיט אינ־טעלעקט און וויסן צו געשיכטע אַוועק זוכן אַ שליסל צו דעם יידישן פּלאָנטער פון דער היינטיקער צייט. אָדער ליעסין, וואָס איז מיט

אַן עטישן, נביא׳ישן שטעקן אַוועק צו דער געשיכטע געפינען אַ קיינטשיק פאַר דעם הייַנטיקן אוממאָראַלישן מענטשן. יעדער איז אַוועק מיט אַ באַשטימטן קינסטלערישן סטאַזש, און איז געטריבן געוואָרן פון אַן אַנדערן כוח. דאָ און דאָרט קרייִצן זיך זייערע וועגן, דאָ און דאָרט שטעלן זיי זיך תפילה טאָן צו דעמזעלבן גאָט. אויף עטלעכע ערטער מישן זיך צונויף פאַרלאַנגען און עס באַגעגענען זיך זוכנדיקע בליקן. אָבער יעדנס מיסיע ווערט באַשטימט פון אַן אייגנאַרטיקן קינסטלערישן טעמפּעראַמענט, געזעלשאַפטלעכע סימפּאַטיעס און קולטור־ירושה. אָבער אַלע, סיי יהואש און שוואַרץ, וועלכע האָבן אַזעלכע פאַרשיידענע ליטעראַרישע אַרבעטן געטאָן, איינער איבערזעצט די ביבל און דער אַנדערער באַלויכטן דעם אַמעריקאַנער הייַנטיקן ישוב דורך זייַן אָנהייב. און סיי לייוויק, לעיעלעס און האַלפּערן, וועלכע האָבן דעם סוד פון גאַנצקייט אין דערלייזונג געזוכט. אַלע זענען זיי אַוועק, כדי צו באַרייכערן אונדזער איצט. זיי האָבן טאַקע צוריקגעבראַכט לאַמטערנס אָדער שטורקאַצן לויט איינעמס כוחות. אַלע האָבן זיי געהאַט דעם היסטאָרישן חוש, נאָר ער איז נישט געווען ביי אַלע גלייך אַנטוויקלט און אויך די קינסטלערישע בייטש, וועלכע זיי האָבן מיטגענומען צו טרייבן די געשיכטע לויט זייער ווילן, איז נישט געווען ביי אַלעמען גלייך. נישט אַלע קינסטלער האָבן געהאַט דעמזעלבן ירושה באַגאַזש. אַש, למשל, איז אויך דאַן גערעגט געוואָרן פון טראַדיציע און איז אויך אַוועק צו דער געשיכטע און צוריקגעבראַכט קיילעכדיקע, גלאַנציקע שטיינדלעך, וואוילע מעשות אָבער אָן דעם געשיכטלעכן אָטעם פון דער צייט. זייַן „קידוש השם" שטראַלט נישט. עס וואַרימט בלויז אַביסל. זייַן „כישוף־מאַכערן" פאַרצוויבערט נישט, נאָר זי פאַרשלייערט. זייַן „תהלים ייד" שלעפּערט איין. אַ קליין אידייעלע אונטערגעבעט מיט אַ סך וואַטע. אַש איז בלויז מיט יידישן אימפּעט אַוועק צו געשיכטע און נישט מיט קינסטלערישן הונגער, ווי דאָס האָבן געטאָן אָפּאַטאָשו און לייוויק. „טראַדיציע", זאָגט ט. ס. עליאָט, „איז ניט קיין פראַגע פון ירושה. מען ווערט נישט געבוירן מיט דעם. מען מוז אויף דעם אַרבעטן. מען מוז ראשית האָבן דעם היסטאָרישן חוש, וואָס איז אַ געבאָט פאַר יעדן איינעם, וואָס וויל זייַן אַ פּאָעט נאָך 25 יאָר. און דער

היסטאָרישער חוש נעמט ארום א פערצעפציע נישט נאָר פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך פון איר געגנוואַרט. דער היסטאָרישער חוש צווינגט א מענטשן צו שרייבן נישט נאָר מיטן אייגענעם דור אין זיינע ביינער, נאָר מיט א געפיל, אז די גאַנצע ליטעראַטור פון איירא̇פּע און די גאַנצע ליטעראַטור פון זיין פאָלק זענען איינס. דער היסטאָרישער חוש, וואָס איז א חוש פונם צייטלאָזן, אזוי גוט ווי פונם איצטיקן און פון ביידע צוזאַמען דאָס מאַכט א שרייבער טראַדיציאָנעל. און עס איז אין דערזעלבער צייט דאָס, וואָס מאַכט א שרייבער באַוואוסטזיניק וועגן זיין פּלאַץ אין צייט, און וועגן זיין היינט צייטקייט". די, וואָס האָבן געקאָנט האַרמאָנירן דעם היינט מיטן אַמאָל. שרייבן וועגן אַמאָל און נישט אָפּלייקענען דעם איצט די האָבן געשאַפן אמת גרויסע ווערק. די, ביי וועלכע עס איז געווען א ויתרוּצצו צווישן היינט און נעכטן, האָבן געשאַפן אָפּגעריסענע שטיקלעך. ווערק פון אַנטלאָפענע. אַש, למשל, אין זיינע צוויי היסטאָרישע ראָמאַנען, האַלט אַן אויסגעשטרעקטן פינגער. ניטאָ היינט אַזעלכע מענטשן. ער האַלט אין איין טענה'ן, איר זעט, וואָס ס'איז געווען אַמאָל.

## 7

פונקט ווי אַפּאַטאַשו האָט זיך אין אָנהייב אויסגעטײלט פון אונדזערע פּראָזאַאיקער, פאַרוואָרפן זייער באָמבאַסטיק, רעטאָריק און געפֿליגלטקייט און איז צוגעגאַנגען צו דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט עלעמענטיש, מיט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג און כוח איר ביייצוקומען און איר קינסטלעריש צו באַהערשן. אַזוי האָט אויך לייוויק באַלד אין אָנהייב זיך באַפרייט פון דער „איך פּאָעט" דעקאַדענץ פון די יונגע דיכטער מיט זייער שפּיי אויף דער וועלט און איז געגאַנגען זוכן דעם מענטש אין העסטער סטריט און אין קראָטאָנאַ פּאַרק. דעם מענטש מיט זיינע וויטיקן און פריידן אין דער נייער שטאָט, און ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן זיך, איז דאָס נישט געווען דער פּאָעטישער בראַוואָדאָ פון די דיכטער, וואָס האָבן זיך אָוועקגעשטעלט מחוץ למחנה און מיט דעם זיך געגרויסט, נאָר ער האָט געזונגען וועגן דעם מענטש. און עס איז מערקווירדיק, אַז רוקאָ לייוויק, וואָס איז מער אינדיווידואַליסט ווי אַלע „איך" זינגער פון זיין צייט, האָט שנעלער גובר געווען דעם איך געפיל און באַנומען די וועלט, דעם קאָלעקטיוו, בעסער ווי אַלע אַנדערע, אפילו סאָציאַלע דיכטער. עס האָט אים געמוזט אַ סך פּאָעטישע כוחות קאָסטן ביייצוקומען אָט דעם אינדיווידואַליסטישן געפיל. און אויך דאָס צווייטע אוריגנגל מיט וועלכן די יונגע האָבן זיך געציירט און געבאַמבלט מיט דעם־דאָס וואָרט, האָט לייוויק דערפילט שטאַרקער און טיפער פון זיי, נאָר ער האָט זיך מיט דעם ניט געפּוצט. ער האָט עס בלויז גענוצט פאַר זיין ליד. ווייל ביי אים איז נישט דער אינדיווידואַליזם און נישט דאָס וואָרט געווען וויכטיק, נאָר די איבערלעבונג, די פּסיכאָלאָגישע טראַנספאָרמאַציע אינם מענטשן, און דער וועג אויף וועלכן ער איז געגאַנגען, און מוז ווייטער גיין ,און נאָך עפּעס האָט לייוויק געהאַט, וואָס ס'האָט די אַנדערע „יונגע" אינגאַנצן געפעלט, און אַן וואָס פּאָעטישע גרויסקייט איז לחלוטין אוממעגלעך־זכרון. לייוויק האָט געדענקט. ער האָט געדענקט יעדן בליץ וואָס שניידט זיך איין אין

פּלייש ביי סענסיטיווע מענטשן, בשעת זיי לעבן עפּעס איבער. און ליוויק האָט אַ סך איבערגעלעבט און געליטן, און דערפאַר איז דער ליידן מאָטיוו איינע פון די ריכט־שנורן און ווענד פונקטן אין זיין שאַפן. מיט זיין דערפאַרונג האָט ער נישט געקאָנט ווי מאַני־לייב און לאַנדוי זיך אָפּגעבן מיט וואָרט שפּיל און וויג ריטמען. ער האָט נישט געקאָנט זיך באַנוגנען מיט קולטיווירן אַראַנזשערייען פון קאָלירטע, זאַטע ווערטער. ליוויקן האָט נישט פאַרכאַפּט די וואָרט ווירטואָזיטעט פון מאַני־לייב, משה נאַדיר און אַנדערע. זיין וואָרט איז געווען און געדאַרפט בלייבן דערפאַרונג, איבערלעבונג. עטיש געזעץ. און ער האָט אין דעם אַמעריקאַנער תוהו ובוהו אָנ־געהויבן זוכן אַן אויער פאַר זיין וואָרט. שפּילן קאָן מען זיך מיט זיך אַליין, אפילו מיט ווערטער. אָבער עפּעס צו זאָגן, דאַרף מען האָבן אַן אַדיטאָריע, וואָס זאָל פאָדערן, מאָנען אָדער פאַרלאַנגען אַן ענטפער, און אַ באַשייד צו די לעבנס פּראָצעסן. ליוויק׳ס ליד האָט זיך געגוויטיקט אין אַן אַרויסרוף ווי די שוואַרצע פעטע ערד דאַרף רעגן און זון, כדי צו זיין פּרוכטבאַר. נישט געפינענדיק קיין רוף אין דעם ניו־יאָרקער אַמאָראַלישן לעבן פאַר זיין ליד, האָט ער פון זיך, פון זיין אייגענער דערפאַרונג אָנגעהויבן זינגען. זיין דער־פאַרונג? די אָרימע, שטרענגע זינדלאָזע ליטע. און די קאַלטע, נזיר׳ישע פאַרגליווערטע פּוסטקייט פון סיביר, וואו די ערד איז פול און פעט מיט די עבאָס פון שמיץ, זיפצן, שלוקערצן, פאַרביסענע ציין און גרויסע האָפנונגען. אין אַזאַ אַטמאָספערע, וואו די ענערגיע ווערט געצאַמט, און פאַרלאַנגען שטאַרבן נאָך איידער זיי פאַרקילן זיך, דאַרט ווערן אַפּעטיטן זכרונות נאָך איידער זיי גייען אין בלוט אַריין. זיי באַרירן בלויז די נערוון און ווערן שוין ביטערע, באַדוי־ערנע עראינערונגען. דערפאַר איז ליוויק׳ס ליד רייך אין עראי־נערונג און אָרים אין בילד. אין בילדער פון אָרום. זיין ליד האָט זיך אין דעם געגוויטיקט. זיין ליד האָט געדאַרפט גיכער סוגעסטירן און רעגן ווי צופרידנשטעלן. דאָס יידישע אַמעריקע האָט נישט גע־קאָנט אויפנעמען דאָס פּראָבלעם פון ליידן אַלס ליטער צו דער געלייטערטער פערזענלעכקייט. ליידן ביים יידישן אימיגראַנט זענען געווען שטיגן צום לייטער פון דערפאָלג־מאַטעריעלן דערפאָלג. ליידן

אַלס הייליקער פייער וואו דער מענטש ראנגלט און בראַט זיך, כדי צו באַרעכטיקן זיין עקזיסטענץ איז אים נישט אַנגעגאַנגען. זענען פאַר דעם דיכטער, דעם סענסיטיוון מענטש געבליבן צוויי וועגן. אָדער נעמען פּיפן און זיך פּאַרווינען, אָדער אוועק אין קיינעמס לאַנד און פון דאָרט פירט אַ האַרענדיקער אָבער גלייכער וועג צו אַלטער יידישער לעבנס דערפּאַרונג-ליידן, און דורך דעם דערלייזונג. פון דעם יחיד, און ממילא פון דעם קאָלעקטיוו. דערלייזונג ניט נאָר מאַטעריעלע, נאָר אויך גייסטיקע.

לייוויק, כאָטש ער האָט געהערט צו די „יונגע", האָט קיינמאָל ניט געטיילט זייערע מיינונגען בנוגע די פונקציעס פון פּאָעזיע. ער איז אויך ניט געווען איינער פון די שטיינער-וואַרפער אינם אַלטן גאָרטן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויף דיזעלבע שטיינער וועט מען דאַרפן זיצן. און דערפאַר איז ער געווען אַ גאַנץ פּאַסיווער איינטייל־נעמער אינם קאַמף פאַר פּאָזיציעס אויפן פאַרנאַס. ער האָט גע־וואוסט, אַז כדי צו קריגן אומשטערבלעכקייט דאַרף מען דורכגיין די גאַמע פון ליידן. ער האָט יאָ מיט די „יונגע" געקעמפט קעגן דער גלייכגילטיקייט ביי אונדז צום פּאָעטישן וואָרט. אָבער אנשטאָט זיך פאַרמאַכן אינם אייגענעם צימער און זיך באַהאַלטן, האָט ער אויפגע־דעקט זיינע וואונדן, זיינע ווייטיקן, און אַזויערנאָך איז ער געהערט געוואָרן. יעדנפאַלס האָט ער זיך באַפרייט פון זיינע סיבירער דער־פאַרונגען, כדי צו קאָנען גיין ווייטער און הערן דעם מהרל"ס קרעכץ פון אומגעדולד, תנחום'ס אויסגעשריי פון פאַרצווייפלונג „ווער וויל ראַטעווען, ווער קאָן ראַטעווען" און מהרל"ס געשריי „וואוהין". סיביר אין ניו־יאָרק איז געווען עפּענען אַ שפּאַרע אין דער וועלט פונם יחיד, דעם מענטשן. פּראַג איז געווען אויפּפּראַלן די טיר פונם איינצלנעם צו דער פערזענלעכקייט, און צום כלל. ליידן און לייטערונג דער דאָרנדיקער וועג.

„אין דרויסן אַ שניי און אַ פינצטערניש
אַ שטילער נאָגנדער ווינט
דורך טרויער מוז קומען, דורך ווייטיקן
דאָס נייע דערוואַרטעטע קינד".

אָדער א סטראָפ פון אַן אַנדער ליד:

„איך האָב שוין דאָן געזען ווי מענטשן לײַדן, שווײַגן
האָב איך דעם שווײַגן זייערן אין זיך פאַרנומען
און עפּעס פאַרגעשטעלט זיך אין ווײַט אין ווײַטער עלטער
עפּעס גרויסעס, וואונדערלעכעס ועט פון לײַדן קומען."

אין דעם כאָאָס פון ניו־יאָרק האָט מען לייוויקס ליד פון סיביר, דאָס ליד פון דערפאַרונג און לײַדן דערהערט און ווײַטער געלאָפן. מען האָט זיך געטראַכט, אַזוי דאַרף אַ פּאָעט זײַן. ער דאַרף טראָגן אַ דערנער־קראַנץ פון לײַדן, כּדי מיר זאָלן קאָנען אָנגיין מיט אונדזער לעבן. ער, דער פּאָעט דאַרף זײַן דער קרבן עולה פאַר אונדזערע זינד. אָבער לייוויק האָט ניט געוואָלט אַ פּאָעט זײַן. ער האָט געוואָלט מענטש זײַן און רעגן נישט דורך לײַדן, נאָר דורך געשטאַלטן פון מענטשן איז ער אַוועק צום טיפן קוואַל פון לײַדן און פון דאָרט פיגורן אַרויסגעבראַכט. אויב נישט דורכן שניי פון סיביר, איז אפשר דורכן געשיכטלעכן שטויב פון פּראָג וועט מען קאָנען וועקן און רעגן. און ער איז געוואָרן איינער פון די מרגלים. אַוועק קיין פּראָג כּדי גובר צו זײַן זײַן אינדיווידואַליזם. זיך באַפרייען פון זײַנע לײַדן און דורך דעם אפשר בעסער געהערט ווערן, און אפשר אויך געפינען אַ בעסערן, מער צוגענגלעכן מעדיום צו דעם אויער פון אונדזער אַמעריקאַנער פאַרהאַרטעוועטן יידן. פון פּראָג צוריק קיין ניו־יאָרק. מען דאַרף קינסטלעריש איבעראַרבעטן די געשיכטע, כּדי איר צו מאַכן צוגענגלעך צום פּשוט'ן מענטשן, דורך דער יידישער געשיכטע געפינען דעם ריכטיקן טאָן פאַרן היינט.

פאַר מ. ל. האַלפּערן איז דער פּראָצעס געווען אַ לײַכטער. ער האָט ניט געדאַרפט שווער אַרבעטן כּדי בײַצוקומען דעם „איך פּאָעט" זשאַנער. ער איז אים, אייגנטלעך, קיינמאָל באמת ניט בײַגעקומען. פון „ליאַדושקא" און „גינגילי" און דעם „גאַסן פּויקער" ביז די „נאַכט" איז נישט קיין ווײַטער מהלך. עס איז מער אַ פראַגע פון גראַד פון טעמפּעראַמענט ווי אַן ענדערונג אין תוך. קיין צו גרויסן היסטאָרישן באַגאַזש האָט האַלפּערן נישט געהאַט. ער האָט זיך קיינמאָל סאָציאַל ניט אָריענטירט. אַמאָל האָט ער קאָנטראָלירט זײַן פּאָעטישן

טעמפעראַמענט זענען דאָן אַרויס פֿײַנע ערלעכע געשטאַלטן און בילדער. און ווען נישט קאָנטראָלירט־צעשויבערטע, נישט קלאָרע לידער. ער איז אויך געווען אַ קרבן פֿון אַ סאָציאַל טויבער סביבה, וועלכע איז געווען פֿאַרנומען מיט שטילן דעם הונגער פֿון יאָרן לאַנגן פֿאַסטן און איז דערפֿאַר געניטגט געווען זיך צו צוהערן צום קיך רעאַליזם פֿון די „פּאַרוועטס" באַלמעלאָכעס — לעווין, אַדערשלעגער, באָטווינִיק און ענלעכע. האַלפּערן האָט נישט קיין כּוח געהאַט עולה רגל צו זיין האָט ער פֿאַנטאַסטישע געשטאַלטן געשאַפֿן, אויסטערלעשע בילדער. ער האָט זיך אַזויערנאָך אָפּגערעכנט מיט דער אַמאָראַלישער סביבה. זײַנע אויסטערלישע בילדער האָבן דער סביבה גאָרנישט געגעבן. און אים האָבן זיי אַראָפּגעפֿירט פֿון דרך הישר. אויפֿן וועג צו דער גע־שיכטע האָט ער פֿאַרבלאָנדזשעט קיין קוני אײַלענד צום ים; ער האָט אויפֿגעבויט אַ גרויסע מאַשין, און מיט איר זיך אַוועקגעזעצט ביים ים און דאָרט אָנגעהויבן שאַרזשירן. אַ פֿאַרזוך האָט ער אָבער געמאַכט, נאָר אַריבערשווימען דעם ים האָט ער ניט געקאָנט. פֿאַרכאַפּט גע־וואָרן פֿון זרחין ביים ברעג.

זייער ווייניק פֿון די וויכטיקע יידישע שרייבער איז געלונגען אין די פֿאַר־מלחמה יאָרן זיך אײַנצוגראָבן אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן און פֿון דאָרט אַרויסצוברייינגען גרונטאָוונע בילדער אָדער גריט־לעכע ווערק. אַ טייל זענען ווייטער ווי צו די פֿלאַכן און אויבער־פֿלאַכן ניט געגאַנגען. אַראָפּגעשעפּט אַ קאַפּיטשקע רעאַליזם און געמאַכט „קאַמערע פּיקטשעלעך, אַנדערע זענען אײַנגאַנצן אַנטלאָפֿן. אָפּאַטאָשו האָבן מיר געזען איז צוגעגאַנגען צו דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט ווי אַ קינסטלער. און האָט געזען דעם אַמאָראַלישן כאַאָס אין דער יידיש אימיגראַנטישער מאַסע. אַ פֿאַרגרעבטע מאַסע אָן טראַדיציע און אָן געשיכטע. די מאַסע האָט געהאַט דעם גלויבן פֿון דעם אָרום, אַז בלויז שאַנס, צופֿאַל רעגירט די וועלט. אין אַזאַ סביבה איז געווען זייער נאַטירלעך פֿאַר אַ טיפּן, מענטשלעכערן שרייי־בער גיין צו געשיכטע און ווייזן די מיסטעריעזע אַרבעט פֿון שיקזאַל. עס איז געווען זייער נאַטירלעך, אַז פֿון אַזאַ פֿלאַכער סביבה זאָל אָפּאַטאָשו אַוועקגיין צו געשיכטע און זען די אידייען, ראַנגלענישן און טרוימען אַלס קאָנטראַסט צו דער גרויער טאָט פֿון דער ניו־יאָרקער

גנעטאָ. ער איז אַוועק ניט נאָר זוכן טראַדיציע פאַר זיינע העלדן, נאָר אויך פאַר זיך אַליין. און אין זיינע „פוילישע וועלדער" האָט ער געבראַכט צו אַ קלימאַקס די טראַדיציע פון פּרץ און אַש און גלייכצייטיק געשאַפן דעם גרויסן ראָמאַן וואו ס'שפּיגלט זיך אָפּ אַן עפּאָכע און עס ווערן געמאָלן אינטענסיוו און עקסטענסיוו מאַסן בילדער און עס ווערן אַרויסגעפירט עטלעכע ריזיקע טראַגישע פיגורן. שפּעטער האָט אָפּאַטאָשו געקאָנט נאָכפאָלגן זיינע העלדן און זען וואָס ס'ווערט פון זיי אין נייעם לאַנד. זיין ווילן צו געשיכטע איז געווען דינאַמישער ווילן צו ראָמאַנטישן רעאַליזם, צו פאַרטיפונג פון ירושה. אַ דאַנק דער אַרומיקער אַרימקייט. דער אָפּגעהאַקטער קאָפּ פונם קאַצקער אין „די טענצערן" איז כמעט סימבאָליש.

8

אין „די פוילישע וועלדער" קומט צום פולסטן אויסדרוק אָפּאַ־טאָשו'ס עלזייטיקער טאַלאַנט. גלייכצייטיק איז עס אויך דער פול־קאָמסטער ראָמאַן אין דער יידישער ליטעראַטור. אין „די פוילישע וועלדער" קומען זיך צוזאַמען העלדן, אידייען, אַן עפּאָכע פון צווישן פּעלקערלעכע באַציאונגען, ראַנגלענישן פון יחידים און פון מאַסן און זיי ווערן צוזאַמענגעהאַלטן און סינטעטיזירט פון דעם פיינעם אָרגאַ־ניזיר כוח, וועלכן אָפּאַטאָשו האָט. דער ראָמאַן הייבט זיך אָן אין די ליפּאָווצער וועלדער, וואו מרדכי'ס (דער הויפּט העלד) זיידעס און עלטער־זיידעס האָבן געלעבט. אַ רייכע, פעטע סביבה פאַר מענטשן מיט שטאַרקע, פולע אַפּעטיטן און ליידנשאַפטן. דאָס לעבן איז דאָ ווי לעקן האָניק פון אַ דאָרן. מיטן ריח פון וואַלד און הימל און מיט בלוט פון דורות וואַלד־מענטשן מיט ברייטע השגות און נאָך ברייטערע אַפּעטיטן וועט אָנגעפילט ווערן דער וועזן פון מרדכין. מרדכי, אַ בן יחיד פון אַ צאַרטער, איידעלער, בלוט אָרימער מאַמע, מיט אַ יחוס ליניע אין איר גאַנץ וועזן, אַ געליטערטע, און אַן ערדי־שער, קרעפּטיקער, כמעט עלעמענטעשער טאַטע מיט דורות וואַלד אין זיין בלוט, וועט אויף זיינע פּלייצעס אויסטראָגן אַלע ראַנגלענישן, אינהיביציעס, האָפנונגען, אַנטוישונגען און קאָנפליקטן אינם ראָ־מאַן. מיט אים און דורך אים וועלן מיר זען די זיידעס און עלטער־זיידעס פון אונדזערע אַמעריקאַנער אימיגראַנטן. מרדכי וועט זיין אי דער עדות פון דער אויטענטישקייט פון אַ היסטאָרישער עפּאָכע, אי דער אָפּהיטער פון אמת סאָציאַלע קאַמפן און געזעלשאַפטלעכע שיכות'ן, און אי אַליין אַנטיילנעמען און אַקטיוו זיך באַטייליקן אין די אויפשטאַנדן און קאַמפן. אויף מרדכי'ס פּלייצעס איז אַרויפ־געלייגט געוואָרן אַ זייער שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע ראָליע. ער דאַרף פאַרוואַרפן אַ שטריק אין דער צוקונפט, כדי זיינע איבער־לעבונגען און די דערפאַרונגען פון זיין דור זאָלן נישט גיין לאבוד. איז ער בכוח דאָס צו טאָן? ווי אַזוי שילדערט אים אָפּאַטאָשו?

„מרדכי איז געוואַקסן אַ פּאַרטראַכטער, אַ צוריקגעהאַלטענער, „יונגלווייז האָט מרדכי וויניק גערעדט, און אַז מען האָט אים עפּעס געפרעגט, האָט ער באַלד נישט געענטפערט, געקלערט אַ ווײַלע, ווי עס וואָלט אים שווער געווען צו באַגרײַפן וואָס מ'פרעגט אים. תמיד אַרויסגעזאָגט אַ נאַרישקייט, זיך פאַררויטלט און געקוקט מיט זײַנע גרויסע, גרויע אויגן אַזוי פרײַ און ווייך, אַז יעדער האָט אים געמוזט ליב קריגן. נאָך אַלס יינגל, האָט מרדכי זיך אַרויסגעצייגט אַנדערש ווי אַנדערע קינדער. ער האָט נישט געקאָנט קוקן ווי די פּישער־שקצים מאַטערן חיות, פּונדעסטוועגן, אַז ער האָט צום ערשטן מאָל געזען ווי אַ שוחט האָט געקוילעט ביי זיי אין הויף הינער, האָט עס אים כמעט ווי נישט גערערט", שפּעטער איז ער אַליין אַוועק אין שטאָל און געמאַכט אַן עקספּערימענט מיט איבערשניידן אַ הון דעם האַלדז. דער רעזולטאַט פון זײַן עקספּערימענט איז געווען אַ מער געלונגענער ווי האַסקאַלניקאַווס אין דאָסטאָיעווסקי'ס „פּאַרברעכן און שטראָף", יענער איז געוואָר געוואָרן, אַז ער געהערט נישט צו די העלדן, וואָס קאָנען מיט אַ רואיקן געוויסן אַלץ טאָן. מרדכי, הפּנים, האָט יאָ געקאָנט. ווייטער דערציילט וועגן אים אָפּאַטאָשו, אַז צו „צוועלף יאָר האָט שוין מרדכי אַליין געלייענט אַ בלאַט גמרא. גע־וועגן אָבער פאַר'חוש'ט. אין מיטן בעסטן לערנען האָט ער געקאָנט שטעלן שלמה'ן (זײַן רבי) אַ קשיה, פאַרוואָס עס ווערט נישט קיין פליך אויף דער באָרד, נאָר אויפן קאָפּ. אָדער אַרויסשלעפּן פון דער קעשענע אַ גרין זשאַבקעלע, און עס לאָזן פאַר אַ שפּאַציר איבער דער גמרא". ער האָט געלערנט און אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם סוד פון וואַלד, דעם סוד פון וואַקסן און ווערן. „אַזוי איז מרדכי געוואַקסן אַ גרויס קינד, געקוקט יעדן אין די אויגן. ליב געהאַט די פּישערס, ליב געהאַט דעם מלמד און פאַר קיין זאַך זיך נישט געשראָקן. ער האָט געגלייבט שלמה'ן, אַז אַריסטאָטל האָט איבערגעגעבן דעם רמב"ם דעם נאָמען פון אַ קליין מענטשלעכדאָ דערל, וואָס, אַז מען שניידט עס אויס נאָכן טויט ווערט מען צוריק לעבעדיק. ער האָט אייך געגלויבט וואַצעקן, אַז טיף אין וואַלד איז דאָ אַ ווערבע, וואָס האָט קיינמאָל ניט געהערט דעם גערויש פון וואַסער, דאָס קרייען פון אַ האָן און אַז מען מאַכט פון אַזאַ ווערבע אַ פײַפל, קאָן מען מיטן

פייפל טויטע פון די קברים אויפוועקן". פון די אויבנגעבראַכטע ציטאַטן קאָן מען זען, אַז מרדכי האָט אַלע מעלות פון אַ זעער און קינסטלער. ער האָט נישט קיין אינהיביציעס, קוקט פריי און דרייסט דער וועלט אין פנים אַריין. און ער האָט אַ חוש צו דערשפּירן דאָס טיפסטע. ער איז כמעט ווי געבוירן אויפצוגעמען וואונדער.

אין מרדכי'ן האָט אָפּאַטאָשו דערגרייכט די הויפּט פונקציע פונם נאָוועליסט. ער האָט באַשאַפן אַ כאַראַקטער, וועמען ער וועט אַריינ־וואַרפן אין דעם רויש פון פּאַסירונגען פון זיין צייט, כדי אַזוי־ערנאָך אונדז צו געבן אַ פינקטלעכן, פערמאַגנעטן רעקאָרד פון אַ געשיכט־לעכער פאַזע אין השכלה און אין חסידות. מרדכי'ס כאַראַקטער און אויטענטישקייט וועט ניט געפרואווט ווערן מיט די פּאַסירונגען אַרום אים, נאָר פאַרקערט. אַלע פּאַסירונגען אַרום, וועלן געמאָסטן ווערן מיט מרדכי'ס רעאַלקייט. די געשעעענישן וועלן זיין רעאַל, ווייל מרדכי איז רעאַל, ווייל איטשע, אָדער ישראל זענען רעאַל. דורך מרדכי'ן וועלן מיר זען קאָנפליקטן פון פאַרשיידענע כוחות אין יענער צייט. מיר וועלן זען באַריר־פונקטן צווישן חסידיזם און השכלה. רעוואָלט שטימונגען צווישן פויערים. רעוואָלט, און נאַציאָנאַלע דערוואַכונגס אידעאַלן צווישן די פויערשע מאַסן. די פאַרמע פון דעם ראָמאַן וועט זיין צוגעפּאַסט צום אינהאַלט. אַ סינטעז פון דעם ביאָגראַפישן און דראַמאַטישן מעטאָד אין דער נאָוועלע, און דערפאַר וועט דער סטיל אָפּטמאָל זיין אַ מוזיקאַלישער און טיילווייז אַ סקולפּטאָרישער. ער וועט אויך זיין אין דער טראַדיציע פון יידישע פּראָזע. צוויי טראַדיציעס פון יידישער פּראָזע, איינע אַ פּאָעטישע פּרצ'ס און אש'ס, די אַנדערע אַ רעאַליסטישע לינעצקי'ס און מענדעלי'ס, זענען אים געלעגן ביים האַנט. אָפּאַטאָשו האָט איינגעזאַפּט די טראַדיציע און זיך דאָך אָפּגעזאָגט צו גיין אין אירע אויסגעטראָטענע וועגן. ער האָט דער טראַדיציע נייע פאָרם געגעבן, זיין אייגענעם ראָמאַנטישן רעאַליזם, וואו רעאַליזם ווערט לעגענדע און לעגענדע ווערט רעאַל.

מרדכי קומט אין באַרירונג מיט כמעט אַלע סאָציאַלע און רע־ליגיעזע כוחות אין יידישן לעבן. פון ריין קינסטלערישן שטאַנד־פונקט איז דאָס אַ שטיקל חסרון. פאַר דעם קינסטלער איז באמת שווער אַזויפיל צו זען אויף אמאָל, און זען עס גאַנץ און טיף. פאַר

מרדכי'ן איז עס אָפּטמאָל איבער די כוחות. ער מוז זיין אַן איבער־מענטש. און כאָטש ער ווערט צוגעגרייט פאַר גרויסע און אויס־טערלישע געשעענישן, איז אים אָבער שווער אריינצוקומען אין ספערן, וואו בלויז גרעטער קאָנען זיך ראַנגלען און געווינען. קינסט־לעריש ווערט דער ראָמאַן ליידן פון דעצענטראַליזאַציע. אָפּאַטאָשו נעמט אַרום אַ צו ברייטע קאַנווע פון ווירקונגס כוחות און קרייזן, ער זאָל זיי קאָנען געגוג פאַרטיפן. און דאָך, האָט אָפּאַטאָשו דאָ דערגרייכט דעם שפּיץ פון מייסטערשאַפט אין דעם ראָמאַן. און מרדכי איז גאַנץ און פול אין אַלע זיינע באַריר־פונקטן מיט דער סביבה. ספּעציעל העלפט אים אַרויס זיין כוח זיך איננאַנצן איבערצו־געבן צו זאַכן. זיין פיאיקייט זיך אריינצואוואַרפן מיט לייב און לעבן אין אַן איבערלעבונג. דערצו איז ער נאָך געווען אַ כוהן מיט אַ הייסן טעמפּעראַמענט.

איידער ער פאַרט קיין קאָצק, וואו זיין פערזענלעכקייט וועט זיך איננאַנצן אַנטוויקלען און אַרויסווייזן, לעבט ער דורך צוויי דער־פאַרונגען וואָס גרייטן אים צו, מאַכן אים אויפנאַם פיאיק. ערשטנס זיין טרויעריק־דורכגעפאַלענע ליבע מיט רחל'ען און,זיין קאָנטאַקט מיט זיין מתנגד'ישן זיידע און זיין לעבן צוזאַמען מיט ר' איטשען. זיין אַנטוישטע ליבע וועקט אויף אַלע זיינע בלוטן און באַפרידיקט זיי ניט, ווערן זיי שפּעטער סובלימירט אין חסידות. אָבער חסידות מיט תמימות, מיט נאַאיוון גלויבן, מיט אַ נייגונג פאַר וואונדער און זיך איבערגעבן אַ געפיל איננאַנצן. זיין לערנען ביי זיין זיידן דעם מתנגד און דידאַקטישן למדן, אַנטוויקלט ביי אים אַ ווידערווילן צו דידאַקטישער לומדות און פאָרמאַליזם. גלייכצייטיק וועקט דאָס אין אים אַ שטאָלץ אין זיין אָפּשטאַם, און זיין מאַמעס משפּחה, צו זייער פרומקייט און עסקעטיציזם. פון ר' איטשן, דעם צדיק און גוטן מענטש, וואָס איז מלמד זכות אויף יעדן, לערנט מרדכי ליבע צו חסידות און די בענקשאַפט צו משיח און וואונדער. די איינ־פלוסן מישן זיך צונויף און סינטעטיזירן זיך אין מרדכי'ן, און מאַכן אים פאַר אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער אין דער יידישער ליטעראַטור.

עס זענען דאָ צוויי וועגן פון איבערגעבן היסטאָרישע פּאַסי־רונגען. צוויי קינסטלערישע וועגן. איינער איז דער וועג פון גע־

דענקען. דער שרייבער געדענקט, און פאַרצייכנט אין זיין זכרון אַלערליי היסטאָרישע פּאַסירונגען, די פערזענלעכקייטן וואָס די געשיכטע שטעלט אַרויס ווי טעלעגראַף סלופּעס צו צייכענען דעם וועג. דער שרייבער שטעלט זיי צוזאַמען. און אויב די פּאַסירונגען און די העלדן זענען אינטערעסאַנטע קומט אַרויס אַ פאַרכאַפּנדער ראָמאַן. דער צווייטער וועג, איז דער וועג פון דערמאָנען זיך. דער שרייבער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דאָס לעבן פון העלדן, דעם געראַנגל פון אידייען און באַוועגונגען. זיין בלוט איז אויפגעקאָכט געוואָרן. שפּעטער האָט ער זיך באַרואיקט און פאַרגעסן. יאָרן שפּעטער האָט ער זיך דערמאָנט און דאָס אַראָפּגעשריבן. אין דעם ערשטן פאַל דאָמינירט דער אינטעלעקט, אין דעם צווייטן פאַל דאָמינירט די עמאָציע מיט געלייטערטן אינטעלעקט. אַפּאַטאָשו באַנוצט די צווייטע מעטאָדע. ווען מרדכי זעט ר׳ איטשן וואַשן דעם קראַנקן אין בית־המדרש ווערט ער פאַרכאַפּט און ער דערמאָנט זיך, ווען ער קומט אין באַרירונג מיט ישראל׳ן און שמואל׳ן, רעגיסטרירט ער ניט כדי צו געדענקען, נאָר ער דערמאָנט זיך אין געראַנגל און קאַמף. ער דערמאָנט זיך און אורטיילט. אַפּאַטאָשו אַליין איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די מאַסן קאָנפליקטן, איבערקערענישן און דאָס ראַנגלען זיך פון אונדזער צייט, און ער האָט זיך דערמאָנט אין די ראַנגלענישן פון ר׳ מענדעלע קאָצקער, די פויערים אויפשטאַנדן אין 1863. גלייכצייטיק באַמערקט אַפּאַטאָשו די לעצטע מאַהיקאַנער פון אַן עפּאָכע. אַזוי זען מיר ר׳ איטשען, ווי אַ לעצטן זונשטראַל, וואָס פאַרשווינדט אונטערן האָריאָנט. אַמאָל האָט אַ זון געפּלאַקערט און פאַרשפּרייט וואַרימקייט רעכטס און לינקס, איצט איז בלויז אַ שטראַל געבליבן, וואָס זאָגט אפשר אָן, איך וועל נאָך קומען. אין אַן אַנדערע צייט, אין אַ נייעם טאָג. ר׳ איטשע, כאָטש אַ לעצטער גרויסער חסיד, זאָגט אָן מיט זיין לעבן און זיינע טאַטן, אַז ער וועט נאָך קומען. אין אַן אַנדערע צייט, מיט אַן אַנדערע אידייע. מרדכי שפּירט עס, ווייל אַפּאַטאָשו האָט דעם נייעם הערָאָאיזם געהאַט אין זיין געמיט. אונדזער היינטיקן הערָאָאיזם. פּונקט ווי מרדכי שטייט ביי בערעק׳ס קבר און איז ניט זיכער ווער ס׳איז געווען, ר׳ איטשע, צי דער באָרוועסער ישראל. נאָר ער זעט, ווי דער אַלטער קאַליקע, וואָס

האָט זיך צוזאַמען מיט בערעק'ן געשלאָגן פאַר פּוילנס פרייהייט ליגט אויפן קבר און וויינט, ווערט ער מיטגעריסן און וויינט אויך. און שפּעטער גייט ער מיטן אַלטן צו פוס קיין קאַצק, ווי זיידע מיט איי־ניקל. אַזוי שטייט אויך אָפּאַטאָשו פאַרן קבר פון אַמאָליקע קאַמפן און פאַרגיסט אַ טרער און טרייסט זיך מיט דער המשכ'דיקייט פון קאַמף. מרדכי שטייט ביים וויגל און ביים קבר וואו ראַגלענישן און גסיסה קרעכצן, פונם קאַצקערס שיטה, רחמנות און ראַציאָנאַליזם פון ר' איטשע און שטראַל־קעמפן צווישן זיך. אין אים געפינען די אידייען אַ האַרמאָניש גלייכגעוויכט. אין אים געפינען מיר דעם באַלאַנס פון די שטרייטנדע כוחות, אין אים געפינען מיר די המשכ'־דיקייט פון קאַמף.

אָפּאַטאָשו ווייזט אונדז אויך די ירידה פון חסידות. חסידות, וואָס האָט איבערגענומען און געדאַרפט ווייטער וואַרימען די משיח־אידייע, איז דעגענערירט געוואָרן פון איין זייט אין דער נזירות פון דעם באָרוועסן ישראל, און ר' איטשעס מופתים, אין דעם קאַצקער'ס איזאָלירטקייט, און פון דער אַנדערער זייט אין די אָרגיעס פון דעם קאַצקער'ס קינדער.

אין ביכער פון אַ קאָמפּליצירטן רעאַליסטישן געביי, ווי אין די גרויסע סאָציאַלע ראָמאַנען פון נײַנצנטן יאָר הונדערט, זענען מיר באַרעכטיקט צו באַטראַכטן די פּסיכאָלאָגישע קאָמענטאַרן, אַלס אַ שטערונג אין דער אַנטוויקלונג פונ'ם ווערק. ווייל די פּסיכאָלאָגישע עקסקורסיעס געבן אונדז, געוויינטלעך, אַ סובלימירונג פון אַ פּאָר אייגנפאַכע אימפּולסן. די וויכטיקע זאַך איז ניט דער פונדאַמענט, נאָר די געביידע, וואָס איז אויף איר אויפגעבויט. אין אַ סופער סאָציאַלן ראָמאַן אָבער ווי „די פּוילישע וועלדער", איז כמעט קיין פּסיכאָלאָגיע ניטאָ. עס זענען בלויז דאָ קאָנוועס אויף וועלכע סאָציאַלע און היסטאָרישע באַוועגונגען לעבן זיך אויס. אָפּאַטאָשו אַנאַליזירט זיי און ווייזט זייערע וואָהצלען, זייערע פרוכט און אויך זייער פאַרפוילטקייט, דאָרט וואו זיינע העלדן שיידן זיך אָפּ פון דער ערד, מיט אירע קאַמפן, לאָזט ער זיי לעבן אַ פריי לעבן. זיי קאָנען זיך באָדן אין וועלכע טייכן זיי ווילן. עס איז זייער פּריוואַטער עסק. בלויז ווען זייערע אידייען זענען געלייטערט, ברענגען זיי

פאַרטיקע פילאָזאָפיעס אַרונטער און וואַרפן זיי אין לעבן אַריין. דאַן ווערן זיי פאַר אונדז וויכטיק.

כאָטש מרדכי איז דער שומר און צוקוקער פון פּאַסירונגען, פונדעסטוועגן ערלויבט זיך אָפּאַטאָשו לאָזן מרדכי׳ן גריבלען זיך אין זיינע אייגענע וויטיקן און ער באַשרייבט די געזעלשאַפט פון יענער צייט. אָביעקטיוו, ניט מאָראַליזירנדיק. מיט דער רוהיקייט און פערצעפציע פון אַ ביאָלאָג, וואָס באַטראַכט דאָס לעבן פון מוראַזשקעס, באַשרייבט ער דאָס לעבן פון ר׳ דוד׳לס הויז. ווי באַלזאַק, אָדער טאָלסטאָי מאָלט ער אינטואיטיוו, נישט צוליב קיין באַשטימטער טענע, נאָר פשוט ווייל דאָס לעבן פאַרכאַפּט אים. מיר פאַרגלייכן דערוויי‌ל דעם חסידיזם פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, ר׳ בער מעזריטשער און דאָס לעבן פון ר׳ שלמה׳ן פון פּרץ׳ס „גאָלדענע קייט", מיטן לעבן פון ר׳ מענדעלעס קינדער, און זען די דעגענעראַציע פון אַן אידייע און אַ באַוועגונג. די הויפּט כאַראַק־טעריסטיק פון אַ גרויסן נאָוועליסט איז ניט נאָר צו באַשאַפן לעבע־דיקע און מענטשלעכע כאַראַקטערס, נאָר אויך צו רעקאָנסטרואירן די ספּיריטועלע און מאַראַלע אַווענטיורעס פון דער געזעלשאַפט פון דער באַשטימטער צייט. אָפּאַטאָשו רעזומירט דאָס חסידישע משכיל׳ישע לעבן פון יענער צייט. די צוויי וויכטיקסטע באַוועגונגען אין יידישן לעבן פון 19טן יאָר הונדערט.

דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז קאָנצענטרירט אַרום דעם העכערן מיטל־קלאַס, גבירים, און דער נידעריקער מיטל־קלאַס. קיין אַרבעטער זענען ניטאָ. סאָציאַלער פּאַנאָראַמע און די פאָרמירונג פון נייע גרופּירונגען, באַגעגענען מיר ביי ר׳ יוסף שטראַל אין הויז. דאָרט טרעפן מיר די דעקלאַסירטע פּוילישע אינטעליגענץ — קאַמאַראָווסקי, קראַסנאָפּאָלסקי און קאַהאַנע. די אינטעליגענץ פאַרשטייט ניט און זוכט נישט אונטער די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סיבות פון באַווע־גונגען און גרופּירונגען, דערפאַר הילן זיי איין זייער באַדנלאָזיקייט אין אַ טומאַן פון מעסיאַנישע און דעקלאַמאַטאָרישע לאָזונגען. דאָרט, וואו עס פעלן גרונטאָווע לאָגישע סיבות, לאָזט מען זיך אויף די וואָלקנס פון אייביקע אידייען, אייביקע מיסיעס, אַבסטראַקטע פּרינציפּן. אַלע געשפּרעכן אין ר׳ יוסל שטראַלס הויז, סיי פון די

פוילישע פּריצים, סיי פון די יידישע אינטעליגנטן, און סיי יוסל שטראל'ס חיבור אויף געטעם פאוסט, און סיי זיין בריוו־בייט מיט ר' נחמן קראָכמאַל און אַנדערע משכילים פון יענער צייט, זענען גיכער עלעגישע עכאָס פון אַ שטאַרבנדיקער צייט, ווי וואָרצלען פון אַ נייער לעבנס אַנשוויאונג. די אַלע געשפּרעכן און אידייען זענען גיכער שטויביקע הערבסט־בלעטער, קאָלירטע הערבסט־וואָלקנס ווי באַגי־נענס. אפילו שמואל'ס חכמות, און ר' איטשעס וואונדער, זענען גיכער שיינע גסיסה־קרעכצן, ווי זריעה פאַר אַ ניי לעבן. עס איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס אין דעם אַמעריקאַנער אימיגראַנטן דור, האָט אַפּאַטאָשו מער ווי פּיליפּס און סעמס ניט געפונען. אויף צו ירש'ענען גאָלדענעם האַרבסט־שטויב דאַרף מען זיין עפּעס מער ווי אַ גאָטלאָזער מענטש. מען דאַרף זיין סובטילער ווי מיסעס ריטש, אָדער איר פריינט.

מרדכי'ס וועג גייט ווייטער דורך ראַנגלענישן מיט זיך, מיט זיין אינוויזיקסטן באַגער צו גלויבן, וואָס איז כמעט שיקזאַלהאַפט צו מענדל קאַצקער — איינער פון די רייכסטע און טיפסטע פערזענלעכ־קייטן אין דער יידישער ליטעראַטור. אַפּאַטאָשו האָט אים געגעבן סביבה, פּליגלען און אַ לשון, מענדל קאַצקער'ס רעוואָלט ווערט ביי אַפּאַטאָשו'ן עפּעס מער ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער וואַכעדיקייט פון פּדיונים און נסים. מענדל קאַצקער'ס רעוואָלט קעגן דער קליינ־לעכער, גראָשנדיקער וועלט פון חסידים מיט קליינע אַפּעטיטן און שטויביקע פאַרלאַנגען, ווערט ביי אַפּאַטאָשו'ן פון אַן אינצידענט אין דער חסיד'ישער וועלט פאַרוואַנדלט אין אַן אינספּיראַציע. אַ ליכט־שטראַל, וואָס באַלייכט די גייער אויף יעקב'ס לייטער צו די הימלען. און אינספּיראַציע פאַר אַלע רעבעלירנדיקע נאַטורן, מרדכי ווערט פאַרכאַפּט דערפון. ער קריגט די ערשטע קערנדלעך פון רעוואָלט, וואָס זענען אַ פּועל יוצא נישט פון פערזענלעכער אַנטוישונג, נאָר פון אַ פאַרלאַנג צו קלעטערן. עס איז די אינספּי־ראַציע און נישט די וואַקכאַנאַלישע נאַכט ביי ר' דניאל'ן אין הויז, אָדער זיין אַנטוישונג און פעליציען, וואָס מאַכט אים גרייט צו גיין מיט קאַהאַנען אַן שום פראַגעס, וואו און צו וואָס. מענדל קאַצקער'ס רעוואָלט קעגן אַן אַפּגעשטאָרבנדיקע וועלט, שיקט מרדכי'ן קעמפן

פאַר אַ נייער וועלט. שיקט מרדכי'ן קיין פּאַריז און צו די פּויערים־אויפשטאַנדן.

מרדכי, לויט ווי אַפּאַטאָשו האָט אים קאָמפּאַנירט, איז ניט נאָר אַ העלד אין דעם ראָמאַנטישן זין, נאָר ער איז אויך אַ מין באַראָמעטער פון זיין צייט. אין אים שפּיגלען זיך אָפּ אַלערליי סאָציאַלע רעגונגען און נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס. האַלב מיסטישע שפּירונגען. פלוצלונגדיקע ענטוזיאַזמס, און באַלדיקע אַנטוישונגען זענען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר איבערגאַנגס פעריאָדן אין דער געזעלשאַפט. אין מרדכי'ס פּערזענלעכקייט ווי אין אַ רעגנבויגן שפּיגלען זיך אָפּ אַלע פאַרבן און שאַטירונגען פון די ליבעראַל דעמאָקראַטישע באַוועגונגען אין זיין צייט, אין דער פּוילישער וועלט. מיר זען די יידישע רענעסאַנס, וועלכע האָט פּאַרוויאַנעט נאָך איידער זי האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט. ר' איטשע, און ר' מענדל קאַצקער, ווי גרויס זיי זאָלן ניט זיין אַלס פּערזענלעכקייטן און אַלס פאַרטרעטער פון אידעאָלאָגיעס, זענען סאַטעליטן אַרום מרדכי'ס זון. ווייל מרדכי איז דער פאָרשטייער פון פאָלקס אידייען, פאָלקס אידעאַלן. איטשעס און מענדעלים קרייזן פון אַקטיוויטעט זענען באַגרעניצט, זענען יחידיש. מרדכי'ס רעגונגען קומען אין באַרירונג מיט די פּויערים־אויפשטאַנדן. דאָרט זען מיר אים אין זיין גאַנצקייט. „מרדכי איז אויסגעוואָקסן ביי דער גיפּסינער פיגור וואו הייליקע פּאָנען האָבן געפלאַטערט. אַ בלייכער מיט אויפגעהויבענע הענט איז ער געשטאַנען עטוואָס געבויגן, זיך קיין ריר געטאָן. די אויגן אָפענע, מילדע האָבן געקוקט עטוואָס צעשראָקן און וועמעס בליק ס'האָט צו זיי פאַרבלאָנדזשעט, האָט זיך שוין פון זיינע אויגן נישט געקאָנט באַפרייען. צווישן די פלאַטערנדע פּאָנען האָבן אַרויסגעשטראַלט צוויי פּנים'ער, ווי צוויי לייבלעכע ברידער — דער בלייכער זון און, און דער נאָך בלייכערער מרדכי", מרדכי'ן ווי אַלע פירער פון זיין צייט, האָט געפעלט אַ דיאַלעקטישער פאַרשטיין פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות. זייערע סתירות און טרייב־כוחות. ווילן האָבן זיי געהאַט. נאָר דאָס נישט פאַרשטיין און אָפּשאַצן, האָט זיי אַלע מאָל געשטערט צו באַגרייפן זיגן אָדער דורכפאַלן. מרדכי'ן איז אויך אַלעמאָל עפּעס געשטאַנען אין וועג. אין דערזעלבער סצענע ביים

קאַשטשאַל זען מיר נאָכאַמאָל מרדכי'ן אין אַ דינאַמישן מאָמענט, אין אַ מאָמענט פון טאַט. און ווי כמעט אַלע העלדן אָפּאַטאָשוס, איז ער זעלטן דעקאָראַטיוו, אָדער קאָנטעמפּלאַטיוו, נאָר אַלעמאָל דינאַמיש. אָפּאַטאָשוס טאַלאַנט איז אַ בלוטיקער און ערדישער, אַ דינאַמישער. בלויז וואו די דינאַמיק שלאָגט זיך אָן אין נישט פאַרשטענדלעכע כוחות, אָדער אין אוואַנטורישע עקסקורסיעס, ווערט עס טראַגיש ווי מרדכי איז אַפּטמאָל טראַגיש. „עמיצער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט. ער האָט געזען ווי אַ יינגל האָט זיך צוגעזעצט, אָפּגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר שטומע צעשראָקענע אויגן און בלוט האָט זיך אַ גאָס געטאָן ביים יינגל פון מויל. מרדכי האָט אים צוגעלייגט דעם צלם צו די ליפּן און איז גלייך אַוועקגעשלעפּט געוואָרן מיטן שטראָם. ער איז געלאָפן ווי אין פיבער. געפילט ווי די הענט ברעכן ביי אים, שרפ'נען, זיך געוואָלט באַפרייען פון די וויים־צעגליטע שטיקער אייזן, וואָס ער האָט געהאַלטן צווישן די פינגער. און טויזנטער פּאַסירונגען האָבן אויפגעשיינט ביי אים אין אַ רגע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווען די מאַסע ווי אַ רויע קראַפט האָט אומגעוואָרפן און אויסגעריסן אַלץ, וואָס ס'איז איר געשטאַנען אין וועג. יאָ, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעכאַפּט אַ פּאָדעם, נאָך אַ פּאָדעם, געהאַלטן דעם סוד פון דער וועלט אַ פאַרבלוטיקטן, געוואָלט אים אַ שליידער טאָן דער מאַסע ווי אַ צערייצטן ביק זי זאָל משוגע ווערן, זי זאָל זיך אויפעסן לעבעדיקערהייט. ער האָט אַ הויב געטאָן די הענט, דערזען ווי דער צלם צעוואַקלט זיך, בלייבט שטיין צווישן אים און דער מאַסע ווי אַן אייזערנע מחיצה, רויטע טראָפּנס פייער זענען פאַרביי מיט אַ זשומעריי. מרדכי האָט דערפילט אַ שליידער אויף צוריק — דער צלם, אַן איבערגעבראָכענער איז געלעגן ביי זיינע פיס. ער האָט דערזען, ווי ער שטייט איבערן צעבראָכענעם צלם מיט צעשפּרייטע הענט און שרייט־רוים איז געפאַלן, רוים איז געפאַלן." אין דער פּאַסירונג זען מיר דעם גרויסן ווילן און די קליינע פאַרשטענדעניש. גראַנדיעזער ווילן און אַזעלכע מיזערנע דורכפאַלן. און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער עפּאָכע. להיפוך צו דער אַמעריקאַנער יידישער ווירקלעכקייט איז די עפּאָכע מיט אַלע אירע מעטאַמאָרפאָזן פון

אונטערגאַנג, מיט אַלע אירע דעקליאַמאַטאָרישע און רעטאָרישע אי־
דייען א ריזיקע מיליע פאַר א נאָוועליסט. ר' איטשע, וואָס איז א
הלל אין זיין אידעאָלאָגיע און האַנדלונג, ווערט אַנטקעגן געשטעלט
דעם קאַצקער, וואָס איז א שמאי. צוויי פאַלוסן פונם מענטשן.
פּרץ'ס „צוויי בערג" אויפגעטורעמט צו די העכסטע שפּיצן. ביידע
אידעאָלאָגיעס ראַנגלען זיך פאַר הערשאַפט. פאַנאַטישע מאָראַל,
אָדער הפקר'דיקע אוממאָראַלישקייטן זענען מער סטימולירנד פאַרן
קינסטלער, ווייזן אָן אויף מער קאָנפליקטן מיט דער סביבה, מער
קאַמפן מיט זיך אַליין, ווי די אַקטיווסטע אַמאָראַלישקייט. אין דער
עפּאָכע, וואָס אַפּאַטאָשו באַשרייבט, האָבן די ריזיקע קאָנפליקטן און
האַנגלעניש פון דער צייט געגעבן קאָליר, וויזיע און איַנהאַלט דעם
מענטשן. ווען אַלעס ברעכט צוזאַמען, מוז מען גיין צו זיך אַליין
זוכן א ליכט, א וועג־ווייזער. און דערפאַר נאָכן דורכפאַל פון דער
אימפּראָוויזאַציע, און נאָך ר' מענדעלי קאַצקער'ס טויט, בלייבט מרדכי
(און אפשר אויך אַפּאַטאָשו) שטיין על פרשות דרכים. „א הונגע־
ריקער, א מידער איז מרדכי געגאַנגען אהיים. זיך ניט גע'חדוש'ט,
וואָס א שווערער אומעט איז אים באַפאַלן, געשטיגן. וואָס נענטער
ער איז צוגעקומען צו שטראַל'ס הויז. ער האָט געוואוסט, אז מאָרגן
פרי, ווען ער וועט פאַרלאָזן פוילן, רייסט ער איבער אַלע פעדום, דער־
ווייטערט זיך פון א לעבן, וואָס איז פול מיט ספקות און יסורים.
לאָזט זיך אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג, און הויבט אָן פון דאָסניי,
ער האָט אַליין נישט געוואוסט אין וואָס עס וועט באַשטיין דאָס
נייע לעבן. געווען אָבער זיכער, אז ס'וועט זיין אַנדערש פונם
איצטיקן. ס'מוז זיין. מרדכי האָט פאַרענטפערט זיין אומעט מיטן
רבינ'ס טויט. מיטן צער, וואָס ער וועט פאַרשאַפן די עלטערן. כאָטש
ס'האַרץ האָט אים אונטערגעזאָגט, אז ס'איז נישט אמת, אז ער
נאַרט זיך אַליין, אז עפּעס שטייט אים אין וועג פון וועלכן מ'דאַרף
זיך באַפרייען. און יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זיך א נעם געטאָן
אין דער האַנט אריין, איז אַלץ ארום אים צעשוואָומען, און דער
אומעט איז נאָך געוואָרן גרעסער. ער איז געגאַנגען אין מיטן גאַס,
וואו דער שניי איז געווען טיפער, זיך געהויבן ארויף און אראָפּ.
נישט באַמערקט, אז ס'איז טונקל געוואָרן. ער האָט זיך געטויכט

אין דער אייגענער נשמה. דערזען זיין פּרצוף אַזאַ מיאוסן. ער האָט זיך פּיינט געקראָגן. געגומען גיין גיכער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו בלייבן מיט זיך אַליין. ער איז אַרויס הינטער דער שטאָט. דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן שטערן, קליינע פינקלדיקע. זעך געשפּיגלט אין שניי. שאָטנס זענען אַנגעלאָפן לאַנגע, דינע. זיך געלייגט קלאַפּטערווייז, און נישט געוואָרן. מרדכי איז געגאַנגען מיט צעשפּרייטע פינגער, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס דערגרונטעווען. זיך אַראָפּגעלאָזט טיפער, טיפער. געפילט ווי די שנאה צו זיך אַליין פאַרשווינדט, דערקענט זיין אייגן פּנים, אַזאַ מענטשלעך. איז אים איינגעפאַלן, אַז גוט און שלעכט עקזיסטירן גאָרנישט, ס'ווענט זיך בלויז ווי ווייט דער מענטש קאָן זיך פאַרטיפן..."

אין מרדכי'ן זען מיר אַלע שטריכן פון דער ליבעראַלע עפּאָכע, וואו די טעאָריע פון „לעסיי פייר" איז די הערשנדיקע. דער יחיד און זיין ווילן איז דער איינציק באַשטימענדיקער פאַקטאָר, וואו אינדיוווי־דועלער כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט באַשטימען דעם גאַנג פון געשעענישן. אין מרדכי'ן האָבן מיר דעם בעסטן און אפשר דעם איינציקן עפּיטאַם פון דעם ליבעראַליזם און אינדיווידואַליזם. ביי אַנדערע שרייבער האָבן מיר געהאַט שטיקלעך און ברעקלעך פון אָט דער הערשנדער פילאָזאָפיע אין אייראָפּע אין דעם 19טן יאָר הונדערט. שלום אַש'ס און דוד בערגלסאָנ'ס גבירים האָבן אַ ליבעראַלע פילאָ־זאָפיע, וואָס איז גיכער אַ יידיש פאַטריאַכאַלישע, געבויט אויף פסוקים פון תלמוד און מדרש. בעת ביי מרדכי'ן איז עס דער ליבעראַליזם פון דעם אונטערגייענדן פּריצים־קלאַס. דיזעלבע פילאָזאָפיע, ווען זי איז איבערגענומען געוואָרן פון די סעמ'ס אין אַמעריקע, מענטשן אָן קולטור, אָן ווייסן און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין דער ריזיגער אינדוסטריאַליזירטער אַמעריקע, איז דערפון אַרויסגעקומען אַ פּוסטע, אַמאָראַלישע פילאָזאָפיע פון „אַלעס איז ערלויבט, קיין זאַך איז פאַרבאָטן". אָבער די פאַרלאַנגען זענען געווען מיזערנע, עפּידער־מישע, און זיי זענען אפילו נישט בכוח געווען געבן אַ שרייבער מאַ־טעריאַל פאַר גרויסער נאָוועלע. זיי זענען בלויז גענוג געווען אויף סקיצעס. מען האָט זיי בלויז געקאָנט סקיצירן. ווייזן פּוסטקייט און אפשר טראַגישקייט. ווייזן זייער אימפּאָטענץ איבערצוזעצן זייערע

גערנאַנג אין מעשים. זיי האָבן נישט געקאָנט אַקטיוויזירן זייער פילאָ־זאָפיע, פּשוט דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען אין א ניי לאַנד, און נישט באַמערקט, אז די געזעלשאַפט האָט זיך געביטן. זיי האָבן בלויז געקאָנט אַקטיוויזירן זייער ווילן אין דער ארבעטער באַוועגונג. און זי איז זיי אינגאַנצן פרעמד געווען. ארבעט בכלל איז זיי פרעמד געווען. זיי האָבן זיך אַנגעכאַפּט אין דער אַמעריקאַנער לעגענדע און יידישע פּראָבלעמען האָבן זיי פאַראַטן. זיי האָבן אָן וואָרצלען געלעבט, זענען זיי פאַרהאַרט געוואָרן. זיי האָבן אפילו מרדכי'ס ירושה נישט באַמערקט. זיי האָבן בלויז דעם ריח פון די מאַסן אין קאַצקער הויף אריבערגעבראַכט און אים איבערגעלאָזט אין די הינטערגעסלעך פון ניו־יאָרק. און פאַר זיי האָט מאַני־לייב זיינע בלייכע פינגער געוויזן, און לאַנדוי האָט זיך געגרויסט דערמיט, וואָס ער איז זושע לאַנדוי. די טעמס האָבן אפילו לאַנדוי'ס שפּיי נישט באַמערקט. דורך „די פּוילישע וועלדער" האָבן די יידישע עמיגראַנטן, וועלכע זענען געשטאַנען אין א זייט, געקאָנט זען, וואָס עס ווערט פון אידייען, וואָס ווערן איבערגענומען און זיי ווערן נישט אַקטיוויזירט מיט ניי לעבן און נייעם אינהאַלט.

מרדכי'ס אַקטיוו לעבן ענדיקט זיך נישט מיטן דורכפאַל פון דער גרויסער אימפּראָוויזאַציע און מיט מענדל קאַצקער'ס טויט. אזא טיפער שאַפנדער קוואַל, ווערט נישט פאַרצערט און אויסגעשעפּט פון קליינינקע מעשים אָדער גרויסע אַנטוישונגען, יעדע אָפּגעטאָנענע זאַך ווערט א רעמיניסענץ, וועלכע שטויסט און טרייבט און רעגט צו נייע מחשבות און נייע טאַטן. געפינט מרדכי איין פעלד ניט אַקטיוויזירנד ציט ער זיך צו נייע, מער סטימולירנדע. עס איז אפשר דעריבער נישט גערעכט צו צושרייבן צו זיין יחוס־בריוו די טעמס און מאָריסעס אין אַמעריקע. גיכער זענען זיי אייניקלעך פון דעם קלוגינקען און לייכט אַדאַפּטירנדן שמואל. מרדכי איז גיכער ענלעך אויף זיין שאַפער אָפּאַטאָשו, וואָס האָט איבערגעלאָזט די אַמעריקאַנער מיליע, ווען זי איז נישט געווען קינסטלעריש אַקטיוויזירנד, און איז אַוועק זוכן די וואָרצלען פון די אויסגעטרוקנטע בלעטער אין אַמעריקע, כדי שפּעטער צוריקצוקומען אַן אָפּגעפרישטער און באַרייכערטער און זיינע אַמעריקאַנער העלדן אופסניי באַטראַכטן.

מרדכי גייט אויך צו נייע דערפאַרונגען אין פּאַריז. דאָרט קומט ער זיך צוזאַמען מיט אַלע קרעאַטיווע און אומרואיקע גייסטער פון דער פּוילישער און יידישער אינטעליגענץ. דאָרט קומט ער זיך צוזאַמען מיט נייע רעוואָלוציאָניזירנדע כוחות פון אייראָפּע. דאָרט קומט ער אויך אין באַרירונג מיט אַלע שאַפנדע און ברויזנדע טראַדי־ציעס, און נייע האָפנונגען און שטרעבונגען. ער גייט אויך צום עבר, כדי צו געפינען כוח און באַגייסטערונג פאַר זיין ווייטערדיק לעבן. ער זיצט אין ביבליאָטעקן און ער לעבט אויף די אַלע לעבע־דיק־טויטע העלדן פון די ביכער, און דורך זיי ווערט ער באַלעבט. „מרדכי האָט פאַרגעסן, אז ער געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון פּאַריזער אַרסענאַל, אז אַרום אים זיצן מענטשן, באַמערקן ווי ער מאַכט העוות, שמייכלען פון זיינע גרימאַסן. די טויזנטער ביכער, וואָס זענען געווען צעשטעלט אַרום די ווענט און האָבן אַראָפּגעקוקט פון די פּאָליצעס, זענען פאַר אים ניט געווען קיין שמות, קיין צע־שוואומענע שאָטנס. אַרום אים האָבן זיך געדרייט מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער און דורות. נישט קיין פרעמדע פּנים'ער, וואָס גייענדיק פאַרביי ווי אויף אַ יאַריד, קוקן אויף דיר און זען דיך נישט. ער האָט דערקאָנט די קניטשן, דעם שמייכל, געוואוסט יעדן איינעמס יחוס. די אַלטעגלעכקייט ווערט דערעסן. די וועלט דער־ווידער. גראָבט מען זיך אין שטויב. מען הערט דעם צאַפּל פון מיליאָנען אונזעבאַרע ווערטער, וואָס דערמאָנען, אז זייער שעה האָט געשלאָגן. ווערטער וואָס זענען פאַר דער צייט געקומען אויף דער וועלט. נישט געקאָנט ביים לעבן באַקומען קיין תיקון", ווערן אַזוי־ערנאָך דערהויבן צום „ניצוץ", שטייען אויף תחית המתים. גאָט פרייט זיך מיטן וואָרט, וואָס ווערט באַנוצט און דערהויבן דורכן מענטש. קושט עס, קרוינט עס מיט זיבעציק געשניצטע קרוינען. דאָס געקרוינטע וואָרט שוועבט איבער אַלע זיבעציק הימלען, ביז עס קומט אַ גע'טובל'טם צום :עתיק־יומין." און די ווערטער פון „עתיק־יומין" , זענען ווערטער פון חכמה. פול מיט סודות. נעמט „עתיק־יומין" דאָס צאַפּלדיקע וואָרט, קרוינט עס מיט דריי הונדערט און זיבעציק קרוינען, — ווערט פונם וואָרט אַ הימל. און דו, מענטש, וואָס גראָבסט זיך אין שטויב, ביסט מתקן פאַרגעסענע ווערטער,

ווערסט אַ שותּף צו מעשׂה בראשית". מרדכי'ס באַרירונג מיט די גייסטיקע ריזן פֿון 19טן יאָר הונדערט, האָבן געקאָנט האָבן אויף אים אַ צווייפאַכע ווירקונג. אָדער ווערן אַ דינער, אַ באַגייסטערטער און ענטוזיאַסטישער נאָכפאָלגער פֿון די נאַרוויחס, קאַהאַנעס און משה'הע־סעס אָדער ער זאָל ווערן אַנטוישט אין פֿערזאָנען, אין לעבעדיקע העלדן, ווי גרויס און ריזיק זיי זאָלן ניט זיין, און ער זאָל אַנטלויפן צו דער שטילער, איינגעהאַלטענער גרויסקייט פֿון ווערטער. מרדכי קאָן פּאַקטיש אַרומנעמען ביידע. ווייל זיינע ענטוזיאַזמס, כאָטש טיפע און אינטעגראַלע, זענען נישט קיין דויערנדיקע, נישט קיין אייביקע. אַזוי, ווי אַפּאַטאַשו גיט אים אַ סופּער סענסיטיווקייט, ווען מיר דורך אים קריגן, פּונקט ווי מען קריגט דורך סטענדהאַלס העלדן פֿון פראַנצויזישן לעבן אין 19טן יאָר הונדערט, אַ גענוי בילד פֿון אַלע ענטוזיאַזמס און אַנטוישונגען פֿון דער ליבעראַלער סאָציאַלער יוגנט פֿון יידישן פּוילן אין 19טן יאָר הונדערט.

מרדכי'ס פּערזענלעכקייט איז שוין גאַנץ און אָפּגערונדעט, איי־דער ער קומט קיין פּאַריז. זיין אַנטייל נעמען אין די וויטערדיקע געשעענישן, זיין באַגעגנונגען זיך מיט טערעזן, מיט באַקונינען, און מיט די אַלע אַנדערע פּערזענלעכקייטן, זענען אַפּאַטאַשון נויטיק צו דערגאַנצן דאָס בילד פֿון דער עפּאָכע און אירע פֿירער. מיר באַקאָנען זיך מיטן אמת'ן באַקונין, מיר קריגן אַ בילד אין פּראָפיל פֿון מאַרקסן. מיר זען זיי אין אינטימערע ראַמען, ווי אין זייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. מיר באַקאָנען זיך אויך מיט מרדכי'ן, אַלס שריפטשטעלער. די גאַנצע צייט, ווען מרדכי האָט איבערגע־לעבט איין דערפאַרונג נאָך דער צווייטער, האָבן מיר זיך געוואוינ־דערט, וואָס טוט דער סענסיטיווער מרדכי מיט אַזאַ ריזיקער גאַמאַ פֿון עמאָציאָנעלע אויפטרייסלונגען. זיין ליבע צו זיין מיט זיך אַליין, זיין טאַלאַנט צו באַאָבאַכטן און רעפלעקטירן, האָט אים געמוזט פֿירן צו דער פֿען. אַפּאַטאַשו דערציילט וועגן אים, אַז ער האָט„ דערקענט אַ פּאָליציימאַן אָן די טריט, געקאָנט אונטערשיידן אָן דעם ריח, צי אַ בעקער באַקט געבייטעלט ברויט, צי זעמל, געוואוסט ווי פּרי יעדעם געשעפּט עפֿנט זיך. אין דער נאַכטיקער לופט פֿון פּאַריז איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אונרואיקער, אַן אומעטיקער און פּאַר־

טראַכטער. „און פון דער פינצטערניש האָט זיך אַרויסגעשיילט דאָס פאַרוויינטע פּנים פון זיין מאמע—זון, קום אהיים און טו תשובה. און איבער אַלעם האָט געשוועבט פּעליציעס צעשטראַלט געזיכט, ווי אַ צעפלאַמטע זון איבער אַן אויסגעקוילעטער שטאָט מיט מענטשן", און עס איז דעריבער נאַטירלעך, אַז אָט דער געראַנגל פון כוחות זאָל אים מאַכן אַ שותף צו מעשה בראשית. „אַלץ אין אים האָט זיך גע־רויכט, צונויפגעשמאָלצן די נשמה מיטן חומר און אין דער מטושטש'־קייט האָבן שטיקלעך ליכט זיך געפּעלדלט. שפּעט אין דער נאַכט האָט ער אָנגעצונדן אַ ליכט. זיך געזעצט איבער אַ העפט און גענומען שרייבן".

9

אין דעם באנד „1863" לייטערן זיך אוים צווישן אַלערליי אינטריגעס פון די גענעראַלן און אָפיצערן פונם אויפשטאַנד דריי קלאָרע, גרונטאָווגע פּראָבלעמען, וואָס קאָנען צום קלאָרסטן דערקלערן פאַרוואָס סיי אַפּאַטאַשו, סיי לייוויק, סיי לעיעלעס און אַש, האָבן אין יענער צייט זיך געווענדט, אָדער צו געשיכטלעכע עפּאָכן פאַר זייער מאַטעריאַל, אָדער זיי האָבן איבערגעבויט לעגענדעס. אין דעם כאַאָס און צעמישעניש פון ווערטן אין אַמעריקע אין דער מלחמה־צייט־ וואו טאַט, סתם אַזוי, אָן מאָטיווירונג, איז געווען די דעצידירנדיקע מאָס פאַר דערגרייכונגען, דאַן איז געווען זייער נאַטירלעך. אַז דאָס וואָרט זאָל ווערן פאַרהערלעכט, אָדער אַ צייט זאָל ארויסגערופן ווערן, וואו דאָס וואָרט, דער צילינג פאַר טאַט, זאָל לייטערן, באַגייסטערן און רופן. אין 1863 ווערן די ערטער, וואו דאָס וואָרט בליצט אויף טעלעגראַף־סלופּעס מיט לאַמטערנס, וואָס באַצייכענען דעם וועג, די מאָס פאַר טאַט. די טאַט אין 1863 ווערט ביסלעכווייז צעשמאָלצן פון הייסע ווערטער, אָדער זי ווערט געפרווירן און פאַרגליווערט פון אייזיקע און שטיינערנע ווערטער. די אייביקע מלחמה צווישן וואָרט און טאַט, ווערט אויסגעקעמפט אויף די פלאַכן פון זייער אַן אַקטיווער עפּאָכע, און מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי און נאַרוויד געווינען איבער אַלע קאַמאַוואָסקים און לאַנגעוויטשעס און אַלערליי גענעראַלן און פּולקאָווניקעס. דאָס גרויסע און מעשה־בראשית'דיקע וואָרט, דער סיני־פלאַם, וואָס בלייבט ברענען נאָכדעם ווי אַלע בעלגישע ביקסן אָן לעבער און אָן קוילן זאָגן זיך אָפּ אָנצוצינדן פייערן. דאָס וואָרט בלייבט אַלס דאָס היסטאָרישע פייער, וואָס וועט שפּעטער צינדן הערצער און ווארימען געמיטער. דאָס וואָרט וועט סוף כל סוף ברענגען די גאולה. דאָס וואָרט, וואָס איז איגנאָרירט געוואָרן און באַשפּיגן געוואָרן פון די אַמעריקאַנער בריקן און הויכע געביידעס קריגט תיקון אין די „פּוילישע וועלדער" און אויף די קאַמפּס־פעלדער פונם פּוילישן אויפשטאַנד.

א צווייטע פּראָבלעמע, וואָס ווערט שאַרף אונטערגעשטראָכן, איז די ראַליע און דאָס אָרט פונם יחיד, דעם מענטש. אין דער אַמעריקאַנער סביבה, האָט דער מענטש פאַרלוירן זיין צלם אלהים. ער איז געוואָרן א שטויבל, געטראָגן פון ווינט, א שטיין אינם טראָטואַר, וואָס ווערט איבערגעמאַכט, מען זאָל אים קענען אריינפּאַסן אין נייע העכערע געביידעס. טראָטואַרן, וואָס ווערן פאַרברייטערט, אָדער פאַרשמעלערט, זיך צו צופּאַסן צו די לעצטע פאַראָרדנונגען פון שטאָט רעגירונגען, וואָס זענען צופעלן פון פּאָליטישע קאָמבינאַציעס. אין אָפּאַטאָשו׳ס טרילאָגיע קריגט דער מענטש א נייעם פּאַספּאָרט, וואָס באַשטימט פאַר אים די טעריטאָריע צווישן הימל און ערד. ער ווערט ווידער באַלעבאָס פון דער שאַפונג. ער ווערט ווידער מייסטער פון דער נאַטור, מייסטער איבער זיך אַליין. ער שאַפט און באַשאַפט. דעם מענטשנס ראַליע אויף דער וועלט קריגט נייעם אינהאַלט און זעלבסטשטענדיקייט.

א דריטע פּראָבלעם, וואָס ווערט באַהאַנדלט סיי פון אָפּאַטאָשו׳ן און סיי פון די אַנדערע פריער דערמאָנטע שרייבער, איז די פּראָבלעם פון דערלייזונג, סיי פון יחיד און סיי פון דער וועלט בכלל. און די פאָרמען, וואָס די דערלייזונג־פּראָבלעם נעמט אָן ביי אָפּאַטאָשו׳ן און ביי די אַנדערע זענען אויך אַן אומדירעקטער רעזולטאַט פון דער אַמעריקאַנער סביבה, אזוי, אַז דער אופן ווי זיי פאַרענטפערן די פּראָבלעם, איז פונקציאָנעל. פאַר דעם אינטעליגענט איז די סביבה אין אַמעריקע געווען פול מיט יאוש, צוועקלאָזיקייט און פעסימיזם. עטישע ווערטן זענען באַטראַכט געוואָרן פאַר בטלנות. טראַדיציעס האָבן פאַרלוירן זייער ווערט. „כל דאלים גבר” — איז געווען נישט נאָר א ביאָלאָגיש געזעץ, נאָר אויך א סאָציאַלע ליניע. גאַנצקייט, אינטעגריטעט און אויסגעהאַלטנקייט זענען באַטראַכט געוואָרן פאַר גרינגע קוואַליפיקאַציעס. אַלע קאַמפן פאַר נייע ווערטן, ספּעציעל אין דעם יידישן כאַאָס פון ווערטן, האָבן אויסגעזען האָפנונגסלאָז. ס׳איז דערפאַר געווען נאַטירלעך, צוריקצוגיין צום עבר, כדי צו שאַפן אבסאָלוטע ווערטן און אַוועקשטעלן א דערלייזונג־אידייע, אַלס ריכטליניע. אַמעריקאַנער שרייבער פון יענער צייט האָבן עטוואָס ענלעכס געטאָן. דערפאַר הערט אָפּאַטאָשו אין די ליפּאָוויצער וועלדער דעם

שופר של משיח, אָדער לייוויק אין פּראג און לעיעלעס אין שפּאַניע און אין רוים. דערפאַר הערט אָפּאַטאָשו אין די גאַסן פון פּאַריז די טריט פון משיח. דערפאַר לאָזט זיך אברהם מיט א רואיק גע־ווייסן אויפהייבנגען פאַר אַן אידייע.

יענע ציים איז בכלל געווען א צייט פון זוכן המשכ׳דיקייט פון באַלדיקע דערפאַרונגען מיט טראַדיציע און אויך זוכן צו בויען א בריק צו דער צוקונפט. אַלערליי מאָראַלע און עטישע שליחן זענען לויז געוואָרן. דער סדר העולם האָט אָנגעהויבן אונטער געשוואַנקען צו ווערן פון פאַרשידענע כוחות, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע. נייע סאָציאַלע פילאָזאָפיעס, נייע באַוועגונגען האָבן זיך געראַנגלט, געיורן אין שוים פון דער צייט און זיך געריסן ארוים אין דער אַקטיווער וועלט. ציניזם האָט זיך געראַנגלט מיט גלויבן, קאָדעווער האָט גע־וואָלט דעם מענטש פאַרבייטן. די צייט איז אין תוך כאָטש ניט אין גראד געווען ענלעך צו אונדזער צייט. אין דעם אונטער־באַוואוסט זיין פון די טאַלאַנטפולע שרייבער האָט די צייט איר אָרט געביטן. דער שרייבער האָט געדאַרפט מער ווי בלויז אינטואיציע, כדי ריכטיק געפירט צו ווערן. ער האָט געדאַרפט אינטעלעקט אין א באַוואוסט־זיניקע באַציאונג צו זיין שאַפן. אינטואיציע איז גיכער א שטער געווען. די שרייבער, וואָס האָבן געהאַט אינטעלעקטועלע פאַר־שטענדניש פאַר דער וועלט, האָבן גרויסע און וויכטיקע ארבעט אויפגעטאָן. זיי האָבן געזוכט צו פאַרשטיין נישט נאָר דעם ארום, נאָר זיי האָבן אויך געזוכט א סינטעז מיטן אמאָל.

די שרייבער האָבן געדאַרפט דאָס „עולה רגל זיין״, און די אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט האָט עס נאָך מער געדאַרפט. אויף וויפל דאָס האָט געפינען א דירעקטן אָפּקלאַנג אין אַמעריקע איז א באַ־זונדער ענין. אָבער, אַז עס האָט באַרייכערט און א נייעם טאָן געגעבן דער יידישער ליטעראַטור, אין דעם איז נישטאָ דער מינדסטער ספק. אָפּאַטאָשו וועט נאָך א באַרייכערטער צוריק קומען צום אַמעריקאַנער כאַאָס, אַן אָפּגעפרישטער און אַן אַנדערער. ער וועט דאַן אריבערברייינגען זיינע העלדן פון פּוילן, און ער וועט זיי איינ־ראַמען צווישן די ניו־יאָרקער געביידעס, אָדער אין די רעליגיעזע און קולטורעלע „שטיבלעך״ פון אַמעריקע, און מיר וועלן זען די

פּראָפּאָרציע פון וואַקסן. מיר וועלן זען, ווי אַזוי זיי וועלן אַקטי־וויזירט ווערן פון אַמעריקע. נישט נאָר זיין „פערד־גנב", נאָר אויך די העלדן פון „די פּוילישע וועלדער" וועלן אַהער קומען.

מיט לייוויקן האָט פּאַסירט עפּעס ענלעכס ווי מיט אָפּאַטאָשון. נאָר ער איז דערצו געקומען דורך אַן אַנדערן וועג. אויך לייוויק האָט געפונען די אַמעריקאַנער סביבה מיט איר כאַאָס פון ווערטן אַן אויסגעדאַרטע, אַן אומשעפערישע. און אַזוי ווי לייוויק איז אַן אינדיווידואַליסט און אַן עטישע פּערזענלעכקייט, האָט ער נישט גע־קאָנט ווי אַ טייל חברים זיינע, זיך איזאָלירן אין אַ בוידים־שטיבל און גלויבן, אַז די קולטיווירונג און דער אויסדרוק פון זיין אייגענער סענסיביליטעט זענען די איינציקע באַרעכטיקטע צוועקן פאַרן פּאָעט, אַז אָריגינאַליטעט איז די הויפּט מעלה, אַז די געזעלשאַפט איז פיינטלעך, נאַריש און אַן פאַנטאַזיע. ער האָט נישט געקאָנט אָנ־נעמען די טעאָריע פון זיינע חברים, אַז דער פּאָעט טריאומפירט איבער דער וועלט אין מאָמענטן דורך אַ מיסטעריעזן ארייננעמען די וועלט אין זיך, און אַז קונסט, דער אומשטערבלעכער אויסדרוק פון אַזעלכע מאָמענטן איז דעם פּאָעטס נקמה אין דער געזעלשאַפט. לייוויקן זענען די אַלע עסטעטישע שלוקערצן פרעמד געווען. פרעמד זיין אינערלעך וועזן. אים האָט אויך דערעסן דאָס געזאַנג וועגן דעם פּאָעט אַלס אַ מין צושפּילער ביי פיין געדעקטע טישן, און אין זיין קאַמף מיט די עסטעטן, און אין זיין מלחמה מיט זיך אַליין דעם אינדיווידואַליסט אין אַ צייט פון געשרייען פון מאַסן, איז ער אוועק קיין פּראַג געפינען אַ סינטעז פאַר זיינע ראַנגלענישן, און אַן ענטפער אויפן כאַאָס פון ווערטן אין אַמעריקע.

לייוויקן האָבן אַלע מאָל מער געמאַטערט עטישע ווי קינסטלע־רישע פּראָבלעמען. פאַר אים איז קונסט קיינמאָל נישט געווען קיין רעליגיע. גיכער איז אַ רעליגיעז לעבן, אָדער בעסער געזאָגט אַן עטיש לעבן מיט אחריות פאַרן יחיד און דעם כלל געווען, אָדער גע־דאַרפט זיין אַ קונסט. אין אונדזער לעבן דאָ אין אַמעריקע האָט ער געזוכט אַ קינסטלערישע ראַם, וואו די אידייען און קאָנפליקטן, ספּעציעל די אידייע פון אחריות און די אידייע פון דערלייזונג זאָלן קאָנען קינסטלעריש איינגעפּאַסט ווערן, און ער האָט נישט געפונען.

אַלץ וואָס די סביבה האָט אים געקאָנט געבן איז אַ „שאָפּ" און „שמאַטעס", אַלץ וואָס ער האָט אין ניו־יאָרק געקאָנט געפינען, איז דעם אדאָפּטיר־פּראָצעס מיט זיינע באַגלייטנדע קאָנפליקטן פון אַלטן און יונגן דור, אַמעריקאַנער באַגריפן פון דערפאָלג באַרעכטיקט אַלץ און אַלט־פּרענקישע באַגריפן פון מאָראַל און עטיק. אָדער קאָנ־פליקטן צווישן אַן אַלטער לעבנס אַנטשוויאונג און אַ נייעם לעבנס שטייגער. אַלץ פּראָבלעמען, וואָס האָבן לייוויקן אָנגערירט, גע־רעגט אָבער ניט אויפגעטרייסלט. אים האָט מער פון אַלעם גענאַגט און קינסטלעריש געפייניקט דאָס פּראָבלעם פון מענטשלעכער אחריות. און אַן אָנרעגונג דערפאַר האָט ער אין דער גולם לעגענדע געפונען. דאָס לעבן ארום איז געווען אויסגעוואָרצלט, דער דור אַן אַמאָראַלער, ווערטן כאַאָטישע, און זיך בייטנדיקע. קיין גאַנצער מענטש, קיין פּערזענלעכקייט, וואָס דורך איר זאָל אַן אידייע זיך קאָנען לייטערן און קריסטאַליזירן, איז נישט געווען. לייוויק, וואָס האָט זיך אַלעמאָל געראַנגלט מיט אידייען, פּראָבלעמען און ווערטן האָט געמוזט נעמען אַן עקסקורסיע אין אַן עפּאָכע פון גאַנצקייט און מיר וועלן זען צי ס'וועט געשען אַ נס. צי וועט דער וואונדער פון אַ גאַנצער פּערזענלעכקייט מיט אַ פּראָבלעם אונדז העלפן אין אונדזערע היינטיקע מאַטערנישן און געראַנגל. די עקסקורסיע צום גולם איז כמעט געווען העלזעריי. לייוויקס קינסטלערישער חוש האָט אים אַהין געטריבן זוכן אַן ענטפער. האָט ער אים געפונען?

נאָך אַ פּראָבלעם האָט לייוויקן געמאַטערט. די פּראָבלעם האָט מסתמא אינטערעסירט יעדן קרעאַטיוון קינסטלער מיט געזעלשאַפט־לעכער אחריות. די פּראָבלעם איז אַ קאַרדינאַלע, און האָט צו טאָן מיט דער אינטעגריטעט פונם קינסטלער, און זיין ראָליע אין דער געזעלשאַפט. די שלוסן וואָס אַן אַנאַליז פון דער פראַגע וועלן אַרויסברענגען, וועלן באַשטימען די גרעניצן און די פּערספּעקטיוון פונם קינסטלער אין אַ כאַאָטישער געזעלשאַפט. די קאָנסעקווענצן פון אַן אַנאַליז וועלן אויך באַשטימען, צי איז בכלל פאַראַן פאַרן קינסטלער מיט אַ קלאָרן קאָפּ און קריסטאַליזירטן בליק און דער געזעלשאַפט אַזאַ אָביעקט ווי אַ כאַאָטישע געזעלשאַפט. שפּיגלט ער בלויז אָפּ צושטאַנדן און אומשטענדן, אָדער ער איז באַלעבאָס און

ער אראַנזשירט זיי. איז ער זעלבסטהערשער איבער זיין מאַטעריאַל, און ער אַליין שטייט אינגאַנצן אין אַ זייט, אָדער ער פאָרמירט זאַכן. און פאָרמירנדיק ווערט ער באַאיינפלוסט פון זיי. פאַר לייוויקן, ווי פאַר יעדן קינסטלער איז די אַנטשיידונג געווען וויכטיק צוליב אַ סך טעמים. אָבער ספּעציעל וויכטיק און נויטיק פאַר אַן אַמעריקאַנער יידישן שרייבער. עס איז געווען וויכטיק, ווייל לייוויק האָט גע־דאַרפט באַשטימען צו איז פאַראַן קולטור אָדער קונסטפּייאיקע סביבות אָדער ניט. און די קינסטלערישע טאַט איז דער בעסטער דעצודירנדער פאַקטאָר. דער „גולם" האָט עס באַשטימט, לייוויק איז געוואָר געוואָרן דורך זיין אייגענעם שאַפונגס־אַקט, אַז דער קינסטלער ווערט געפירט פון אַן אידייע און אַ וועלט אָנשויאונג און די פאַקטאָרן אין דער סביבה באַשטימען זיינע שיכות'ן צו דעם מאַטעריאַל וואָס ער באַהאַנדלט. עס איז נישט קיין מיסטעריע אָדער ספינקס, וואָס פאַרכאַפּט און פאַרפּלאָנטערט אין איר נעץ, נאָר עס איז אַ פראַגע פון ווילן און אידייע.

אין יענער צייט האָבן פיל דיכטער און נאָוועליסטן געפונען די סביבה פּוסט און זייערע קונסט־פאָרמען אַלט און אומשעפעריש. זיי האָבן געאַרבעט די גאַנצע צייט מיטן ערשטן איינדרוק — וואונ־דער און איבעראַשונג פון דער נייער וועלט און בענקשאַפט צו דער שטילער אידילישער וועלט, וואָס מ'האָט ערשט פאַרלאָזן. דאָס זעלבע האָט אייגנטלעך אויך געטראָפן אפילו מיט אַמעריקאַנער שרייבער, נאָר ביי זיי איז עס געווען אַ פועל יוצא פון אַ שנעל זיך בייטנדיקע געזעלשאַפט מיט באַגריפן פון ווערטן, וואָס האָבן זיי שאָקירט, און דערפאַר זענען זיי געוואָרן געטריבן צו נייע מידיומס, פון שאַפן, און דורכן שאַפן עטאַבלירן נייע ווערטן. זיי האָבן גע־שריבן באַלאַדן, סאָנעטן, היסטאָרישע נאָוועלן, קורצע דערציילונגען און איבערזעצונגען. אונזער דעמאָקראַטיע אין אַמעריקע, האָבן די שרייבער געוויזן, האָט נישט געשאַפן קיין הינטערגרונט פון ווי־טאַלע גלויבנס, פון וואָס קינסטלערישע פערזענלעכקייטן זאָלן קאָנען פאָרמירט ווערן, און באַאיינפלוסט ווערן. אונדזער דעמאָקראַטיע האָט נישט געשאַפן קיין אַלגעמיינע איבערצייגונג, אַז הינטער די בייטנדיקע נויטווענדיקייטן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן איז

פאַראַן אַ גייסטיקע רעאַליטעט, וואָס איז אַבסאָלוט און אומפאַר־ענדערלעך. אַ גייסטיקע רעאַליטעט, וואָס שטייט ווי אַ שומר הינטער אַלע מאַטעריעלע ענדערונגען. די דעמאָקראַטיע האָט אויסגעשעפּט די סובסטאַנץ פון די אַלטע אילוזיעס, וואו קונסט האָט זיך באַוועגט. ספּעציעל די אילוזיע, אַז אייביק לעבן, אָדער קונסט ליגט אויף יע־נער זייט פון פאַקטן. די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, אָדער בעסער געזאָגט, די אינדוסטריעלע געזעלשאַפט האָט די קונסט אַוועקגעשטעלט אין אַ באַזונדערן ווינקל. אינגאַנצן אָפּגעשיידט פון טאָג־טעגלעכע דערפאַרונגען. קונסט און ליטעראַטור זענען געוואָרן אַרטיקלען פאַר מוזייאומס און ביבליאָטעקן, וואָס בלויז די איידעלע, ראַפינירטע און רייכע קאָנען אָפּשאַצן. קונסט און ליטעראַטור זענען דעגראַדירט געוואָרן צו אַן עסטעטישער באַשעפטיקונג פון פיינשמעקער. און אַלעס, וואָס איז פאַרבונדען מיט די דערפאַרונגען פון דעם פּשוט'ן מענטשן איז דעלעגירט געוואָרן צו קליינינקע פאַרגעניגנס און קלייזל־מחלוקה'לעך. די ליטעראַטור האָט אויפגעהערט זיין אַן אינטעגראַ־לער טייל פון טאָג־טעגלעכע דערפאַרונגען. דערפאַר האָבן קינסטלער מיט אַן עטישן דראַנג געזוכט אַ וועג ווי אַזוי אויפדאָסניי צו פאַר־בינדן לעבן מיט קונסט. און עס איז געווען נאַטירלעך זיי זאָלען גיין צום מיטלאַלטער, אָדער צו צוריקגעשטאַנענע לענדער, וואו דער אינדוסטריאַליזם האָט נאָך פון קונסט נישט געמאַכט אַ שפּיל פאַר רייכע און אינטעליגענטן. דערפאַר האָבן אָפּאַטאָשו און לייוויק גע־מוזט זוכן אַן אַנדערע סביבה פאַר זייערע געשטאַלטן, כדי זיי צו קאָאָרדינירן מיט דער דערפאַרונג פון דעם געוויינטלעכן מענטשן.

אָט דער פאַרלאַנג צו אַראַנזשירן מענטשלעכע דערפאַרונגען אין צוגענגלעכע „דענס" צו דעם מענטשן אין גאַס האָט געטריבן אָפּאַ־טאָשון צו זיינע „פּוילישע וועלדער", אַש'ן צו „קידוש השם" און צו „די כישוף מאַכערן", מ. ל. האַלפּערן צו „די נאַכט", א. ליעסין צו „ר' עקיבא, בר כוכבא און געשיכטע בכלל", ליעיעלעסן צו „אשר לעמלען" און „שלמה מולכו", מ. י. חיימאָוויטשן צו „דעם מאַן פון נצרת" און „שבתי צבי". אמת, ניט יעדער פון די דערמאָנטע קינסטלער האָט געגעבן קינסטלערישע פיגורן. חיימאָוויטש האָט, למשל, פון די ריזיקע געשיכטלעכע פיגורן געמאַכט קאַריקלעך. ער

האָט זיי אָפּגעהאַקט די הענט, פיס און קעפּ און איבערגעלאָזט בלויז א פּאָר באַוועגונגען. אָבער אַלע האָבן זיי געזוכט א נענטערע פאַר־בינדונג מיט דערפאַרונג אין היינט־צייטיקע טערמינען.

דאָס געדייען און וואַקסן פון קונסט איז אָפּהענגיק אין דעם קינסטלערס אָריגינעלע אַנטדעקונגען אין לעבן, אָדער אינם לעבן פון דער נאַטור, וואו די לאָגיק פון א קונסט פאָרמע איז בלויז דאָס איבער־שאַפן פון אַן אינטעלעקטועלע, אָדער עמאָציאָנעלע אילוזיע. דאָס לעבן אָדער די נאַטור האָבן נישט קיין לאָגישע שייכות'ן. מען דאַרף זיי שאַפן. און עס איז די אויפגאַבע פון קונסט די שייכות'ן צו שאַפן אין א באַשטימטער ריכטונג. קונסט און פילאָזאָפיע זענען די וועגן וואו מענטשלעכע דערפאַרונג איז אינטעגרירט, און דער מענטשלעכער פאַרלאַנג פאַר א ראַציאָנאַלן אָדער לאָגישן סדר אין זיין לעבן איז באַפרידיקט. דאָס איז די הויפּט פונקציע פון קינסטלער. אָבער זיי קאָנען נישט עפעקטיוו אָפּערירן מיט צווייט קלאַסיקן מאַטעריאַל, אָדער צוגעלעגענעם מאַטעריאַל. דער מענטש, וואָס שטעלט איבער, סדר'ט איבער, און קאַטאַלאָגירט די געדאַנק־פאָרמען און סיסטעמען געשאַפן פון אַנדערע, ניט באַזירנדיק אויף אייגענע דערפאַרונגען, אָדער ווען איינער מאָלט נאָך העלדן, גענומען פון ליטעראַרישן שטויב איז ניט קיין פילאָזאָף, און ניט קיין קינסטלער, נאָר א פּראָפעסאָר אָדער א גראַפאַמאַן. א שרייבער אָדער קינסטלער, וואָס שפּילט זיך מיט קונסט פאַר קונסט־טעאָריעס און זעט נישט זייער פוסטקייט און אָפּגעריסנקייט פון לעבן און דערפאַרונג, איז ניט קיין שאַפער, נאָר א פּראַנט. א שרייבער מוז זיין צוגעבונדן צו דער צייט אין וועלכער ער לעבט און צו אירע טיפסטע דער־פאַרונגען. ער קאָן פון צייט צו צייט מאַכן אַן עקסקורסיע, כדי צו פאַרטיפן די צייט באַגריפן און דערפאַרונגען. מיינונגען אָדער אינהאַלטן זענען נישט אַבסאָלוט און זיכער נישט אייביק. זיי ענדערן זיך פון עפּאָכע צו עפּאָכע, בייטן זיך, שטאַרבן, און שטייען אויף תחית המתים אין אַנדערע פאָרמען. קונסט באַגריפן און אפילו פאָרמען זענען הויפּטזעכלעך א קאַנגלאָ־מעראַט פון די דערפאַרונגען, און איבערלעבונגען פון א באַשטימטער צייט, זיי זענען צייטלעך אין ברייטסטן זין. דאָס סאָציאַלע לעבן,

קלאסן קאָנפליקטן און כאַראַקטעריסטישע גייסטישע און געמיטס צושטאַנדן זענען קינדער פון א באַשטימטער צייט עפּאָכע. די פאָרמען פון דער ליטעראַטור, די רייכקייט פון די געשאַפענע ווערק וועט זיין אינטערעסאַנט אין פּראָפּאָרציע צו דער רייכקייט פון דער פּערזענלעכקייט, וואָס שאַפט זיי. די עלעמענטן, וואָס קאָמפּאָנירן די אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט קומען פון צוויי קוואַלן. — דער כאַראַקטער און טיפקייט פון דער דערפאַרונג, און דער פּראָצעס פון אינטעגרירן די דערפאַרונגען אין א קונסט־ווערק.

ווען מ׳פאָלגט נאָך די אנטוויקלונג פון ליוויק׳ס דיכטערישן וועג, זעט מען, אז זיין פערזענלעכקייט האָט ניט געפונען קיין אויס־דרוקס מאַטעריאַל פאַר זיינע דערלייזונגס פּראָבלעמען אין היינט־צייטיקן מאַטעריאַל. און ער האָט געמוזט אוועק צום מיטלאַלטער פאַר זיינע סימבאָלן און אילוזיעס. שפּעטער וועלן די מיטלאַלטער־לעכע סימבאָלן העלפן באַלויכטן אונדזערע היינטצייטיקע קאָנפליקטן און האָפנונגען. די דריי כוחות, וואָס לויט טענען דעטערמינירן דעם כאַראַקטער פון א ליטעראַטור — די ראַסע, די סביבה, און דער מאָמענט דערקלערן טיילווייז דעם פענאָמען פון ליוויק׳ס און אָפּאַטאָשו׳ס עקסקורסיעס צום עבר.

10

אויב אָפּאַטאָשו האָט אונדז געגומען צו שטילע, פּאַסטראַלע, מעלאַנכאָלישע לאַנדשאַפטן און דאָרט אונדז פּלאַסטיש געמאָלן העלדן און אַן עפּאָכע: נעמט אונדז לייוויק צום שטילן, שטויביקן פּילאָ־זאָפּיש, סכאָלאַסטישן בית־המדרש אין פּראַג. דורך דעם מהר״ל און זיין דערלייזונגס קינד — דער גולם, ווייזט אונדז דערוויל לייוויק די פּראָבלעם פון שאַפונג בכלל. ער לייקנט אָפּ די טעאָריע פון אָביעקטיווע שאַפונגס־פּראָצעסן, געלייטערט אין רעפלעקסיע. די פּראָבלעם איז ניט נאָר אַ קינסטלערישע, נאָר אויך אַ ריין סאָציאַלע. אויב דער קינסטלער נעמט איבער די איינגנשאַפטן און כאַראַקטע־ריסטיקס פון זיין שאַפונג, דאַן דאַרף ער זיין אינטים פאַרבונדען מיט איר. די אידייע, אָדער געשטאַלט דאַרף אים שטאַרק אָנגיין. דורך זיין שאַפונג דאַרף ער עפּעס מתקן זיין, אויסבעסערן, רעפאָר־מירן. שאַפן איז נישט קיין שפּיל פון קינסטלערישע ענערגיע, בלויז נאָר אַ באַוואוסטזיניקער סאָציאַלער פּראָצעס, וואו דער שאַפער און די שאַפונג זענען אידענטיש. אַזוי זען מיר, אַז דער מהר״ל, וואָס מאַכט דורך אַלע פּראָצעסן, כדי צו פאַרגעסן, אָדער זיך אָפּטרייסלען פון דער רעאַליטעט, און זיך אינגאַנצן איבערגעבן אַן אבסטראַקטער אידייע, ווערט אָבער אַזוי פאַרכאַפּט פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן אומ־גליק, דעם עלילת דם, אַז אים ווערט באַלד קלאָר, וואָס זיין גולם וועט דאַרפן טאָן. זיין ראַליע ווערט נישט באַשטימט פונם מאַטע־ריאַל פון וועלכן ער איז געמאַכט, נאָר פון דער באַגלייטנדער אידייע. זיין מיסיע ווערט קאָנטראָלירט פון די נויטן פון דער צייט. אין אַנדערע ווערטער, נישט נאָר איז די שאַפונג און דער שעפער אידענ־טיש, נאָר דער שעפער ווערט קאָנטראָלירט פון די צייט־פּראָבלעמען און ער מוז זיי דינען. ער טאָר ניט און קאָן ניט אַנטלויפן פון דעם הויפּט קאַמף פון זיין צייט. און דער קינסטלער דאַרף מיט דער הילף פון רעאַליסטישע בילדער פון זיין צייט דערהויבן די באַלדיקע פּראָבלעם צו איר אולטימאַטיוון סוף — אַלגעמיינע דער־

לייזונג. אין דעם גולם הויבט דער מהר״ל אָן מיט א רפואה קעגן דעם עלילת דם און גייט איבער צו אַלגעמיינער יידישער דערלייזונג, פון דער באַלדיקן צום אַלגעמיינעם.

דאָס באַלדיקע האָט ביי לייוויקן אַלע מאָל אָנגענומען אַן אַבסאָלוטן כאַראַקטער. אַזוי ווי זכרון איז ביי אים דער הויפּט אינסטרומענט מיט וועלכן ער אַרבעט, איז דערפאַר זייער נאַטירלעך פאַר אים זיך צו רעכענען ניט מיט געגעבענע סיטואַציעס אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון היסטאָרישער דערפאַרונג, נאָר מיט פּראָבלעמען אין וועלכע מענטשלעכע דערפאַרונג און ניט אינטערעסן שפּילן די הויפּט ראָליע. תנחום, דער פאַרצווייפלטער און כמעט האָפנונגסלאָזער, איז מער כאַראַקטעריסטיש פאַר לייוויקס וועלט אנשויאונג ווי דער מהר״ל אָדער דער גולם. תנחום איז דערפאַרונג, אָנגעזאמלטע ליידן און אנטוישונגען. די אַנדערע זענען דינאַמישע, קרעאַטיווע כאַראַקטערס, מיט באַגרעניצטע היסטאָרישע צוימען, אָבער דאָך שעפערישע מענטשן מיט א ווילן און חוש פאַרן מאָמענט. די וועלט פון סימבאָלן האָט לייוויקן ארויסגעהאָלפן מאכן אַלע פאַרשוינען אין „גולם״ גלייך וויכטיק. סימבאָלן זענען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער אין דער וויזועלער און פאַנטאַסטישער וועלט.

לייוויקן האָבן די מענטשן אַרום נישט גערעגט, נישט פאַרכאַפּט. זייער לעבן ווערט געטריבן נישט פון עטישע באַגריפן, נאָר פון אינסטינקטן. פּשוט׳ע אַפּעטיטן. הונגערט זיי, חלוש׳ן זיי, און ווען מען מונטערט זיי, חלומ׳ען זיי וועגן א גרויס שטיק ברויט. ווערן זיי אַנטוישט שיכור׳ן זיי און ניכטערן זיי זיך אויס, שיכור׳ן זיי זיך ווידער אָן. אַלעמאָל זוכן מענטשן א ווייך קישן אוועק צו לייגן דעם קאָפּ און אים איינטוליען און נישט זען, כדי צו גלויבן אין זייער אייגענעם כוח. זיי זוכן נישט קיין אמת׳ן, נאָר רו, קאָמפאָרט. און אַזוי ווי לייוויק וויל זיי אריינזעצן א מאָראַלישן געוויסן דאָרט וואו דער מאָגן איז ליידיק, ליידן דעריבער זיינע מענטשן, זיינע לידער, זיינע ווערטער. ליידן ווי מענטשן אויף וועלכע מ׳מאַכט דריזן־אָפּעראַציעס, כדי זיי יונגער צו מאכן. ליידט דער מהר״ל פון ספיקות, פון נישט זיכערקייט אין זיין כוח צו שאַפן און באַשאַפן. ליידט דער גולם פון איינזאַמקייט מיט דער האַס אין האַנט. ליידט

ר׳ באַסעווי פון שלאָפלאָזיקייט. ליידט תנחום פון צו ווייניק לאָזן צו רייסן, ליידט דאָס ליד פון גאָר נישט, ווייל עס קאָן נאָך זינגען, ליידט טאַדעאוש, ווייל ער קאָן נישט שטאַרקער און מיט מער רציחה שלאָגן, זיי ליידן דערפאַר, ווייל ליוויק וויל זיי געבן דעם צלם אלהים, ער וויל זיי מאַכן אַבסאָלוט, ווייל אויב געשיכטע און טראַדיציע מיינען דערפאַרונג, קאָנען נישט די אַרומיקע מענטשן פון וועלכע ליוויק גייט אַוועק, ווייל זיי זענען רוי, און נישט די ליידנדיקע צו וועלכע ער כאַפּט זיך צו איבערגעמאַכט ווערן, אַזוי, אַז זיי זאָלן קאָנען טאָן זיין שליחות, (ליוויקס), ניט דעם מהר״לס בשלימות. זיי פעלט ליוויק׳ס זכרון און זיין קדושה. ליוויק איז אַלע מאָל פאַרכאַפּט פון אַ ווינט פון אומרו. ער האָט אַלע מאָל אַ ווילדן פאַרדאַכט, אַז קיין זאַך וואָס ער באַרירט איז רעאַל. ער פילט זיך אַלס אַ קרבן. אַליין און מיט מורא, אַ מין קינסטלערישער איינזאַמער וואָלף. אויף אים ליגט אַ חוב מתקן צו זיין די פוסטקייט און אַמאָראַלישקייט פון די מענטשן אַרום. דערפאַר דאַרף ער זיין דער שטענדיקער מרגל, דער זוכער, נישט פון מילך און האָניק, נאָר ווי דער פּרוש אין פּרצ׳ס דערציילונג זוכט ער אויפצוּוועקן די נשמה פון דער וועלט. און זיין יעדער קינסטלערישער עולה רגל זיין איז בלויז אַ פאַרזוך אויפצוטרייסלען די אַמאָראַלישע פאַרגליווערטקייט פון מענטשן, און אַראָפּצורייסן זיין אייגענע וואָלפישע פעל און זיך באַפרייען פון דעם וואָלפס קול.

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז אין אַזאַ סביבה ווי אונדזערע אין די מלחמה יאָרן, ווען מאָראַלישע און עטישע ווערטן זענען אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן, אין אַ צייט ווען „מעגלעכקייטן״ איז געוואָרן דער ערשטער נאָמען נישט פון מוניציע פאַבריקאַנטן, נאָר פון כמעט יעדן קרעמער, פעדלער און פאַבריק־אַרבעטער זאָל אַזאַ ערנסטער און טיפער שרייבער ווי ליוויק איבערנעמען די ראָליע פון געוויסן פון יידישן פאָלק. אין אים זאָל זיך אַנטפּלעקן די קאָסמישע נערעכטיקייט. און דערפאַר זיינע ליידן, זיינע חבלה לידה. ליוויק וואָלט געקאָנט זאָגן צוזאַמען מיטן מהר״ל „ביז וואַנען ער וועט זוכה זיין צום לעבן, אַ האַנט אַ הויב טאָן, אויפשטעלן אַ פּוס, טראָג איך דערווייל דעם קוק פון זיינע אויגן״, אָדער „אין אַלץ, וואָס איך

פאַרטראַכט, דערזע איך. און אַלץ, וואָס איך דערזע, וועט קומען", די אומרואיקע יאָרן פון מלחמה און רעוואָלוציעס מיט אַ הינטער־גרונד פון פערזענלעכער דערפאַרונג אין סיביר האָבן לייוויקן געוויזן וואָס רויע מאַכט מיינט אין רעאַלע סיטואַציעס. דאָס פּשוט'ע יאָגן זיך נאָך העכערע שׂכירות און פאַרכאַפּן וואָס מער, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט ביי די אונטערדריקטע, האָט לייוויקן אַוועקגעטריבן פון די פּאַסטראַלע אָדער לירישע דיכטונגען אין אים גערעגט צו געפינען אַן אַבסאָלוטע לייזונג צו דעם גאַנצן אומפאַרשטענדלעכן היסטאָרישן פּלאָנטער. און עס איז געווען זייער נאַטירלעך, אַז ער זאָל עס גע־פינען אין אַ צייט פון אומגליקן, יידישע צרות און אין אַ געראַנגל צווישן טראַדיציע און רעוואָלט, צווישן אַבסאָלוטע אמת'ן און באַלדיקע נויטן. ער האָט געמוזט אַוועקגיין פון דער סביבה, כדי אין פראַג צו דערזען דעמזעלבן געראַנגל פון כוחות, דעמזעלבן שפּיל פון היסטאָרישע אַפּעטיטן און שוואַכקייטן, די אומפּייאיקייט נישט נאָר פון מענטשן, נאָר אַפילו פון דערלייזער, זיך צו דערהויבן צום פלאַך פון אַבסאָלוטן מאָראַלישן אמת. אומדירעקט האָט ער סאַנקציאָנירט די כאַפּ־לאַפּ פילאָזאָפיע פונם גאַסן מענטשן. אָבער פאַרן האלדז האָט ער אים אָנגעכאַפּט, און ער האָט זיך אַביסל דערשראָקן פאַר דעם וואָס ער האָט אין די אויגן דערזען, לייוויק איז מסתמא נענטער ווי אַנדערע שרייבער צוגעגאַנגען נאָנט צום מענטש, און אים טיף אין די אויגן אַריינגעקוקט. און וואָס ער האָט האָרט דערזען, פאַרפאָלגט אים זיין גאַנץ לעבן. דער „גולם" האָט אים פון דעם קוק ניט באַפרייט. ניט זיינע שפּעטערע דראַמען און אַפילו נישט „די גאולה־קאָמעדיע", כאָטש די לעצטע האָט דעם קוק פאַרמילדערט און אַביסל ווייכער גע־מאַכט. דער זכרון איז אַביסל קילער געוואָרן. ער טריפט מיט בלוט. אָבער בלוט, וואָס געבירט, גיט לעבן. מיר וועלן זען ווי די נאָך מלחמה יאָרן, די יאָרן פון ציילן די וואונדן, און דאָס איינקאַסירן די געווינסן האָבן אויף לייוויקן געווירקט.

עס איז זייער מעגלעך, אַז אין די עקסקורסיעס צום עבר, האָבן געווירקט נישט בלויז ריין קינסטלערישע כוחות נאָר אויך קולטורעלע. ד"ר. חיים זשיטלאָווסקי האָט שוין דאַן געהאַט אַביסל צעאַקערט אונד־זער אַמעריקאַנער „גרינע" ערד. ער האָט שוין געהאַט אַ היבש ביסל

פּיילן אַריינגעשאָסן אין דער אַמעריקאַניזירטער־גרינער געביידע פון אייב קאַהאַן. דר. זשיטלאָווסקי האָט שוין געהאַט געוויזן, אַז דער משכיל׳ישער באַגריף פון אַמאָליקן יידישן פאָלק איז אַ פאַלשער. אפילו אונטער אַלערליי רעליגיעזע פּרוכת׳ן און שלייערס האָט זיך גע־וויקלט נישט קיין סקעלעט, נאָר אַ לעבעדיק פאָלק מיט אַן אידייע. דר. זשיטלאָווסקי האָט אָנגעוויזן די לעבעדיקע קאַמפן פון יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ, און פאַר דער ממשלה פון אַן אידייע. און אין זיין רעוויזיע האָט ער אָנגעמערקט פערזענלעכקייטן אונטער די בערד און לאַנגע קאַפּאָטעס. דר. זשיטלאָווסקיס פּובליציסטישער און פילאָזאָפישער בנין האָט אפשר אויך געשטויסן ליוויקן צום מהר״ל, און אַפּאַטאָשון קיין רעגנסבורג. זיי האָבן געדאַרפט קינסטלעריש איבערשאַפן די היסטאָרישע פערזענלעכקייטן און עפּאָכעס.

ליוויק האָט טאַקע נישט נאָר געזוכט אַן ענטפער פאַר בלוט־פאַרגיסונג, דעם תוך פון געראַנגל צווישן כוח און גייסט, נאָר אויך גע־שאַפן אַ העלד מיט אַן עפּאָכע. דער מהר״ל איז דער שומר פון דער יידישער אידייע, פון דער יידישער מיסיע, אָבער אויך דער שופט און פוסק פונם יידישן אָרום, פון דער קעגנוואַרט. און עס ראַנגלען זיך אין אים צוויי ראַליעס. די יידישע גדולה האַלט ביים צוזאַמענברעכן און מיט דעם קאָן קומען דער פאַנאַנדערפאַל פונם גאַנצן וועלט־שטיי־גער, ווייל אַן יידישן גורל איז אָפּהענגיק דער צושטאַנד פון דער וועלט. ווי זאָגט דער מהר״ל „מיר האָבן צו אַלץ און אַלעמען פון גאָר דער וועלט זיך צוגערירט מיט איין שפּיץ פון פינגער, נאָר פון דער זייט אַ הויך געטאָן מיט אונדזער אָטעם, און אַלץ, און אַלע פון דער גאַנצער וועלט וועט טראָגן שוין אויף אייביק אונדזער פינגער און שטורעמס, ווירבלנדיקע שטורעמס וועלן אויסברעכן פון אונדזער לייכטן, אויסגעהויכטן אָטעם. צו וואָס נאָר דאַרפן מיר געפינען טעמים, און פרעגן קשיות, וואָס מען וויל פון אונדז? אויב טעמים זוכן — זאָלן זיי. זיי זוכן טאַקע. זיי זוכן און געפינען. און אַז ווי צו זיי, צו זייער אָנגעשטריינגטן זוכן און געפינען. און מיר — מיר שטייען אָן דער זייט פון אַלע טעמים. מיר זענען שווער און לייכט, דערנענטערט און דערווייטערט. מיר ווילן, — גייען מיר אַנטקעגן מיטן פנים צו דער וועלט. מיר ווילן, — ווייזן מיר דעם נאַקן צו

דער וועלט. די וועלט איז נאָר דער דורכגאַנג, נאָר דער פּרוזדור צו אונדז אַליין. ס'איז אפשר צו לאַנג, צו פאַרפּלאָנטערט דער דורכ־גאַנג. אָנגעשטעלט מיט שפּיזן, העק — נאָר ווער וועט גיין זיך לאָזן אָפּראַמען פון העק, אַז אויך מיט זיי וועט מוזן ווערן אָפּגעראַמט אויך אונדזער אָנריר, אונדזער רויטער טראָט". די פילאָזאָפיע פונם מהר"ל, די נאַציאָנאַלע מיסיאָנערישקייט איז נויטיק געווען פאַרן מהר"ל דאַן פונקט ווי פאַר לייוויקן היינט. דאָס האָט געהאָלפן געבן אַ תוך, אַן אינהאַלט אונדזערע געשיכטלעכע ליידן. אונדזער צעזייט און צעשפּרייט לעבן, אויב צער איז אונדזער ראַליע, איז נאַטירלעך, אַז מיר זאָלן זיך שרעקן פאַר דער האַק. אַ האַק איז אַ פּראָדוקט פון אומגעדולד. פון מקריב זיין דעם קץ. און אין דעם לויערן אַ סך געפאַרן. אָט די נאַציאָנאַלע מיסטיק אין וועלכע לייוויק האָט זיך געהילט, איז גוט געווען סיי פאַר לייוויקן און סיי פאַר אונדז. אונדזער יידיש לעבן אין אַמעריקע האָט אַ זין געקראָגן. און לייוויק האָט אַ קולטור אַטמאָספערע געהאַט. כאָטש דער זיג אין „גולם" געהער דעם האָפנונגסלאָזן תנחומ'ען, און פון דעם מהר"ל'ס פאַרלאַנג צו קאָמבי־נירן כוח מיט גייסט ווערט גאָרניט. האָט אָבער דעם מהר"ל'ס פאַר־זוך צו ענדערן אונדזער געשיכטלעכן גורל אויפגעטרייסלט אונדזער פאַרגליווערטקייט. עס האָט אונדז געצוואונגען אויפסניי זיך צו פאַר־טראַכטן וועגן אונדזער ראַליע צווישן די פעלקער.

דער „גולם" איז נישט נאָר אַ קינסטלעריש ווערק פון גרויסן פאַרנעם, נאָר עס איז אויך אַ דאַטע אין אונדזער קולטור קאַמף. נישט נאָר קריגט דאָס יידישע פאָלק אַ פאַספּאָרט, נאָר דער סימבאָליזם ווערט דערהויבן צו קאָסמישע הייכן. אונדזער אַמעריקאַנער כאָאָס קריגט אַ קלאָר אויג, וואָס זעט אַלע פּלאַנטערס און געמיש פון ווערטן. כאָטש אַ טיף נאַציאָנאַל ווערק איז „דער גולם", די אמת'ע טיר צו קאָסמישע פּראָבלעמען. פון דעם אייגנאַרטיקן צום אַלגעמיינעם. ספּעציעל אין אַ צייט פון געראַנגל צווישן פעלקער און קלאַסן.

## 11

די מלחמה און רעוואָלוציע יאָרן, זענען געווען יאָרן פון וואָגי־קער שוואַנגערשאַפט פון נייע ווערטן און האָפנונגען און אויך יאָרן פון אַבאָרטע־פאַרלאַנגען. די אַספּיראַציעס האָבן אויף פאַרשידענע שרייבער אַנדערש געווירקט, כאָטש זיי האָט געמאַטערט דיזעלבע פראַגע און כאָטש זיי האָבן געליטן פון דיזעלבע ספיקות און ראַנגלענישן. אָפּאַטאָשו האָט באַהאַנדלט זיין מאַטעריאַל קיל, נישט קאָלט, נאָר קיל. ער האָט באַטראַכט מיט זיין הייסן טעמפּעראַמענט די מענטשלעכע קאָמעדיע קיל — די וועלט שטינקט טאַקע, אָבער מען דאַרף זי רייניקן. לייוויק האָט געכאַפּט זיין מאַטעריאַל הייס, און ווען עס האָט אים געבריט און אים געמאַכט וואונדען, האָט ער געבלאָזן צו קילן די וואונדן, אָבער ער האָט קיין וואַסער ניט גענוצט אויסצולעשן דאָס פייער, וואָס האָט אים וואונדן געמאַכט. לעיעלעס האָט, לכתחילה, געפּרווירענעם מאַטעריאַל גענומען. דער מאַטעריאַל ווערט געפּרווירן, ווען ער באַטראַכט אים מיט זיין רואיק, לאַבאָראַטאָריש אויג. דאַן בלאָזט ער אויף דעם קינסטלערישן (חומר) מיט זיין אָטעם, כדי אים צו דערוואַרימען. ער בלאָזט אַריין זיין גאַנצן ווילן צו פאָרמירן, פאַרטיפן און איבערשאַפן. מען מוז מיטמאַכן דעם פּראָצעס, כדי צו פאַרשטייען, דערזען און הנאה האָבן. ווי אַזוי האָט לעיעלעס געזען און געזונגען, אָדער ווי אַזוי האָט ער פאַרטיפט די צייט פון מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער פוסטקייט? ביי לעיעלעסן איז שווער כראָנאָלאָגיש באַשטימען זיין שאַפן, ווייל אָפּגעקילטער מאַטעריאַל קאָן לאַנג זיך וואַרימען אין די קעמערלעך פון דער אייגענער נשמה און ער זאָל נישט קאַליע ווערן, אָדער אַפעקטירט ווערן. לעיעלעסעס שאַפן לאָזט זיך נישט קלאַסיפיצירן אין פעריאָדן מיט סאָציאַלע ענדערונגען אַלס באַראָמעטר. עס איז אפשר פאַראַדאָקסל, אַז דוקא ער, וואָס איז געדאַנקלעך דער סאָציאַלסטער קאָן מיט דער פאַקטישער סאָציאַלער סביבה פאַראַלעל נישט פאַרבינדן ווערן. פאַר אים דעם אינטעלעקטועלען מוז אַ מיסטישע פאַרבינדונג געשאַפן ווערן. עס איז זייער

מעגלעך, אַז דערין איז שולדיק זיין עקספּערימענטאַליזם און אינזי־כיזם. נישט אַז זיי זענען שלעכטע מעטאָדן. פאַרקערט, זיי האָבן אָפּגעלייקנט דעם אַלט־פראַנקישן און אָנגענומענעם שאַבלאָן פון אינ־טואיטיווער פויגל זינגעריי, וואָס איז בכלל געווען באַנאַל, אַלט, און האָט מאַניפּולירט מיט דער אָנגענומענער גאַמע פון געפילן און בענ־קענישן. אָבער דער עקספּערימענטאַליזם, וואָס האָט געפּרואווט באַ־ווייזן, אַז מען קאָן מיט דער נייער מעטאָדע באַהאַנדלען אַלערליי טעמעס, האָט ממילא געמוזט, צוליב איר פאַרזוך, צו זיין מיט ליטן גלייך — איגנאָרירן די אָנגעוויטיקטע סאָציאַלע ראַנגלענישן און זיך אריינלאָזן אין אַ פאַרטיידיקונג פון איר מעטאָד, און אין באַווייזן פון איר קאָמפּעטענץ צו זיין פּאָעטיש. און איז אַזויערנאָך געוואָרן אַ רעאַקציאָנערער טייל פון אונדזער דיכטונג, כאָטש ער האָט אָנגע־הויבן מיט רעוואָלוציאָנערן אימפּעט. דער אינזיכיזם איז געוואָרן עקספּערימענט אנשטאָט מעטאָדע. און אפילו אירע טאַלאַנטפולע און קלוגע עקספּאָנענטן ווי גלאַטשטיין און לעיעלעס, האָבן גיכער עקספּע־רימענטן געמאַכט מיט „אַ כדי" ווי פּאָעזיע פון נאַטירלעכע רע־גונגען געשאַפן. וואָס האָט לעיעלעסן געצוואונגען שרייבן סאָנעטן און טריאָלעטן, באַלאַדן און ווילאַנעלן, אויב נישט דער פאַרלאַנג צו באַווייזן (ווייל זיין געמיט איז לחלוטין נישט ווילאַנעליש), אַז מיר קאָנען אַלץ מאַכן, אויב מיר ווילן נאָר. וואָס האָט גלאַטשטיינען גע־טריבן צו „אַרטיריאָ סקלעראָסיס", אויב נישט אַן אויסערלעכע רעגונג פון אַן אויסגעשטרעקטן פינגער, וואָס האָט געזאָגט: לאָמיר זען וואָס איר קאָנט. עס פרעגט זיך, פאַרוואָס האָבן זיי נישט עקספּערימענטירט מיט פּראָזע? ווייל אין פּראָזע קאָן מען נישט באַווייזן. מען מוז זאָגן, דערציילן, מאָלן מענטשן. איבערזעצן דזשוזעפסן אין פּאָעזיע איז לייכטער. מען דאַרף בלויז פלינק זיין. און דאָס זענען די בעסערע פאַרטרעטער געווען.

לעיעלעס האָט זיך געראַטעוועט פון דער עקספּערימענטאַלער מגיפה, אַ דאַנק זיין טיפן, ערנסטן סאָציאַלן וויטיק. אים איז אין דער אמת'ן געווען אָרגאַניש פרעמד דער ווילאַנעלן שפּיל. ווייל ער גלויבט דאָך, אַז קונסט איז נישט אויסדרוק, נאָר קאָמוניקאַציע. מען דאַרף אַ געפיל, אַן עמאָציע, איבערלעבונג, אָדער געדאַנק אינטענסי־

פּיצירן פאַר מענטשן און נישט זיך שפּילן מיט ווערטער, מיט צרופים. און זיין טאַלאַנט, און זיין בליק אויפן לעבן, איז אין עצם אַ דראַ־מאַטישער. ער איז מער פאַראינטערעסירט אינטערצושטרייכן דעם סוף (גיכער) ווי דעם אָנהייב. ער איז מער פאַראינטערעסירט אין צילן ווי אין מיטלען. אויך איז ער דאָך אַ דיאַלעקטישער מאַטערי־אַליסט, וואָס האַלט, אַז פּאַסירונגען ווערן געמאַכט נויטווענדיק, ניט פון ווילן, נאָר פון נאַטירלעכע געזעצן. דערפאַר זענען אַלע זיינע לידער און ראָמאַנען, ביאָגראַפישע און מאָלערישע, גיכער שפּיל ווי ערלעכע און טיפע רעאַגירונגען אויף איבערלעבונגען, אויסערלעכע אָדער אינערלעכע. אמת׳ן אויסדרוק קריגט לעיעלעס אין זיינע דראַ־מען, ספּעציעל אין „אשר לעמלען" און אין „שלמה מולכו", ווייל דאָ אַרבעט ער אין זיין אמת׳ן מידיום און מיט נאַטירלעכע און נישט קיין קינסטלעכע מיטלען.

גלאַטשטיין, ווידער, האָט געהאַט אַ רייפן טאַלאַנט. ערגעץ וואו אין זיין טיפסטן וועזן האָט ער געוואָרצלט אין יידישער טראַדיציע. חסידות און השכלה האָבן געאַנקערט אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין. דאָס האָט זיין טאַלאַנט געגעבן פּקחות און אַ היבש ביסל חכמה. אומבאַוואוסטזיניק האָט ער געוואָרצלט אין יידישער טראַדיציע, און אין צוגעבונדנקייט צו תוך און נישט צו חכמות לשם פלינקייט. מיטן באַוואוסטזיין אָבער, האָט ער זיך געריסן פּטור צו ווערן פונם טראַדיציאָנעלן „הויקער". ער האָט דוקא געוואָלט זיין אַן עקזאָטישע בלום. ער האָט געוואָלט וואַקסן אויף אַ וואַנט, אַנשטאָט אין דער ערד. ער איז געוואָרן אַ זייער טאַלאַנטפולער זישע לאַנדוי. אַן אַרטיקולירנדער לאַנדוי. וואָס לאַנדוי האָט געוואָלט און נישט גע־קאָנט שאַפן, האָט גלאַטשטיין געשריבן. מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט איז ער אַ פאַרפוילטע פרוכט. ער האָט איבערגענומען די דעקאַדענץ פון די אַמעריקאַנער אימאַזשיסטן און דאַדאַאיסטן מיטן סנאָביזם פון די פּאָעטישע „מלכים". ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט זיין באַנוצן אַ ניי בילד, אַ נייעם מעטאַפאָר. ער האָט זיך געריסן צו איבעררּאַשן, און זיך אויסגעגליטשט. טאַלאַנט פאַר׳סמ׳ט פון פּאָעטישן מאָדערנעם אָפּיום. טאַלאַנט, וואָס פוילט ערגעץ וואו. מען דערקאָנט עס אפילו

אין זיין גלאַטקייט. אפילו אין זיין עקספּערימענטאַליזם און אינ־זיכיזם.

לעיעלעס האָט באמת געזוכט אַן אַנדערן אויסדרוק מידיום. זיין טאַלאַנט האָט זיך נישט געקאָנט אַריינפּאַסן אין די גלאַטע ראַמען פון די „פויגל" זינגער. ער האָט, אייגנטלעך, קיינמאָל ניט געוואָלט זינגען. זיין טאַלאַנט איז ניט קיין זינגענדיקער. ער קאָן גיכער איבערגעבן שטימונג, עמאָציע און געפיל דורך אַ רייע אָפּגעהאַקטע אימאַזשן, וואָס זענען אינטעלעקטועל פאַרבונדן. ער זוכט אַלע מאָל עפּעס צו זאָגן.

לעיעלעס פּונקט ווי לייוויק און ווי אַנדערע ערנסטע דיכטער אין דער היינטיקער צייט, האָט זיך נישט געקאָנט צופרידנשטעלן מיט בלויז שרייבן לידער. דער פּאָעטישער מידיום גיט אפשר גענוג אויס־דרוק פאַר אַ גאַנצער פּערזענלעכקייט אין אַ רואיקער, נאָרמאַלער צייט, ווען באַשרייבונג איז גענוג, ספּעציעל, ווען עס ווערט נאָך צוגעווירצט מיט פּערזענלעכער ליריק, אין אַ צייט ווען דאָס לעבן פליסט גלייך און זוניק קאָן דער קרעאַטיווער דיכטער זיך באַפרידיקן מיט פּאַסיווע, אידילישע בילדער פון אַ גאַנץ לעבן. ער דאַרף נישט קעמפן מיט זיין מאַטעריאַל. דער אויסוואַל ליגט פאַר אים קלאָר ווי אַ לבנה־נאַכט. צי ער גייט צום דאַך־שטיבל אָדער צום קעלער, אין שלאָף־צימער, אָדער אין די גאַסן געפינט ער אומעטום לעבן. שטיקער אָדער ברעק־לעך פון אַ גאַנץ אָפּגערונדעט האַראָזאַנטאַל אָדער ווערטיקאַל לעבן. ווייל ער זיין באַזונדערס אָריגינעל דערגרונטעוועט ער און באַשרייבט פאַרבאָרגענע ווינקעלעך, אייביקע מיסטעריעז, קנייטשן און פאָלדן אין דער מענטשלעכער נשמה און ער ווערט אַ פּסיכאָלאָגישער דיכ־טער, אַן אינטראָווערט. מיטלען און מעגלעכקייטן פאַר מיסטיפיקאַציע זענען דאָ אָן אַ שיעור. מען קאָן גיין צו דער זון, די בערג, טייכן, ימים און אָן אַ שיעור אַנדערע געגנשטאַנדן וואו אַ דיכטער קאָן מאַכן דעם אָנשטעל פון גרויסקייט. די דיכטער אין דער היינטיקער צייט ווי לייוויק, יהואש, קולבאַק, מאַרקיש און אַנדערע האָבן נישט געקאָנט זיך אויסלעבן דיכטעריש און מענטשלעך אין די ראַמען פון גע־פינטלטע און קורצע שורות. זיי האָבן געדאַרפט שרייבן דינאַמיש, ווייל דאָס לעבן אַרום זיי איז ברויזיק און רעש'יק. זיי האָבן גע־

מוזט שרייבן וועגן מענטשן, קלאָסן, פעלקער און זייערע קאַמפן, זייערע פאַרזוכן זיך אויסצוליזן, זיך צו באַפרייען. און מיר דוכט, אַז דאָס ליד איז צוגעפּאַסט אָדער צום וואַרימען פייער ביים אויוון, ווען אין דרויסן וואָיעט דערווינט, אָדער אין איר גרעסערער שטופּע, צום געזאַנג פון זיג נאָך דער שלאַכט. באַזונגען העלדן, און אפשר אויך אונטערטרייבן די פויק. אָבער אַרומנעמען די גאַנצע גאַמע פון מענטשלעכע קאַמפן אין דער איצטיקער צייט, אויפנעמען דעם גאַנצן וועג פון מענטשלעכע ראַנגלענישן אין זיין וועג צום נייעם, דאָס האָט נאָך דאָס ליד נישט באַוויזן צו דערגרייכן. דערפאַר איז לייוויק אַוועק צום „גולם”, דערפאַר האָט לעיעלעס געזאָגט אויף ווידערזען צו זיינע עקספּערימענטעלע „טערצעס, ווילאַנעלען”, און איז אַוועק נישט צו קליינע וואַסערלעך, וואָס פליסן אויף גלאַנציקע שטיינדלעך, נאָר צו א וויכטיקן מאָמענט אין אידישער געשיכטע — דעם דערלייזונגס מאָמענט.

לעיעלעס האָט אויסגעקליבן אַן עפּאָכע, וועלכע איז כמעט צו גרויס און פילפאַרביק פאַר זיך אליין. אַן עפּאָכע, וואָס איז צופיל אָנגעפּאַקט מיט היסטאָרישע פּאַסירונגען, אַז זי זאָל זיך אַרויסראַטעווען א גאַנצע און נישט פּלאַצן. מענטשן איז נמאס געוואָרן האַלטן אין איין זוכן נייע וועלטן אין די הימלען. נאַטירלעך, זענען געווען אויך, און אפשר הויפּטזעכלעך עקאָנאָמישע סיבות, וואָס האָבן דערצו געבראַכט. אָבער דאָס איז פאַר אונדז איצט נישט וויכטיק. מען האָט אָנגעהויבן מעסטן די ערד. מען האָט זיך געזעגנט מיט די הימלען פון אסקעציזם און מיט די פאַקטישע הימלען. מען האָט אָנגעהויבן ציילן שעה'ן, מעסטן פלאַכן. דער מענטש איז שטאָלצער און זיכערער געוואָרן. זיינע פיס זענען פעסטער און שטאַרקער געוואָרן. דער קאָפּ האָט זיך מער ניט פאַרריסן צום הימל, נאָר האָט גלייך, שטאָלץ, און פאַראויס געקוקט. פון מזרח זענען אוצרות פון גייסטיקע און קינסטלערישע ווערטן אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין אייראָפּע. דער מענטש איז געוואָרן אוים הייליקער. ער איז ערדיש און מלאכיש געוואָרן מיט כוח, אַמביציעס און מעגלעכקייטן. חשיבות און זיכערקייט מיט זיך, מיט דעם רעכט צו לעבן און געניסן, ווערן די הויפּט-טענער פון

לעבן. דער דראַנג זיך צו באַפרייען פון די אַלטע פּאַרראָסטעטע נשמה־קייטן, מאַכט דאָס בלוט פליסן שנעלער און דעם פּולס קלאַפּן שטאַרקער. אָט דער גראַנגל פון כוחות, נייע, פרישע, צינדט אויך אָן יידישע הערצער, באַלייכט יידישע האָפנונגען און עס צעפלאַ־קערט זיך אַ פייער פון מקוים געוואָרענע הבטחות. משיח איז דאָ. אויף אָט דעם הינטערגרונט, וואָס איז אָן צווייפל געגעבן געוואָרן פון אונדזערע אייגענע משיח־טעג, בויט לעיעלעס זיין דערלייזונגס דראַמע.

אין „שלומן מולכו" רירט לעיעלעס אָן אַלערליי עטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, וועלכע מוזן אַרויסשווימען אין צייטן פון רי־זיקע איבערקערענישן אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן פון פעלקער. די שייכות'ן צווישן יחיד און כלל, באַציאונג צווישן מאַסן און פירער, און איבערהויפּט פּרואווט ער געבן פאָרמען די משיח אידייע. ער פּרואווט איבערזעצן די טראַדיציאָנעלע משיח־אידייע אין טערמינען פון זיין דערפאַרונג און זיין וועלט אנשויאונג. אייגנטלעך, פּרואווט לעיעלעס געבן אַן ענטפער אויף דערזעלבער פּראָבלעם, אויף וועלכער אַפּאַטאָשו און לייוויק האָבן געענטפערט יעדער אויף זיין שטייגער. כוח אָדער גייסט. איז באַפרייאונג אַ קאָנקרעטע זאַך פון זיך באַ־קליידן און שיכן, אָדער אַ נייער גייסט דאַרף אָפּוואַשן די וועלט. זי דאַרף צום ערשטן וויזועל איבערגעשמידט ווערן, זיך לייטערן אין פייערן, און ערשט דאַן קאָן זי צום טויער פון ליכט און זע־אונג קומען. נאַטירלעך וואָלטן זייערע ווערק נישט געווען קיין גרויסע, ווען זיי וואָלטן זיך בלויז גערונגלט מיט די אידייען. אָבער אַלע לאָזן זייערע אידייען אויפלויכטן דורך העלדישע ריזיקע פיגורן, דורך פיין־געמאָלענע כאַראַקטערס. אַפּאַטאָשו דורך מרדכי'ן, ר' איטשן און ר' מענדל קאַצקער, לייוויק דורכן מהר"ל, גולם און תנחום, און לעיעלעס דורך שלמה מולכון, דוד ראובנין און יוסף קארו. די אַלע העלדן זענען לעבעדיקע מענטשן פון פלייש און בלוט, אומאָפּהייניגיק פון די אידייען מיט וועלכע זיי זענען באַקליידט. ראַטעווען זיין נשמה, דעם פּאָלקס און דער וועלט־נשמה איז זייער טרייב קראַפט. כאָטש עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז לעיעלעס, דער סאָציאַלער מענטש, איז אַ זייער אינדיווידואַליסטישער דיכטער. אים גייט אָן מולכו,

וואָס ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין. ער פאַרנעמט זיך נישט מיט ראובנ׳ן, וואָס איז ערדיש, און איז דערפאַר פאַראינטערעסירט אין ברויט פאַר אַלע און ניט ווי מולכו אין אידייען.

אין „שלומו מולכו״ גיט זיך לעיעלעס מער אָפּ מיט דער מעטאַמאָרפאָזיע פון שלמה מולכו פון מאַראַן ביז ייד, ביז דערלייזער, ביז שייטערהויפן. ער שיינקט ווייניק אויפמערקזאַמקייט די מאַסן באַוועגונגען אין יענער צייט. עס הערט זיך בלויז דורך אים אַ עכאָ פון צייט צו צייט, פון די ליידן פון די יידישע מאַסן. אָבער אַ דירעקט בילד פון מאַסן־ליידן און קאַמפן זעט מען ניט. עס איז נאַטירלעך דאָ די אינקוויזיציע, אַ ווידער־קול פון די קרייצצוגגן. אָבער די טיפע ראַנגלענישן פון יידישע מאַסן איז דאָרט ניטאָ. די סיבה איז אַ נאַטירלעכע. עס איז דיזעלבע סיבה, וואָס האָט געשיקט אָפּאַטאָשון צו געשיכטע, לייוויקן צו דער לעגענדע, יהואש׳ן און ליעסינען צום יידישן עבר. עס איז נישט געווען קיין איינהייטלעך, גאַנץ יידיש לעבן. אין דעם לעבן אַרום, זענען נישט געווען קיין קולטורעלע און סאָציאַלע סימבאָלן, וואָס זאָלן קומען פון די טיפענישן פון פאָלקס לעבן. קיין יידיש לעבן, וואָס זאָל האָבן אירע וואָרצלען אין יידישער טראַדיציע. אין טראַדיציאָנעלן קאַמף פאַר יושר און גערעכטיקייט. דאָס פעלן פון סימבאָלן, האָט געצוואונגען די שרייבער צו פאַרטיפן זיך אין דער נשמה. דערצו האָבן זיי קיין טראַדיציע און פאָרמירט לעבן נישט געדאַרפט. זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אינדיווידועלער שיכות צו מענטשן, ייד, נאַטור און גאָט. זיי האָבן געמוזט ווערן אינטראָווערטן נישט אַלס קאָנסעקווענצן פון זייער אייגענער נאַטור, נאָר צוליב אויסערלעכע פוסטקייט און מדבר׳קייט. זיי זענען געצוואונגען געוואָרן צו ווערן פסיכאָלאָגיש און ממילא ליריש. לעיעלעס, וועמעס טאַלאַנט איז גיכער עפּיש און דראַמאַטיש, האָט געמוזט ווערן ליריש, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין אַדרעס, וואו צו אַדרעסירן זיינע זעאונגען. פונקט ווי די דייטשען האָבן פאַרוואָרפן די נאָוועלע פון מאַניערן ווייל זיי האָבן קיין איינהייטלעך נאַציאָנאַל לעבן נישט געהאַט, אָדער די רוסן, וואָס האָבן געפירט זייערע גריבלענישן אין דער מענטשלעכע נשמה ביז כמעט צו קרענקלעכקייט פון דאָסטאָיעווסקים העלדן

צוליב דערזעלבער סיבה, אַזוי האָבן אונדזערע שרייבערדי מער ערנסטע געמוזט גיין צום האַרץ, ווייל מ'האָט די אַנדערע טיילן נישט אַרויסגעזען. אַ דאַנק דעם, וואָס ס'האָט געפעלט אַן אויסערלעכע טרייבקראַפט, וואָס האָט געזאָלט פאַרמירן העלדן און קאָנצעפּטן זענען סיי לעיעלעס, סיי לייוויק, סיי אָפּאַטאָשו און סיי אַנדערע געצוואונגען געווען באַקליידן זייערע העלדן מיט זייערע אייגענע לירישע באַטראַכטונגען. און דערפאַר רעדט און טראַכט שלמה מולכו די גאַנצע פילאָזאָפיע פון לעיעלעסן. לעיעלעס איז געווען אינגאַנצן פריי צו באַקליידן מולכון מיט וואָס ער האָט געוואָלט, ווייל ס'איז נישט געווען קיין טראַדיציאָנעלע ראַם, וואָס האָט אים געצוואונגען אַרבעטן מיט אַ באַשטימטן געשטאַלט. ענגלאַנד האָט געהאַט אַ באַשטימטע אָנגענומענע קאָנווענציע, און ווען אירע פּאָעטן האָבן געוואָלט זיין ליריש, האָבן זיי זיך געמוזט ווענדן צו גריכנלאַנד, איטאַליע און דרום בכלל. ביי אונדז האָט מען עס אַלעמאָל געמוזט טאָן ווען מען האָט געוואָלט זיין שעפעריש. ביי אונדז האָט מען בכלל נישט געטראַכט אין עסטעטישע טערמינען, אפילו נישט אין ריין עטישע. די עטישע טערמינען אין וועלכע מען האָט געטראַכט, זענען געווען אוטיליטאַרישע. ספּעציעל אין אַמעריקע וואו טראַדיציע איז געווען אַן אַלטער גאַרניטור פון וועלכן מען האָט זיך געדאַרפט באַפרייען, אַז מ'האָט געוואָלט עפּעס אויפטאָן, זענען קיין ווערטן בכלל נישט געבליבען. זיכער נישט אַזעלכע, וואָס אַ קינסטלער האָט געקאָנט באַנוצן, כדי צו שאַפן אין געוויסע טראַדיציעס, אַזוי, אַז שלמה מולכו איז אַ פועל יוצא פון לעיעלעס טראַכטן, וועגן דער וועלט און אירע פּראָבלעמען און די יידישע ראַליע אין דעם פרייהייטס קאַמף, וואָס די וועלט, אָדער די מאַסן פירן אָן פון הונדערטער יאָרן.

וואָס איז מולכוס בילד פונם באַפרייאונגס קאַמף? ערשטנס זעט ער, אַז די וועלט איז פאַרזונקען אין שמוץ און אין זינד, און אַזויווי ער דיינקט אין היסטאָרישע טערמינען, זעט ער די דעגענעראַציע אין טערמינען פון נינוה און בבל, און יוסף קאַרא דריקט מסתמא בעסער אויס לעיעלעס ווי מולכוס פילאָזאָפיע ווען ער זאָגט:

„געבאָט און דין איז נישט געגוג פאַר דעם,
וואָס גאַרט צו זיין אַ צדיק;

דער צדיק טאָר זיין הארץ נישט אויפהענגען
אויפן צוים פון דין,
דער צוים דאַרף שטיין אין הארצן ביי אים
ס׳איז דין אַליין דער ברייטער צוים
פאַר די שוואַך־הארציקע״.

שפּעטער דריקט לעיעלעס — מולכו נאָך קלאָרער אויס די פילאָ־זאָפיע פון אמת׳ער באַפרייאונג. אַ באַפרייאונג, וואָס איז טיפּיש יידיש, כאָטש זי האָט נישט קיין טראַדיציאָנעלע פּלאַכטעס, אָדער פאַרהאַנגען. זאָגט מולכו:

„איר ווילט דען נישט, דעם הייליקן באַקליידן פון דאָס ניי?
אַ גלוסט דעם קערן, נישט דעם לבוש,
ס׳איז לאַנד — נישט פלאַך פון ערד,
נאָר וואו די נשמות לויכטן
נישט קלאָגט אויף דעם באַפרייטן גוף פון פאָלק,
קלאָגט, וואָס עס מוזן נאָך די צווייגן פון ישראל
די צווייגן, צווייגלעך, בליטן פון דעם בוים
מיט לייב,
מיט תאוות, וועלונגען און גלוסטונגען פון לייב
באַשוועכט זיין,
עס ברענען, ברענען לייבער יידישע,
דער ווייטיק פון דעם לייב,
שטייט, רייסט זיך איבער די פירעקן פון דער וועלט
די ווינטן טראָגן אים פונאַנדער
אין אַלע הימלען,
עס וויינען די מלאכים,
דאָס הארץ פון אלוויסיקטסטער און ריינסטער חכמה,
גייט אויס פון צער און רחמים,
נאָר הארץ ווערט דאָך געקילט, געטרייסט פון קאָפּ,
דאָס לייבדאַרף וויסן, עס איז גאָרנישט,
זאָל לייב דורך ווייטיק, קלייד זיך לערנען,
דאָס איז די נחלה און דער טייל פון לייב

צעשטערט דאָס קלייד
און העלפט אַליין צערייסן עס,
און ווען איר וועט דעם גאַרנישט פונקט אַזוי דערקענען,
ווי ס'איז באַקאַנטערהווייטיק,
וועט איר פון ליים באַפרייט זיין,
זיין חכמה,
אַלווייסיקייט,
נשמה נאָר,
מחשבה ריינע".

עס איז וויכטיק אונטערצושטרייכן, ווייל דאָס באַווייזט גרינטלעך דעם אמת פון דער באַהויפּטונג, אַז ביי אונדז זענען קינסטלערישע, אָדער עטישע ווערטן געווען נאָר אַ פאַרלאַנג איינצושטילן דעם לאַנג־יאָריקן הונגער, זיך פאַרזאָרגן אויף דער צוקונפט, און העלפן די אָרימע לאַנדסלייט, נישט פון ליבע, נאָר צוליב מורא, אַז זיי קאָנען קומען צו אַזאַ לאַגע. אין אַמאָראַלישע פילאָזאָפיע און וועלט־אַנשוי־אונג. „שלמה מולכו" באַווייזט דאָס צום בעסטן. לעיעלעס, וואָס איז אַ גרינטלעכער סאָציאַליסט איז געצוואונגען געווען אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך צוגערירט צום דערלייזונגס פּראָבלעם, פירן זיין העלד אין אַבסטראַקטע, גייסטיקע וועלטן, געצוואונגען געווען געבן מולכו'ן אַ ריין לופטיקן רוחניות'דיקן מלבוש, און מאַכן יידן פאַר די בריק צו דערלייזונג , נישט מחמת היסטאָרישע דיאַלעקטישע געזעצן, נאָר צוליב אַ מין קאָסמישן יושר און גערעכטיקייט, לעיעלעס ווערט מיסטיש און שאַפט דורך מולכו'ן אַ מין מיסטישע געשיכטס פילאָזאָפיע און שולדיק אין דעם איז דער שטוים פון דער נאַקעטער, פאַרכאַפּנ־דער, אידייענלאָזער סביבה אַרום אים. אין ליריק האָט מען נאָך געקאָנט דערמאָנען דעם רויך פון אַ געביידע, אַן איינגעבויגענעם פּעדלער, אַ הענגנדיקע בריק. אָבער, אַז מען איז געקומען צו עפּאָס, אָדער דראַמע, איז מען געבליבן אָן סימבאָלן פון דעם אַרום. פאַר מיר איז ניט וויכטיק אויף וויפיל לעיעלעסעס געשיכטע פילאָזאָפיע איז אמת, אויף וויפל מולכו דריקט אויס יידיש מיטלאַלטערלעכע, אָדער רענעסאַנס אידייען, אָדער אויף וויפל מולכוס פיגור זאַמלט צונויף די שטויבן פון יידישע חלומות און מאַכט פון זיי אַן אימפּאָזאַנטן באַרג.

פאַר מיר איז יאָ ווּיכטיק, וויפל די שאַפונגען פון יענער צייט ווערן צוזאַמענגעוועבט און דורכגעפלאָכטן פון צייט אידייען, אָדער אויף וויפל זיי ווערן צוריקגעשטויסן פון דער פוסטקייט אַרום, און ווערן פאַרוואונדעט פונם קלאַפּ און זוכן שפּעטער היילונג און טרייסט אין גייסטיקער אַבסטראַקצירונג אָדער אין מיסטישער נזירות. ווי פרעמד און ווייט קלינגען די רייד פון שלמה מולכו:

„איר וועט אונדז קיינמאָל נישט באַנעמען,
אַן אַנדער שיקזאַל האָט אונדז גאָט באַצייכנט
ווי אייך,
און עפּעס אַנדערש אויסצופירן דאָ,
האָט ער אַהער געשיקט אונדז,
איר אַלע פעלקער זענט דאָ בלויז צו לעבן,
מיר זענען דאָ צו קענען גאָט
און זיך מיט אים באַהעפטן,
מיר זענען — אויפצוטרייסלען
די גלאַטע פליסנדיקע טייכן
פון אייערע טעג און נעכט.
איר גויים, איר האָט לענדער,
מיר האָבן נישט קיין לאַנד,
איר האָט מלוכות,
מיר דאַרפן קיין מלוכה,
און ווייל מיר האָבן גאָרנישט,
קאָן קיינער אונדזער קיום נישט פאַרשניידן,
מיר זענען דאָ צו לערנען אייך,
אַז אַלץ איז נישט,
און נישט איז העכער פיל
ווי אַלץ,
מיר זענען דאָ דעם ליגן פון דעם גאָר
אינם גאָרנישט צו באַווייזן,
איר לעבט מיט גאָר, מיט פאַלש פאַרבלענדיקן גאָר
און קאָנט דעריבער יעדן טאָג פאַרלירן,
מיר זענען אומבאַזיגבאַר".

אָדער:

„פון אונדז קומט דער ארויס,
וואָס איז באַפרייט פון לייב אינגאַנצן,
ווי ס'איז דאָס פאָלק באַפרייט געוואָרן פון אַלע גופּעדיקע שטיינער פון א פאָלק
און ער וועט אויסלייזן
אי ס'פאָלק אי גאָר די וועלט".

שלמה רעדט מיט אינטימען ערנסט, אַז ס'איז אוממעגלעך זיך פאַרצושטעלן, אַז לעיעלעס אביעקטיוויזירט און האַלט זיך ביי היסטאָרישע אמת'ן. מולכו רעדט ווי לעיעלעס. און דאָס ווייזט אונדזער טראַגישע סביבה, אַז אַפילו אַזאַ קלאָרער קאָפּ ווי לעיעלעס, מוז זיך ראַטעווען אינם רויך פון אַזאַ ניט שעפערישן, ווערטערהדיקן מיסטיציזם. און אַפילו מ'זאָל אָננעמען די לעגענדע פון דער יידישער קריטיק, אַז לעיעלעס ארבעט בלויז מיטן קאָפּ (אַזוי ווי דאָס וואָלט מעגלעך געווען) באַווייזט עס אויך בלויז די פאַרדאַרטקייט און אומפרוכטבאַרקייט פון דער סביבה, זי האָט נישט געקאָנט נערן די קינסטלער, און לעיעלעס איז געצוואונגען געווען זיך אָפּצורוען און געפינען טרייסט און שטאַלץ אין די רעטאָרישע דעקליאַמאַציעס פון שלבה מולכו. אַפילו לעיעלעס האָט נישט געפונען קיין לעבן, און האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט גייסט. ער האָט נישט געקאָנט מיטנעמען קיין באַגאַזש פון דעם איצטיקן יידישן לעבן אין ניו־יאָרק, ער האָט נישט געקאָנט מיטנעמען יידישע דערפאַרונגען פון די לעצטע פאַר הונדערט יאָר. ער האָט געמוזט לאָזן מולכו'ן וואַנדערן אין דער שפינוועבסדיקער פילאָזאָפיע און זיך פאַרהילן דאָס פנים און וואַנדערן ווי א סאַמנאַמבאַליסט, מיט א נעבלהאַפטער פאַרגאַנגענהייט און מיט א צוקונפט־בריק געבויט פון רייד און דאַציאָנאַליזירונגס פילאָזאָפיע. ער האָט געמוזט באַגייסטערט ווערן פון דער עכאָ פון די אייגענע רייד און וואַנדערן אין א חלל, וואו אַפילו די קלאַנגען זענען אָפּגעשטאָרבן. דאָס איז די ערגסטע אָנקלאַגע קעגן אונדזער אַמעריקאַניש־יידיש לעבן, אָדער ס'איז דער טויט אורטייל פון אונדזער יידיש באַלעבאַטיש לעבן. א לעבן אָן אידייען, אָן טראַדיציעס,

אָן ריטואַל אפילו. בלויז אַפּעטיטן, אָן ליידנשאַפטן, אָן אַ וועלט אַנשויאונג, וואָס גיט דאָס לעבן חשיבות און שטאָלץ. אַפּאַטאָשו, לייוויק, לעיעלעס, יהואש, סעקלער און אַנדערע האָבן דורך זייערע היסטאָרישע ריכטונגען, דראַמעס, נאָוועלען און לידער געפּרואווט געבן חשיבות דעם לעבן און דעם טויט. זיי האָבן געפּרואווט באַווייזן דורך זייערע העלדן און בילדער און געשטאַלטן, אַז דער מענטש איז ניט זיין ביאָגראַפיע. נאָר אַן אייגנאַרטיקע באַזונדערע אידענטיטעט, וואָס איז אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון אינצידענטן און פּאַסירונגען. די אינצידענטן זענען נאָר קליינע פענצטערלעך, דורך וועלכע מ׳קאָן אַריינקוקן אין דעם מענטשן און דערזען זיין אידענטיטעט. די ווערק פון די אויבנדערמאָנטע שרייבער זענען געווען פּראָטעסטן קעגן דער פלאַכקייט פון אונדזער לעבן און אַ עולה רגל זיין אין דער טיף פון לעבן און דורך טראַדיציע אַפּלייקענען דאָס לעבן אַרום און שאַפן אַ סטימול צו אַ בעסער און רייכער לעבן.

## 12

אַפּאַטאַשו, לייוויק און די אַנדערע האָבן איינגעזען, אַז כדי צו זיין אַפילו בלויז פּאָטענציעל פון ערשטער וויכטיקייט, מוז מען זיין אַ היינט־צייטיקער שרייבער. מען מוז פילן, זיין סענסיטיוו צו די גרויסע כוחות, די שטראָמען פון געדאַנקען און האַנדלונגען און געזעלשאַפטלעכן לעבן. מען מוז דערפילן סאָציאַלע ענדערונגען אין דער אייגענער סביבה. ווען איך זאָג היינט־צייטיק, מיין איך נישט דעם גראָבן רעאַליזם, אָדער נאַטוראַליזם פון די, וואָס באַשרייבן אַ שאָפּ, די סאַבוויי און די הימל־קראַצער, אָדער ווערן גערירט פון די לעצטע פּאַסירונגען אין אונדזער לעבן, נאָר זיין היינט־צייטיק אין דעם זין ווי פּיקאַסאָ, טאָמאַס מאַן, פּרוסט, בערגלסאָן, אַפּאַטאָשו, לייוויק זענען היינט־צייטיק און מאַני לייב, איגנאַטאָוו אָדער פּינסקי זענען נישט. עס מיינט דערשפּירן די פּראָבלעמען און עמאָציאָנעלע ענדערונגען פון דעם היינט־צייטיקן מענטשן ווי לייוויק, און אַפּאַטאָשו ביי אונדז אין אַמעריקע, האָבן עס דערשפּירט און מאַני לייב, לאַנדוי אָדער איגנאַטאָוו האָבן עס נישט דערשפּירט, כאָטש מאַני לייב און ראָבוי זענען פיינע טאַלאַנטן. אַפילו ווען זיי באַשרייבן די שטאָט און די געאָגראַפיע מיט די פּינקטלעכסטע דעטאַלן, זיינען זיי נישט היינט־צייטיק. דער קינסטלער איז סענסיטיוו צו אַ מער אָדער ווייניקער באַגרעניצטן פעלד פון דער־פאַרונג. און די סענסיוויטעט באַשטימט דעם אייגנאַרטיקן אינהאַלט און באַטייט, וואָס ער וועט אינטעגרירן אין אַ קונסטווערק. אָבער אויב זיין סענסיוויטעט איז נישט געווענדט צו דעם, וואָס מיר רופן היינט־צייטיק, וועט עס פשוט זיין אוממעגלעך פאַר אים צו האָבן אידייען און עמאָציעס פון געצונגענדיקער וויכטיקייט צו זיין בכוח צו באַשאַפן אַן ערשטע קלאַסיק ווערק. ער וועט זיך באַנוגענען מיט פּאַטאָס און נישט זיין בכוח צו דערגרייכן דאָס טראַגישע. זיין פאָרמע וועט נישט האַרמאָנירן מיט דעם אינהאַלט. זיין רעטאָריק וועט דעקן טריוויאַלע און לירישע, פּוסטע סיטואַציעס. אָט די פעלערן קאָן מען באַמערקן אין אַ פולע פון אונדזערע היינטיקע ווערק. ספּעציעל אין דער

דראַמע. דערפאַר גלויבן מיר, אַז טראַגעדיע איז ניט מעגלעך אין דער היינטיקער צייט. לייוויק, מיט זיין „גולם" האָט באַוויזן די מעג־לעכקייטן פון טיפער טראַגעדיע, אָפּאַטאָשו אין זיין ר' מענדל קאַצקער האָט באַוויזן טיפע טראַגעדיע, לעיעלעס אין שלמה הולכו האָט גע־געבן טראַדיציאָנעל פירנדע דראַמע. סעקלער האָט עס טיילוויז גע־פּרואווט טאָן אין זיין „וועג צו גאָט". ער שווימט אַלע מאָל אין אַ ים פון פּאַטאָס און בלויז פון צייט צו צייט גרייכט ער די ברעגן פון דראַמע. דערפאַר מסתמא, וואָס דער לייט מאָטיוו איז אַ יחיד'ישער, אַן אינדיווידועלער. בלויז אַ שאָטן פון סאָציאַלן פּראָטעסט און אומ־רו באַגלייט די האַנדלונג. בלויז דערפאַר, וואָס די שרייבער זענען היינט־צייטיקע, זענען זיי אַוועק צו געשיכטע פאַר זייערע מלבושים צו היינט־צייטיקע פּראָבלעמען.

נאָכדעם ווי אָפּאַטאָשו און לייוויק האָבן זיך געבאָדן אין גע־שיכטלעכע און לעגענדאַרע טייכן, האָבן זיי אפשר זיך גערייניקט. דאָס לעבן אַרום זיך האָבן זיי וויניק באַווירקט. די ענדערונגען אין דער סביבה זענען געקומען פון גאַנץ אַנדערע איינפלוסן און כוחות ווי ליטעראַרישע אָדער קולטורעלע. ענדערונגען זענען פאָרגעקומען. דער אַמאָראַלישער מענטש האָט זיך אַביסל אַ וואָקל געטאָן. אָבער די סיבות, וואָס האָבן דאָס גורם געווען זענען געווען הויפּזעכלעך עקאָ־נאָמישע, באַגלייט פון אַלגעמיינע אויפטרייסלונגען און צוטרייסלונגען אינם דענקען פון דער אינטעליגענץ און די מאַסן.

די וועלט מלחמה מיט אירע אַלערליי ענדערונגען אינם לעבן, וואָס זי האָט געבראַכט סיי געאָגראַפישע, סיי אינדוסטריעלע, סיי סאָ־ציאַלע האָט אויך געבראַכט ריזיקע ענדערונגען אינם לעבן פונם יידישן מענטשן אין אַמעריקע. די גרעסטע געשעעניש אינם צוואַנ־ציקסטן יאָר הונדערט — די רוסישע אָקטאָבער רעוואָלוציע, האָט אויך גרינטלעך אויפגערודערט אונדזער געמיט. פון דער מלחמה איז אונדז געבליבן אַ ירושה די באַלפור דעקלאַראַציע מיט אירע פאַרשפּרעכנדע וועקסלען פון אַ באַנייט יידיש לעבן אויף אייגענעם באָדן. האָפנונגען לאַנג שלומערנדיקע זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים און האָבן צעטרייסלט דאָס יידישע אַפּאַטישע געמיט. (ס'איז דאָ אַ נאָענטע קרובה'שאַפט צווישן אַמאָראַליטעט און אַפּאַטיע) און

איבער אַלעם — די באַשאַפונג פונם ראַטן־פאַרבאַנד האָט אויפגע־טרייסלט דאָס יידישע אַרבעטער לעבן. אַ יידיש קאָמוניסטישע פאַרטיי, אַ באַוועגונג פאַר אַ יידיש היימלאַנד אויף רוסישן באָדן — בירא־בידזשאַן, האָט געשאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, נישט נאָר צווישן יידישע האָרעפּאַשניקעס, נאָר אויך צווישן יידישע קרע־מער, פּעדלער און לופט־מענטשן. די אַלע ענדערונגען האָבן געמוזט באַווירקן די יידישע ליטעראַטור סיי אין אָריענטאַציע און סיי אין טעמאַטיק. די יידישע שרייבער, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט באַ־פרייען פון זייער אינדיווידואַליסטיש ליריש קרעכצל, זענען אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן, אָדער אַנטלאָפן צו געשיכטע אָדער לעגענדע נאָך רו. אַזוי האָט מאני לייב אָנגעהויבן אָדער אינגאַנצן שווייגן, אָדער מאַכן מעשׂות וועגן אליהו הנביא און אַנדערע אויסגעטראַכטע העלדן. דיסאַטעליטן זיינע האָבן פאַרשטאָפּט די אויערן און זיך נאָך אַלץ גע־חקיר'ט וועגן קונסט פאַר קונסט און מיט ווייטיק אין זייערע פאַר־קנייטשטע פּנים'ער באַדויערט דאָס פאַרשווינדן פון אינדיווידואַליזם און באַווײנט די נייע הערשאַפט פונם „כאַם". די קונסט גייט אונ־טער. לאָמיר זיין די שומרים און לאָמיר איר פּרעזערווירן אַפילו אין אונדזערע אַלקירלעך. זיי האָבן ווידער געמאַכט עקספּערימענטן מיט זייערע אַמאָליקע קינסטלעך באַוואַסערטע בלומען, נישט אַריינגעלאָזט קיין זון אָדער נייע ווינטן אָדער אַפילו לופט. ווייניק שרייבער האָבן זיך צוגעהערט צו די נייע אויסגעשרייען, צו דער נייער חשיבות, וואָס איז געבוירן געוואָרן ביי אידישע אַרבעטער מאַסן, אַ דאַנק דער נייער רוסלאַנד. ווייניק שרייבער האָבן זיך צוגעהערט צו די טריט פון יידישע אַרבעטער אויף פּיקעט־ליינס. צו דעם נייעם שטאָלץ אין זיינע באַוועגונגען, צום נייעם קול אין זיינע פאָדערונגען, ווען ער האָט אַלץ געפאָדערט. בלויז עטלעכע שרייבער האָבן געפּרוּווט איבער־געבן דאָס נייע. און צווישן זיי איז ווידער אָפּאַטאָשו דער פאַרנעמ־סטער און אָנגעזעענסטער. לייוויק פּרוּווט ווידער איבערגעבן זיינע אַמאָליקע מאַטערנישן אינם ליכט פון נייע פּאַסירונגען, לעיעלעס פּרוּווט ווידער שלום מאַכן צווישן רעוואָלוציע און טראַדיציע. און צווישן די גאָר יונגע פּרוּוון, ז. ווײנפּער, א. גרינבערג, אויערבאַך, ל. גאָלדבערג, הערן דעם עכאָ פון נייע טריט און עס איבערזינגען אין

ריטמישע און פיין־געמאַכטע פערזן. דער פעריאָד איז שוין ניט אַזאַ גליקלעכער, אָבער ער איז ליטעראַריש פונקט אַזוי וויכטיק. די שרייבער פון פרידיקן דור האָבן מער ניט געקאָנט געבן, פשוט דערפאַר, ווייל די טריט פון די נייע רעקרוטן פונם אַמאָראַלישן געמויזעכץ זענען נאָך געווען גומענע, שטילע, און האָבן קיין הילכיקן עכאָ ניט אַרויסגעלאָזט. די שרייבער האָבן דווקא די עכאָ פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט איבערשטייגן די געטער. זייער טעמאַטיק ווערט לאָקאַל און באַלערנד, אָבער מיט ווייניק פערספעקטיוו. אַ גליקלעכער אויסנאַם זענען אָפּאַטאָשו און לייוויק.

די ענדערונגען אינם לעבן פון די יידישע איינגעוואַנדערטע אין אַמעריקע, האָט זיך ראַדיקאַל געביטן, נישט נאָר אין אַלגעמיינער אידעאָלאָגיע, נאָר אויך אין זייער באַציאונג צו לאָקאַלע אייגנאַרטיקע פראָבלעמען. מען האָט זיך אויסגעניכטערט פון דער מיטאָלאָגישער שיכרות, אַז אַמעריקע איז אַ לאַנד פון אומבאַגרעניצטע מעגלעכקייטן. דער אַמאָליקער „פראָנטיר” אידעאַל האָט געקראַכט צוזאַמען מיט די טויט קלעפּ, וואָס דער ליבעראַלער, געלערנטער פרעזידענט ווילסן האָט געגעבן דער דעמאָקראַטיע. אימיגראַציאָנס באַגרעניצונגען, אָנפאַלן אויף רויטע און אויף פרעמדע בכלל, דאָס אונטערשטרייכן פון אַמעריקאַניזם און פאַטריאָטיזם, האָט טיילווייז אויסגעניכטערט אונדזער אימיגראַנטן מאַסע און האָט צעטרייסלט איר חלום פון דעם אַמעריקאַנער גן־עדן. דאָס לעבן איז געוואָרן ווייניקער לעגענדאַר. עס איז מער נישט געטריבן געוואָרן פון קיין לעגענדע. אונדזער אַמאָראַלישע פילאָזאָפיע ווערט אָפּגעבלאַקירט, און מען האָט אָנגעהויבן זוכן אָפּרו און אָנהאַלט אין אַ נייעם אידעאַל, אַ נייער וועלטאַנשואונג. אויך אויף יענער זייט ים, סיי אין פוילן און סיי אין סאָוועטן פאַרבאַנד שפינט זיך אַ נייע לעבן. אין פוילן שפינט זיך אַ בית־הקברות פלויט. גזירות און רדיפות אָן אַ שיעור. און אין ראַטן פאַרבאַנד שפינט זיך און וועבט זיך אַ נייע לעגענדע פון יידישער באַפרייאונג. באַזונדערס ווערט דאָס לעבן אַזוי רייך און פול פאַרביק, אַז ס׳ווערט אוממעגלעך אַנטלויפן, אָדער אפילו אַוועקגיין צום עבר. און אונדזערע וויכטיקע שרייבער נעמען זיך אויפסנייזען דאָס לעבן אַרום, און דאָס אינטענסיפיצירן. לייוויק שרייבט

דראַמעס וואו ער באַהאַנדלט דעם אַראָפּטיר פּראָצעס, און דעם קאַמף צווישן יונג און אַלט אין אַ נייגעגבענער סביבה. אָפּאַטאָשו הויבט אָן באַשרייבן דעם ראַסן־שפּיל און פעלקער־צוזאַמענמיש אין אַמע־ריקע. ער ברענגט אויך אַהער אַלע זיינע העלדן פון די פּוילישע וועלדער און „די טענצערן", כדי צו זען ווי אַזוי וועלן זיי זיך אריינ־פּאַסן אין אַ נייער סביבה. ער הויבט אָן באַהאַנדלען אַלערליי טאָג־טעגלעכע קאָנפליקטן אין זיין „לינטשעריי" און אין „קלאַסן קאַמף".

סיי אין די קורצע דערציילונגען און סיי אין „די טענצערן" קריגן מיר צום וויניקסטנס אָן אילוזיע פון יידיש נאַציאָנאַלער באַ־וואוסטזיניקייט און דעם אָנהויב פון אַ פאַרמירטן לעבנס־שטייגער. מיר קריגן אַ קינסטלעריש בילד פון דעם לעבן ארום מיט אַלע מיני־מאַלע און מער פאַרפּלאָנטערטע פּראָבלעמען, וואָס מאַכט זיין סטיל פאַר אַן אינסטרומענט פון סאַטירע. אין די דערציילונגען און אין זיין „היברו" און „די טענצערן" ווערט אָפּאַטאָשו אויך אַ רעאַליסט פון ווערטן. ער באַשאַפט אַ געזעלשאַפט, וואו יעדער עפּיזאָד, יעדע פאַ־סירונג אין איר ווערט וויכטיק פאַר כאַראַקטער פאָרמירונג, און יעדער כאַראַקטער ווערט וויכטיק פאַר דער קולטורעלער קוואַליטעט פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכע ער לעבט. זיי ווערן כמעט סימבאָ־ליש פאַר איר. דורך זיי דערקענען מיר די ווערטן, פאַרלאַנגען, האָפ־נונגען און שטרעבונגען פון יידישן ישוב אין אַמעריקע. די גרויס־קייט אין עשירות פון די העלדן, די פילפאַרביקייט פון זייער כאַראַק־טער וועט זיין אָפּהענגיק אין דער רייכקייט פון דער קולטור, וועלכע זיי האָבן געשאַפן אויפן אַמעריקאַנער באָדן, און די גרינדלעכקייט פון זייער איבערברוך פון אַ לעבן אָן ווערטן, ביז אַ לעבן אַ פאַרצווייפלטן, ביז אַ ראַנגלען זיך מיט נייע ווערטן, ביז רו.

עס האָבן אפילו אַנדערע שרייבער געפּרואווט איבערגעבן דעם אָטעם פון דער צייט. אַ טייל האָבן עס געטאָן דורך בילדער רעאַלע, געמישט מיט „דזשוויאישע" אימפּרעסיאָניסטישע ווערטער און בילדער, אַנדערע דורך איינפאַכע, רעפּאָרטירשע סקיצן און בילדער, אָבער קיינער האָט עס נישט געטאָן מיט אַזאַ עקזאַקטער פּלאַסטישקייט, מיט אַזאַ צימצום'דיקייט פון וואָרט און בילד ווי אָפּאַטאָשו. נאָך מער, אָפּאַטאָשו האָט גענומען דיזעלבע העלדן, וואָס האָבן פריער

אַזוי הפקר׳דיק און זאָרגלאָז איבערגענומען די גאַס־פילאָזאָפיע און זיי אַוועקגעשטעלט פאַר דעם נייעם לעבנס שטייגער אין אַמעריקע. דיזעלבע העלדן, וואָס האָבן פריער אַזוי זאָרגלאָז געוואַנדערט פון איין פלאַכן פלאַך צו אַן אַנדערן, האָבן זיך פלוצלונג באַגעגנט פנים אל פנים מיט ערנסטע פראָבלעמען. פאַר זיי איז פלוצלונג געשטאַנען, נאָך יאָרן פון לעבן אין אַמעריקע, דער אַדאַפּטיר פּראָצעס. דער פּראָצעס, נישט נאָר אין עקאָנאָמישן זין, נאָר אויך אין קולטור־רעלן און גייסטיקן זין. די פראָזע איז געווען דער בעסטער מעטאָד די מענטשן צו דערגרייכן. סעקלער אין זיין „אשמדאי״ האָט געפּרוווט אין אַ דראַמאַטישער פיגור געבן דעם אומרו פון דער צייט, איגנאַטאָוו האָט אַלץ געזוכט אין האַלב פּראָזע און האַלב פון שלאָף, רעדנדיק ווי זיינע אויסגעטראַכטע גייסטיקע פּראַנטן. מאַני לייב איז אַלץ נישט ברוגז געוואָרן מיט זיינע קרעכצנדיקע געפילן, ראַבוי האָט זיך אַלץ צוגעהערט צום הירזשן פון פערד, אין דער צייט ווען אויטאָמאָביל טרובעס האָבן פאַרהילכט די לופט. די פּראָלעטאַרישע שרייבער האָבן געפּרוּווט מיט פּראָקלאַמאַציע לשון אָנפילן די פּראָלעטאַרישע קישקע. אָפּאַטאָשו האָט דער איינציקער דורך אַ ריי קורצע בילדער געגעבן אַ קווער שניט פון אונדזער לעבן מיט די צענדליקער פּראָבלעמען און פּלאָנטערס, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן אַ דאַנק די געענדערטע אומשטענדן מיט דער נייער אָריענטאַציע. די מערסטע שרייבער האָבן, אָדער פּסיכאָלאָגיזירט, אָדער זיי האָבן געגעבן גראַפישע בילדער פון אַ סטרייק, אָדער אַ פאַבריק. אין דער דיכטונג איז לייוויק געווען דער איינציקער, וואָס האָט געפּרוּווט איבערגעבן די ניי־אַלטע פּראָבלעמען און אויך דעם אָטעם פון דער צייט. זייער ביידנס שרייבן פירט צו עפּעס. עס פאַרטיפט דאָס לעבן און גיט די גרונטלאַגן פון אונדזערע עמאָציעס און אונדזערע האַנדלונגען. אַנדערע האָבן אויך דערציילט אָדער געזונגען, אָפּטמאָל מיט אַ פיינעם בייטאָן און מיט לפנים׳דיקער וואַרשיינלעכקייט, מיט דאַטומס און נעמען ווי ל. שאַפּירע און דאָך וויל מען קאָנען אַמעריקע, דאָס יידישע אַרבעטאַרישע אַמעריקע מוז מען גיין צו י. אָפּאַטאָשו.

אמת, זייער ווייניק שרייבער האָבן ביי אונדז געשאַפן העלדן,

אָדער אפילו סיטואַציעס, וואָס זאָלן זיין ריין אַמעריקאַניש. סיטואַציעס, וואו די מאָטיוון און דער שפּיל פון כוחות זאָלן האָבן זייער געבורט אין דעם אַמעריקאַנער באָדן. העלדן זאָלן זיך באַוועגן לויט זייערע דערפאַרונגען. דערפאַרונגען ניט פון סיטואַציעס און פּאַסירונגען, נאָר איינגעזאַפּטע פונם טאַטנס לופט און זון. אַמעריקאַנער לופט. אַפּאָלאָגיעס פאַר דעם זענען נישט נויטיק. גאַנצע בערג אַפּאָלאָגעטיקס ווערן אַרויסגעוואָרפן פון שרייבער אין זייערע לאַבאָראַטאָריעס וועגן דעם, אַז מיר זענען נאָך אַלץ אַן אימיגראַנטן פאָלק אין אַמעריקע. אָבער זיכער שפּילט אַ ראָליע דער פאַקט, וואָס די שרייבער זענען אַלע אימיגראַנטן. קיינער פון אונדזערע ערנסטע שרייבער איז נישט געבוירן אויפן אַמעריקאַנער באָדן. נאַטירלעך קאָן שוין קיין רייד נישט זיין וועגן אַזעלכע, וועמעס עלטערן זענען דאָ געבוירן געוואָרן. דערפאַר פעלט ביי אונדז אינגאַנצן דער ראָמאַן אָדער נאָוועלע פון מאַניערן, און עס דאָמינירט די דערציילונג אָדער ראָמאַן פון פּראָבלעם, פון קאָנפליקט. אַפילו די אינזיכיסטן האָבן אין זייער רעוואָלט געקעמפט קעגן טראַדיציעס פון דער פרעמד און נישט קעגן טראַדיציעס געבוירן און גענערט אויפן אַמעריקאַנער באָדן. און דערפאַר האָבן זיי בלויז דאָס פּאָעטישע פעלד באַרייכערט אָבער נישט אָנגערירט דאָס יידישע לעבן, ווייל ווי זאָגט יעיטס „אין אונדזער קאַמף מיט זיך אַליין, מיט אייגענע טראַדיציעס שאַפן מיר פּאָעזיע, אין אונדזער קאַמף אָבער מיט אַנדערע שאַפן מיר רעטאָריק”. די לעקסיק האָבן זיי באַווירקט, אָבער קיין נייע יידישע פּאָעטיק האָבן זיי נישט געשאַפן. מיט די פּראָזאַאיקער האָט עפּעס ענלעכעס געטראָפן. אַזוי ווי זיי האָבן געשריבן פּראָבלעם־ראָמאַנען האָבן זיי ווייניק באַווירקט דאָס לעבן, ווייל אײדער דאָס בוך איז איבערגעלייענט געוואָרן האָט זיך דאָס פּראָבלעם געביטן. די מענטשן האָבן זיך אַריינגעצויגן אין אַ נייער געגנט און זענען אַנדערש געוואָרן. אַזוי ווי טראַדיציע און מאַניערן האָבן נישט געקאָנט ווערן קיין דעצידירנדע כוחות אין כאַראַקטער־מאָלעריי, און קלאַס־אָנגעהעריקייט האָט בלויז געשפּילט אַ צופעליקע ראָליע, איז נאַטירלעך, אַז לאָקאַלע געאָגראַפיע ווערט אַ וויכטיקער כאַראַקטער אינסטרומענט. כאָטש איננאַטאָווס העלדן האַנדלען לויט אַ לאָקאַלער גייסטיקער גע־

אָגראַפּיע. שווער צו באַשטימען, וואָסערע לאַנד דאָס איז. שטערן, פּאַלנדיקע קאָמעטן, קרומע שטיינער זענען דער לאָקאַלער קאָלאָריט. אָפּאַטאָשו האָט זיך באַנוצט מיט העלדן, מיט אַלטע היים אדרעסן און אונדז געוויזן דעם יידישן מענטשן אין אַ נייער וועלט. מיר קאָנען זיי און קאָנען אונדזער אַמעריקע און דערפאַר זענען אונדז די העלדן, וואָס ער האָט פּלאַסטיש געמאָלן און פאַרטיפט אמנאַנטסטן. זיי זענען אויך די גאַלעריע, וואָס ווייזן אונדז דעם כאַראַקטער פון אַ בייטנדי־קער אַמעריקע און אַ בייטנדיקע וועלט. אָפּאַטאָשו איז געווען דער איינציקער פּראָזאַאיקער, וואָס האָט זיך באַפרייט פון די געאָגראַפישע גרעניצן, און אויך פון זיין פּאַספּאָרט.

## 13

דורך אַפּאַטאָשו'ס העלדן קריגן מיר אַ קווער שניט פון אונדזער יידיש־אַמעריקאַנער לעבן. די קלאַסן ליניעס זענען נישט קיין קלאָר געצייכנטע, פשוט דערפאַר, ווייל זיין פעלד איז ניו־יאָרק, און דאָ זענען די געביידעס און אפילו די וועטערן נישט קיין שטענדיקע. אפילו די אָפּיציעלע דיכטער און פּראָזאאיקער פונם פּראָטלעפּען רעדן וועגן אַלגעמיינעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע, און וועגן די הילכיקע טריט פונם פּראָלעטאַריאַט, און זיי געבן ניט קיין קאָנקרעטע בילדער פונם איזאָלירטן לעבן פון אַ קלאַס, וואָס קעמפּט מיט באַזונדערע, אייגנאַרטיקע מיטלען פאַר העגעמאָניע. בלויז פונם אַמעריקאַנער מערב און דרום קומען עכאָס פון אַן אויסגעשפּראָכענעם קלאַסן אונטערשייד, ווייל דאָרט איז די ראַסן־פּראָבלעם — די נעגער־פּראָבלעם און דאָס ארבעטער־פּראָבלעם קלאָר דיפערענצירט. און דאָרט ווערט דער קאַמף געפירט מיט מער אָראַנזשנץ און קוראַזש ווי דאָ אין דער איסט. דאָ פאַרנעמט דער דיאַלאָג און די דיסקוסיעס דאָס הויפּט אָרט. אמת, אויך דאָ זענען פאָרגעקומען קלאַסן הריגות און רעפּרעסיעס, אָבער זיי זענען געווען גיכער צופאַלן ווי קאָנסעקווענטע פאַלן פון אַן אויסגעשפּראָכענעם קלאַסן קאַמף. אין דער ליטעראַטור איז אויך דערזעלבער פּראָצעס ווידערהאַלט געוואָרן. און אַפּאַטאָשו ווערט בשום אופן נישט פאַרטונקלט ריין טעמאַטיש פון די פּראָלעטפּעניקעס, ווייל ער באַהאַנדלט דיזעלבע קאַמפן, דיזעלבע קלאַסן־דעמערונג, נאָר מיט מער פאַרשטענדניש, מיט מער טיפקייט און מיט פיינערע קינסטלערישע מיטלען. ביי אים זענען די בילדער נישט ריינער רעפּאָרטאַזש. אויך נישט דער ריפריין פון די פּראָלעטפּעניקעס „שטייט אויף איר אונטערדריקטע מאַסן". פאַרכאַפּט אים. ער שילדערט די איינצלנע עפּיזאָדן און אינצידענטן ווי שטיקער לעבן, אָדער ווי באַשרייבונגען פון טיילן פון דעם קערפּער, לויט וועלכע איר קאָנט זען דעם גאַנצן קערפּער. די פּראָלעטפּעניקעס מיט די נאָכלויפער ווידערהאַלן די אַלטע סכעמע פון ליבין און קאָברין, נאָר מיט

מער צייטונגס פּלינקייט, קיך, גאַס און שאַפּ אַלס א וואונק פאַר די ווייטערע פּאַסירונגען. ביי אָפּאַטאָשו׳ן ווערן זיי ווי א טאָרסאָ ביי א סקולפּטאָר, ווי גאָטס האַנד ביי ראָדין, לויט וועלכע מ׳קאָן דער־קאָנען און אָפּשאַצן די וועלט, דעם מענטש, די נאַטור, קורץ, די האַנט איז א שליסל צו דער גאַנצער שאַפונג. ראַבאַי, דער פּראָלעטפּעניק טוט מיט זיינע אַרבעטער דאָסזעלבע, וואָס ער האָט געטאָן אַמאָל מיט זיינע קי און פערד. זיי קוקן און הירזשן ביי אים באַ׳חנ׳ט, און זיי אַרט ניט, וואָס ס׳טוט זיך אַרום זיי. זיי הירזשן אַריין זייער הו אין דער וועלט אַריין און באַשליסן ווייטער צו הירזשן. וואו דער עכאָ פונעם הירזש פאַלט איז א וואַקואירט פעלד, אָדער א גרוב. קיין געאָגראַפּיע מיט מענטשן איז דאָרט ניטאָ. אָפּאַטאָשו׳ס א בילד סטעמפּלט זיך אָפּ ניט נאָר אינם קרייז פונם געמעל, נאָר עס וואָרפט ליכט און שאָטנס אויפן גאַנצן לעבן אַרום. אַזוי, אַז דורך אים קריגן מיר נישט נאָר א גאַלעריע פון מענטשן מיט קאַמפן און קאָנפליקטן, נאָר מיר קריגן אויך א בילד פונם הינטערגרונט מיט אַלערליי קולטורן, געוואוינהייטן, פאַראורטיילן און אידייען מיט וועלכע די מענטשן לעבן. מען קאָן דערקאָנען לויט זייערע האַנדלונ־גען און רייד, וואו און פונוואַנען זיי קומען און דעם באַגאַזש, וואָס זיי פירן מיט זיך. דאָס איז א רעזולטאַט פון נישט בלויז מאַטעריאַל, נאָר פון מעטאָדע. ווי אַזוי דער שרייבער קוקט אויף זיי און ווי אַזוי זיי אַליין באַוועגן זיך. און דורך זיי קריגן מיר א בילד פון אונדזער נייעם ישוב אין אַמעריקע נאָך דער מלחמה, מיט א פּאָר בילדער אין רעטראָספּעקט, כדי צו באַשיינען און באַפעסטיקן די נאָך מלחמה־בילדער.

אין אָפּאַטאָשו׳ס „קלאַסן קאַמף״ באַגעגענען מיר א גאַנצע גאַ־לעריע מיט בילדער, העלדן, סיטואַציעס און קאָנפליקטן, וואָס געבן א גענוי בילד פון אַלערליי ענדערונגען אין אונדזער לעבן. כמעט אַלע דערציילונגען אינם באַנד, זענען געשריבן מיט איינגעהאַלטענעם, קאָנטראָלירטן אימפּעט. א סך פון די דערציילונגען בעטן זיך מ׳זאָל זיי אויסציען אין דעטאַליזירטע נאָוועלעטן, אָדער אפילו אין גאַנצע נאָוועלן. אָפּאַטאָשו גיט בלויז איבער שטיקער לעבן. ער שטעלט זיך אָפּ פונקט דאָרט, וואו דעם לעזערס נייגער ווערט שטאַרק אָנגע־

רעגט. אָפּאַטאָשו זעט פאַר זיך אַ גאַנצע פּאַנאָראַמע מיט אָן אַ שיעור לעבעדיקע, וויברירנדע בילדער, און זיין חוש פאַר לעבן, פאַר ברייטע קאַנוועס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון די פּוילישע וועלדער לאָזט אים ניט זיך אָוועקזעצן שניצן פיינע קמיאות, אָדער העראָאישע פּאַסירונגען און אויסאַרבעטן פּאַספּאָרטן און מעטריקעס פאַר זיי. וויל מען געבן די גאַנצע גאַמע פון דער ניו־יאָרקער סימפאָניע, קאָן מען נישט פידלען. קאָן מען ניט שפּילן קיין קאָנצערטאָס, נאָר מען מוז אָרקעסטראַל אַראַנזשירן אַלע קלאַנגען און טענער. און דאָס טוט ער. פון צייט צו צייט ברענגט ער אַריין אַ ניט געוויינלעכן אינסטרומענט. קלאַסן־קאַמף אין מלאווע, קאָנפליקטן אין סאָוועטן־ראַט, נעגערס אין אַמעריקע, אַהיימגעקומענע עמיגראַנטן אין פּוילישע שטעטלעך, קורץ, אַלע ווינקלעך פון אונדזער לעבן שפּיגלען זיך אָפּ אין זיינע דערציי־לונגען. מען קאָן פון זיי אויפבויען דעם כאַראַקטער פון אונדזער ציוויליזאַציע און די קוואַליטעט פון אונדזער קולטור. מען זעט דעם אַלטן און יונגן דור, די צווייטן פון אייראָפּע מיט די אַמעריקאַנער שטריק. אַלטע געוואוינהייט מיט נייע אָריענטאַציע. אין די אַלע קורצע בילדער, געלינגט אָפּאַטאָש'ן אין אַ זאַץ, אָדער פּאַראַגראַף קאָנדענ־סירן, אָדער סומירן אַ טיפּישע סיטואַציע, אָדער אידייען־קאַמף. די בילדער קאָנען דינען ווי פּעפּיס טאָג־בוך, אַלס שליסל מיט וועלכן צו עפענען די טירן פון אונדזער צייט און זען דעם אומרו און די אומ־זיכערקייט, דעם געראַנגל, צווייפל און גלויבן. דער קאַמף פון יחיד און מאַסע, מאַשין און האַנט, באַוועגונג און רו. אַלץ שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ מיניאַטור פאָרמע. מען קאָן אויך אין די דערציילונגען זען מיט וועמען אָפּאַטאָשו סימפּאַטיזירט. דאָ איז ער נישט קיין אָביעקטיווער בעאָבאַכטער. ער גייט אַרום און זאַפּט איין בילדער און סיטואַציעס און שפּעטער ווערט עס איבערגעשאַפן. זייענדיק אַ מייסטער אין פּלאַסטישער מאָלעריי, לאָזט ער זיך נישט באַהערשן פון דעם מאַטעריאַל, נאָר קנעט אים לויט זיין ווילן. אין די קורצע דער־ציילונגען פאַרטיפט ער די מענטשן, גיט כאַראַקטער די אינצידענטן, אַזוי, אַז מיר קריגן אַ קווער שניט פון דעם פאַרצווייגטן לעבן מיט זיינע פילפאַכע פּראָבלעמען. אין דערזעלבער צייט קריגן מיר אין די דערציילונגען אַ פיין בילד פון אָפּאַטאָשו'ן אַליין. מען זעט זיינע

סימפּאַטיעס, נישט ווייל ער האָט אַ פּאַרטיי־ליניע, אָדער אַ נאַציאָ־
נאַלע ליניע, אָדער ער האָט דעם עכט־יידישן שאַפונגס גייסט. ניין, ביי
אים איז דאָ דער עכט קינסטלערישער, סענסיטיווער גייסט, דער הומאַ־
ניסטישער גייסט. ביי אים איז דאָ דער געפיל פאַר קאָמישן יושר,
פאַר אַלץ וואָס לעבט און ליידט. ער האָט ליב לעבן, ברוינע ערד
און טיפע וואָרצלען, און דערפאַר ווערן זיינע סימפּאַטיעס זיין אויף
דער זייט פון די, וואָס ציען צו זייער אָפּשטאַם, צי ער איז אַ כינעזער,
פּאָליאַק, איד אָדער נעגער. די טיפע פאַרשטעטעניש און ליבע, וואָס
ווייעט אַרויס פון „לינטשעריי" איז אַ קאָסמישע. קיין נעגרישער
שרייבער וואָלט נישט בעסער געמאָלן זיין שרעק, רעליגיעזיטעט,
הילפלאָזיקייט און שנאה ווי אָפּאַטאָשו טוט עס. דיזעלבע סימפּאַטיע
און ליבע זעען מיר אין זיין מאָלן מאַדאַם מאַרקיזן פאַרלוירנקייט און
אָפּגעריסענקייט. און וואָלקאָווס דעם רוס פאַרלוירנקייט אין אַמע־
ריקע, אָפּגעריסן פון זיין שטאַם, זיין ערד, זיינע געוואוינהייטן און
טאַבוס, אָדער אין „ברוכווארג", וואו דער אַלטער פּאַראַסאָלן־מאַכער
שטאַרבט. אפשר ניט אַזוי פון הונגער, ווי פון אויסגעוואָרצלטקייט
און פון דעם באַוואוסטזיין פון נוצלאָזיקייט. אָדער דער פּאָליאַק
מיכאַל, וואָס גייט אין שענק אַריין, ווייל זיין גאַנץ לעבן איז מיט
אַמאָל געוואָרן אינהאַלטלאָז, האָפנונגסלאָז. זיינע וואָרצלען זענען
אויסגעטריקנט געוואָרן און געבליבן איז שוואַכער, דינער שטויב פון
בלאַסע זכרונות. מיט וואָס פאַר אַ צאַרטקייט אָפּאַטאָשו מאָלט דאָס
לעבן פון אָט די אַלע צעשטויבטע הילפלאָזע מענטשן אויפן נייעם
אַמעריקאַנער באָדן. זיי עסן ברויט צו זאַט, און הונגערן נאָך אַ
וואָרים וואָרט. זיי הונגערן, און חלוש'ן פון בענקשאַפט. זיי גייען
אין די גאַסן, און בענקען נאָכן צלם אלהים, וואָס זיי האָבן געהאַט,
ווען זיי זענען געווען איינגעוואָרצלט אין אַ באַשטימט לעבן און
קולטור. ווייל מען זיין נאַציאָנאַל פילאָזאָף, וואָלט מען געזאָגט. ווער
נאָך ווי אַ יידישער קינסטלער קאָן אַזוי דערפילן אויסגעוואָרצלטקייט
און אָפּגעריסנקייט, און דאָך איז עס ביי אָפּאַטאָשו'ן נישט זיין־יידיש־
קייט, וואָס דערגרונטעוועט די ליידן פון די אויסגעוואָרצלטע ווי זיין
קינסטלערישע ליבע צו געזעצקייט, סאָלידקייט און האַרמאָניע. זיין
קינסטלערישקייט ווערט אויפגעטרייסלט, ווען ער זעט מענטשן מיט פּיס,

און אפּעטיטן פּלוצלונג הענגען אין דער לופט מיט פּאַר׳חלש׳טע אַפּעטיטן. די נישט נאָרמאַלקייט, די נישט געזונטקייט וועקט אין אים סימפּאַטיע, און מאַכט אים זיי מאָלן מיט דער מוטערס טראַכט, אַלס הינטערגרונט. און דערפאַר קומען זיי אַרויס אַזעלכע פּאַטעטישע און אָפטמאָל טראַגישע פיגורן. דער ייִד אין „ברוכוואַרג", און דער פּאַליאַק אין „מיכאַל", זענען נישט נאָר פּאַטעטישע, נאָר טיף־טראַגישע פיגורן.

די הילפלאָזיקייט און פאַרלוירנקייט אויפן נייעם אַמעריקאַנער באָדן, איז נישט די איינציקע פּראָבלעם, וואָס אַפּאַטאָשו באַהאַנדלט אין זיינע דערציילונגען. אַ וויכטיקער קאָנפליקט, וואָס נעמט אָפּט־מאָל אָן טראַגישע פליגל, וואָס פלאַטערן אָפטמאָל מיט האָפנונג און מערסטנס מיט דורכפאַל און טראַגיק איז דער אַסימילאַציאָנס פּראָ־צעס, אָדער דער אַדאָפּטיר פּראָצעס. און דער פּראָצעס איז נישט קיין ריין יידישער. אַפּאַטאָשו דערזעט דעם קאַמף ביי אַלע פעלקערשאַפטן. די ראַנגלעניש און צאַפּלעניש פון „דזשים וואַנג", זענען נישט אַ האָרעלע וויניקער טראַגיש, ווי די ראַנגלעניש פון דעם יידן מיט דער בונדישער פאַרגאַנגענהייט אין „קאַרל מאַרקס". דער קוש, וואָס איז אַזאַ דעצידירנדער פאַקטאָר אין „דזשים וואַנג" איז נישט וויני־קער נאַציאָנאַל, ווי דאָס ווערן אַ ריכטער פון העלערס שותפ׳ס זון. אָדער דאָס שבת׳דיקע רויכערן פון דעם רב׳ס זון אין „דער רב", אָדער דאָס זינגען פונם אינטערנאַציאָנאַל אין „פירשט דאָלגראָוקאָוו" סיי אין פאַל פונם אָרימען בינעזער, און סיי אין פאַל פונם געוועזע־נעם פירשט, און סיי אין פאַל פונם געוועזענעם בונדיסט, און סיי אין פאַל מיטן רב, שפּילט דער שיקזאַל קונצן מיט זייער וויליקייט זיך צו אַדאָפּטירן און איינבירגערן. מיר זען קאַמף פון אידייע מיט סביבה, דעם קאַמף פון טראַדיציע מיט אומשטענדן. און דער מענטש, דער בחיר היצירה, איז ווי אַ שפּענדל אין די לאַפּעס פונם ווינט. ער פליט, בייגט זיך, פּרואווט זיך אָנשפּאַרן אָנם געזימס פון אַ פענצטער און פאַלט סוף כל סוף. ווייל דאָס איז דער געזעץ. אָן וואָרצלען און ערד איז אוממעגלעך לעבן. און די אויסגערעכנטע העלדן, דער בינעזער, רוס און איד, זענען אויסגעוואָרצלטע און בלאָנדזשנדיקע מענטשלעכע טראַגעדיעס. עס איז לחלוטין אוממעג־

לעך פאַר זיי שלום צו מאַכן מיטן שיקזאַל, כאָטש זיי ווילן און זיי זענען גרייט צו פאַרלייקענען זייער אידענטיטעט. כוחות גרעסערע פון זיי קלאַפּן מיט זייערע פליגל און דערשטיקן יעדן ווידערשטאַנד און פאַרפלאַכן יעדע האָפענונג. נאַטירלעך איז דער אינדוסטריאַליזם, וואָס דאַרף בלויז הענט און נישט קיין דענקענדיקע מענטשן פאַראַנט-וואָרטלעך פאַר די אַלע קרבנות. אַפּאַטאָשו דערגרונטעוועט נישט די סיבות פון די אַלע טראַגעדיעס. אָבער הינטער דעם פאַרהאַנג פון די אַלע קאָנפליקטן, שטייט די מאַשין-עפּאָכע מיט איר באַגלייטנדן קנעכט און מייסטער — דער באַלעבאָס.

מען האָט אָפטמאָל טענות צו יידישע שריפטשטעלער, פאַרוואָס זיי באַשרייבן ניט דאָס יידישע לעבן, שאַפן נישט קיין ריין יידישע טיפּן, יידישע העלדן, אַלא „טביה דער מילכיקער", „מנחם מענדל", אָדער „פישקע דער קרימער". אַ גענויע באַטראַכטונג פון אַלע דערציילונ-גען און אפילו ראָמאַנען פון אָפּאַטאָשו'ן, באַווייזט די אוממעגלעכ-קייט פון קינסטלעריש איזאָלירן אַ שטיקל לעבן און סינטעטיזירן עס. דאָס בעסטע וואָס קאָן געטאָן ווערן, איז באַאָבאַכטן יידישע מענטשן, און זען די שפּיל פון נייע כוחות און איינפלוסן אויף אַ פאַרגליווערטן לעבנס-שטייגער און דעם איינפלוס פון געענדערטע אומשטענדן אויפן „אייביקן יידן". מיר זען ווי אויף טריט און שריט קומט דער ייד אין באַרירונג מיט אַנדערע פעלקערשאַפטן, מיט אַלערליי שיכטן און קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, און עס ווערט אינגאַנצן פאַרלוירן דער נאַציאָנאַלער, אָדער געטאָ-כאַראַקטער פונם יידן. עס בלייבט בלויז דער קלאַסן-כאַראַקטער פונם יידישן אַרבעטער, דער קאַמפס-כאַראַק-טער פונם יידן אין דער נייער וועלט, זיין קאַמף מיט אַ נייעם לעבנס-שטייגער און זיין טראַנספאָרמאַציע אין אַ נייעם מענטשן. נישט אינגאַנצן קיין אָפּגערונדעטער, פאַרענדיקטער, נאָר אין לויזן, ווערנ-דיקן צושטאַנד. נישט קיין גוטער מאַטעריאַל פאַר אַ טיפּ, אָדער העלד. אָבער דורך די לויזע אָפּגעריסענע מענטשן קריגן מיר אַ קאַליידעסקאָפּ פון דעם גאַנצן רייך-אָרים לעבן אין דער גרויסער אַמעריקע. מיר קריגן בילדער, אימפּרעסיאָניסטיש רעאַלע, דורך וועלכע מיר זען דעם גאַנצן הונגער און עלנט אין דער רייכער אַמעריקע. הונגער און עלנט נישט נאָר פיזישער, נאָר אויך גייסטיקער און ספּיריטועלער.

אין א גאַנצער רייִ דערציילונגען מאָלט אָפּאַטאָשו וואַריאירטע בילדער פון געשלעכטלעכן הונגער. ער קומט אַרויס נאַקעט, אַזוי רוי און מורא'דיק פּיינלעך, אַז ער ווערט פאַרוואַנדלט אין א סימבאָל פון א גענאַרט און אינהאַלטסלאָז לעבן. ער הערט אויף זיין פּערזענלעך און ווערט געזעלשאַפטלעך. דער געשלעכטלעכער פּיין און הונגער, ווערט א סימבאָל פון א פאַרקריפּלט געזעלשאַפטלעך לעבן, וואו מענטשלעכע אַפּעטיטן און פאַרלאַנגען קאָנען זיך ניט פריי אויסלעבן. כאָטש אין א סך דערציילונגען פון דעם בוך „לינטשעריי" איז אָפּאַטאָשו פאַרכאַפּט פון סעקסועלן הונגער פּערסעע. ער איז פאַראינטערעסירט אין פאַרהונגערטע לעבנס, וואָס זענען דירעקט נישט פאַרבונדן מיט א סאָציאַלער און עקאָנאָמישער אָרדנונג. אין דערציילונגען ווי „פלאַמען", דאָס „דינסט־מיידל", „א פאַריזער מיידל", „גליק", אונטערוועגנס" איז אָפּאַטאָשו דער קינסטלער פּשוט פאַרכאַפּט פון דעם אבנאָרמאַלען, נישט געזונטען. ער זעט די טראַגעדיע פון יחידים, וועמען דער שיקזאַל האָט געשטראָפט מיט מיאוסקייט, מיט א מום און דאָס ווערט א דעצודירנדער פאַקטאָר אין זייער לעבן. עס ווערט א דירעקטיוו אין זייער נאָרמאַלן אויסלעבן זיך. די העלדן זענען שוין נישט לאָקאַליזירט, ווייל זייער פעלער און הונגער איז ניט פּשוט קיין לאָקאַלער, נאָר אַן אוניווערסאַלער. נישט קלאַס, אָדער סביבה, שפּילט א ראָליע אין זייער לעבן, נאָר שיקזאַל. עפּעס וואָס קאָן פון אונדז נישט קאָנטראָלירט ווערן אונטער די בעסטע מענטשלעכע פאַרהעלטנישן. אָפּאַטאָשו קוקט אַריין אין אַלע ווינקעלעך, און פון אומעטום שלעפּט ער אַרויס די טיפערע און מער אַנגעזווייטיקטע פּראָבלעמען.

זיינע דערציילונגען זיינען שליסלען צו אַלערליי צימערן, וואו ס'לעבן רוישט. און יעדע טיר עפנט ער אויף מיט א טאָפּעלטן שמייכל. א שמייכל פון רחמנות אויף מענטשלעכער שוואַכקייט, און אַן איראָנישן שמייכל פאַר דעם בחיר־היצירה, דעם מענטש, וואָס איז שטאַרק, און הערשט, און פונדעסטוועגן ראַנגלט ער זיך מיט אַלערליי קליינינקייטן און צופאַלן, און ווערט פון זיי באַהערשט און באַזיגט. אין אַלע דערציילונגען אינם בוך „קלאַסנקאַמף" זען מיר דעם פיל־פאַרביקן שפּיל פון לעבן, אין שאָפּ, שול, שטאָט, דאָרף, הויז און אין

ערגעץ זען מיר נישט דעם מענטש אַלס העלד, אַלס יורש פון אַ לאַנג־יאָריקער קולטור, מיט אַ פעסטן באָדן אונטער די פיס. אומעטום קומט ער אין באַרירונג מיט פיל שטאַרקערע כוחות פון זיך זעלבסט, און ער בייגט זיך איין. אויב אָפּאַטאָשו האָט נישט אין איין העלד באַוויזן דעם דורכפאַל פון דער „מעגלעכקייט" פילאָזאָפיע פונם אָנגעקומענעם אימיגראַנט, האָט ער דערפאַר אין אַ ריי בילדער געוויזן מענטשלעכע געפּענטקייט פון די אומשטענדן אין וועלכער ער לעבט. סאָציאַלער פּראָטעסט וואַקסט אַרויס פון די קאָנפליקטן מיט וועלכע זיינע מענטשן ראַנגלען זיך.

אין אַלע דערציילונגען איז אָפּאַטאָשו אויסערגעוויינלעך ערנסט, סענסיטיוו צו מענטשלעכע עמאָציעס, נייגעריק צו באַנוצן די קראַפט פון ווערטער און כאַראַקטעריזירנדיקע פּראָזע. ער איז געצוואונגען צו עקסטערנאַליזירן עמאָציעס און אַקטיוויטעטן און האַנדלונגען פון די איינפאַכע, ניט אַרטיקולירנדע און נישט פאַרשטאַנענע. די סביבה איז צו גרויס, די סאָציאַלע כוחות צו קאָמפּליצירט, אַז זיינע מענטשן שטומע און שטאַמלענדיקע און האַלב אַרטיקולירנדע, זאָלן קאָנען דעפערזאָנאַליזירן זייערע דערפאַרונגען. און דערפאַר זענען זיי אַלע פּערזענלעכע טראַגעדיעס אָדער קאָמעדיעס. אָבער דאָס פּערזענלעכע, אַפילו ווען עס ווערט ניט דערהויבן צו קיין סימבאָל איז טיפּיש און אילוסטרירט אַלערליי ענדערונגען אין סאָציאַלע שיכות'ן, און דעם געבורט פון נייע און באַנייענדע אַספּיראַציעס. די דערציילונגען, כאָטש זיי זענען נישט קיין דירעקטע סאָציאַלע שטודיעס, נאָר זענען קינסטלערישע בילדער צופעליק געזען און קאָמעראַ מעסיק אַרונטערגעכאַפּט, געבען זיי פונדעסטוועגן אַ קאָמפּאַקט בילד פון לעבן און ליידן אין דער נייער וועלט. אויב די דערציילונגען האָבן נישט די אידעאַלע סימעטריע פון פּערפעקטער קונסט איז עס נישט אָפּאַטאָשו'ס שולד. עס איז פּשוט דערפאַר, ווייל דאָס לעבן פון די מענטשן דערלויבט עס נישט. דאָס לעבן פון די מענטשן איז צעריסן און זיג זאַגיש. כאָטש אין געוויסע דערציילונגען גרעלינט אָפּאַטאָשו'ן צו געבען גאַנצע אָפּגערונדעטע פּסיכאָלאָגישע שטודיעס אויף אַ הינטערגרונט פון סאָציאַלן און ראַסן קאַמף. אין „לינטשעריי" זען מיר דעם קאַמף פונם נעגער מיט זיך אַליין איידער ער גיט זיך איבער אין די הענט פון

שעריף און שפּעטער אין די הענט פון דער צעיושעטער מאַסע. זיין ראַנגלען זיך מיט איינגעבוירענער שנאה און אומצוטרוי צום ווייסן און האָפנונג און גלויבן, אַז מען וועט אויף אים רחמנות האָבן. זיין גלויבן אין רעליגיע אַלס הומאַניזירנדער פאַקטאָר און זיין שפּעטער־דיקע אַנטוישונג. מיר זען דאָ אַן אינדיווידועלע טראַגעדיע, וואָס אַנטוויקלט זיך און וואַקסט אויף אַ הינטערגרונט פון מאַסן פּאַראור־טיילן, וועלכע האָבן זייערע וואָרצלען אין עקאָנאָמישע קלאַס־אראַנ־זשירונגען. די אינדיווידועלע טראַגעדיע ווערט דורכדעם אַ האָר נישט געמינערט. נאָר פאַרקערט, ווערט שאַרפער און בולט'ער. אַן ענלעכע אינדיווידועלע טראַגעדיע אויף אַ הינטערגרונט פון מאַסן־קאַמף, זען מיר אין „די קוילן גרעבער". אַרימקייט, דער סטרייק פון קוילן־גרע־בער שפּילן אַ דעצוזירנדע ראָליע אין נעלסאָנס באַציאונג צום זון. זיין סאָציאַלער חלום פון אַן אָנשטענדיק מענטשלעך לעבן קומט אין קאָנפליקט מיט זיין פאָטער ליבע. און זיין ליבע ווערט צערונען אין דעם שטאַרקן פלום פון זיין סאָציאַלן פּראָטעסט. און דער פועל יוצא אַ פאָטער־מאָרד. נעלסאָנס שיסן זיין זון גיט אונדז אַ גרינטלעכערע פאַרשטענדניש פונם קלאַסן־קאַמף אין אַמעריקע ווי אַלערליי אָפּהאַנד־לונגען און טראַקטאַטן. נאַטירלעך איז דאָ נישט בלויז די פראַגע פון טעמאַטיק. אָבער דער אויסוואַל פונם מאַטעריאַל און דער קוק־ווינקל פון וואַנען אָפּאַטאָשו באַטראַכט און באַלייכט זיין מאַטעריאַל. די אראַנזשירונג, און די קינסטלערישע מיטלען, וואָס באַלעבן די בילדער, דאָס אַלץ שטעלט אָפּאַטאָשו'ן אַוועק פאַרן בעסטן פאַרטרע־טער פונם מאָדערנעם יידישן און אַרבעטער לעבן אין דער פּראָזע.

14

נאָך דער מלחמה האָט דאָס שטייגער בילד פאַרלוירען זיין ווערט. אפילו פּסיכאָלאָגיש פאַרטיפטע סיטואַציעס האָבן נישט באַפרידיקט דעם מענטש. דער יחיד, סיי פון דער אַרבעטער־מאַסע, און סיי פון דער אינטעליגענץ האָט געוועלנדט זיין בליק צום עקאָנאָמישן לעבן. עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען האָבן פאַרכאַפּט דעם מענטש. דער פיינער מעטאַפאַר, די שפּינוועבסדיקע וואָאלן, וואָס מען האָט מיט זיי אַמאָל זיך געח'נ'דלט פאַרן לייענער זענען געוואָרן פאַרעלטערט. וואָס די ליטעראַטור האָט פאַרלוירן אין סובסטיליטעט, האָט זי געוואונען אין דינאַמיקס. האַנדלונג האָט גערדאַרפט פאַרנעמען דאָס אָרט פון אינטראָספּעקציע. אַספּיראַציעס האָבן פאַרביטן רעמיניסענצן. דאָס שטעטל מיט זיינע טשיקאַווע טיפּן, די שטאָט משוגעים, די יוסטע באַלעבאַטים, די מחלוקות אין דער קהילה, די בענקשאַפט נאָכן בעל־תפילה, נאָך דער גרעבליע האָבן פאַרלוירן יעדן אָנהאַלט אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. עס האָט זיך געפאָדערט אַ נייע אָריענטאַציע פון דעם היינט און אַ נייע אינטערפּרעטאַציע פון נעכטן. און אויף וויפיל אַ שרייבער האָט עס געקאָנט טאָן דורך וואָרט און בילד, אַזויפיל האָט ער געקאָנט האָבן איינפלוס און ווערט.

זייער ווייניק שרייבער האָבן באַוויזן די פייאיגקייט זיך צו באַפרייען פון דער שטעטל־טראַדיציע. פון דעם „יונגן" דור שרייבער האָבן בלויז אָפּאַטאָשו און לייוויק באַוויזן אויפצונעמען דעם שטומען געשריי פון זייער דור. לייוויק און זיינע לידער און אין „דער גולם חלום'ט" און אָפּאַטאָשו אין אַ ריי דערציילונגען און אין „די טענצערן", אויך לעיעלעס האָט אין זיין „טראַצקי"־דראַמע און אין זיין „פּאַביום לינד" געגעבן עמאַנציפּאַנעלן אויסדרוק צו די געפילן און איבערלעבונגען פון אַ היינטיקן מענטשן. ביי אים זענען אָבער די איבערלעבונגען גיכער פון אַן אוניווערסאַלן אייביקן מענטשן ווי פון אַ היינטיקן מענטשן, וואָס לעבט אין אַמעריקע. אַזוי, אַז זיי זענען גיכער מיט זייער בילדלאַכקייט און עכטער איבערלעבונג אַבסטראַקטע

פאַנטאַסמעגאָריקס ווי פאַנטאַזיע. מער אויסגעטראַכקייט ווי פאַנטאַזיע. ער מאַכט זיי בלויז שטאַרק מיטן כוח פון ווילן. בעת לייוויק מיט זיין אָפּט מאָגער בילד איז אימאַגיניטיווער און רעאַלער, ווייל ער איז אַ קינד פון דער ערד און פון זיין צייט. און אָפּאַטאָשו איז אַלע מאָל קאָנקרעט און ערדיש, אפילו ווען ער רעדט וועגן אליהו בחור, אָדער די ישיבה־בחורים און די סוחרים פון רעגנסבורג.

עס איז זייער נאַטירלעך געווען, אַז אָפּאַטאָשו, וואָס הערט דאָס געשריי פון בלוט העכער פון אַלע אַנדערע מענטשלעכע קולות, זאָל דערהערן די סובטילע ענדערונגען אין דעם יידיש־אַמעריקאַנעם לעבן אויף די פלאַכן פון ליבע און פון דער פאַמיליע. דאָ ביי אונדז, איז קיין עקאָנאָמישע רעוואָלוציע נישט פאָרגעקומען, אפילו קיין פּאָליטישע איבערקערעניש האָט ניט פאַסירט. עס זענען בלויז פאָרגעקומען נאַטירלעכע איבערגרופּירונגען און מוטאַציעס פון סאָציאַלע שיכטן און קלאַסן. אַ שפּאָרע צאָל פון דער קליינבירגערלעכער אידישער מאַסע איז פּראָלעטאַריזירט געוואָרן. ווענט זענען איינגעפאַלן. די צעטיילונג אויף די נידעריקערע שטאַפּלען זענען אָפּגעווישט געוואָרן. דער יידישער קאַפּיטאַליסטן־קלאַס איז ווי איזאָלירט געוואָרן און האָט אויפגעהערט באַהערשן דאָס יידישע לעבן. אינטעליגענטן און פּראָפעסיאָנאַלן האָבן אויפגעהערט שפּילן די דאָמינירנדיקע ראָליע אין אונדזער לעבן ווי זיי האָבן געשפּילט אינם אַמאָליקן רוסלאַנד און פּוילן. עס איז געוואָרן אַ צומישעניש פון גרופּן, פּאַרטייען, פּאַרטייעלעך און ווערטן. פאַר דעם קינסטלער איז געווען אוממעגלעך מאָלן מענטשן, אָדער אפילו זינגען וועגן זיי אין די ברייט הומאַניסטישע ראַמען פון אַ באַוושאָווער, עדלשטאַט און אַנדערע. מען האָט געפאָדערט פונם קינסטלער ספּעציפיקאַציע אין אַ תחום־שבת פון אידעאָלאָגיע. דערפאַר איז געווען אוממעגלעך שאַפן העלדן, טיפן, קאָנפליקטן אין די גרעניצן פון דאָגמאַס, און פּאַרטיי באַפעלן, וועגן די נעמען און אידעאָלאָגיעס פון יחידים און גרופּעס. דערפאַר האָבן די, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט די עכאָס פון די אַלע קלייזלדיקע שטרייטיקייטן, די פּראָלעטפּעניקעס און ראַבוי בתוכם געשאַפן באַגרענעצטע, פאָטאָגראַפישע לעבנס בילדער, וואָס האָבן געהאַט דיזעלבע פאַרב און פּערספּעקטיוו ווידי לעבנס בילדער פון לובין, קאָברין,

און די אַנדערע. די מענטשן און אינהאַלט דערזעלבער, דער שטח אַביסל אַן אַנדערער. דיזעלבע באַציאונגען צו די העלדן — אַ בייטש אָדער אַ צוקערקע. אַ גלעט איבערן פּלייצע, אָדער אַ שטורכע אין דער זייט. ב. גלאַזמאַן האָט געפּרואווט מיט אַן אַלט־געדיכט קול, וואָס פּאַסט איבערצוגעבן די נסים פונם מהר״ל הקדוש, וואָס פּאַסט צו דערקלערן אַ האַרבע סוגיא פונם אַלפוס, מיט אַזאַ קול האָט ער גע־פּרואווט פּלירטעווען מיטן בירא־בידזשאַנער ישוב, אָדער מיטן סטריי־קער אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק. סטרייקנדע מיידלעך האָבן ביי אים געקראָגן באַסאַווע שטימען, און קינדער האָבן געזיפצט, ווי זקנים. מיט אַן איכה טאָן האָט ער געקלאַפּט אין טיר און געוועקט אויפצו־שטיין. מיט אַלע אינסטרומענטן, וואָס מען באַלזאַמירט און מען באַגראָבט מיט זיי אַ טויטן, האָט ער געפּרואווט זיין אַן אַקושאַר, געפּרואווט ברענגען אויף דער וועלט נייע פרישינקע פייגעלעך. מיטן אָפּהילך פון בית־הקבֿרות האָט ער ראש־חודש־רעטעכלעך געזייט. אָבער אַמעריקע — די אַמעריקע, וואָס האַלט זיך אין איין בייטן, אין איין ענדערן, האָט ער נישט געזען און במילא נישט געגעבן. ווידעראַמאָל זענען די בעסטע אידעאַלאָגן — י. אָפּאַטאָשו אין זיינע פּולבלוטיקע פאַמיליען בילדער און ליבע בילדער, באַגלייט פון ראַגלעניש און קאָנפליקטן, און לייוויק מיט זיינע אַלערליי אַב־סטראַקטע קאָנפליקטן און סימבאָלן, וואָס זענען אַ פּועל־יוצא פון אַקטועלע ראַנגלענישן און טייל־ווייז לעיעלעם ביי וועמען עס פונקצי־אָנירט אַן אוניווערסאַלע קיך, וואו אַלערליי אידייען, ענדערונגען, רעגונגען קומען זיך צוזאַמען, קאָכן זיך אויס און ווערן שפּעטער סינטעטיזירט אין ליד אָדער דראַמע.

ווען מען באַטראַכט דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע אין דער גאַנצער גרייס, דערזעט מען פונדעסטוועגן אַן אַ שיעור ירושה אייגנ־שאַפטן און טראַדיציעס, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט פון דער היים. די טראַדיציעס האָבן זיך געראַנגלעט מיט די נייע איינפלוסן פון דער מאָדערנער טעכניק און וויסנשאַפט אין אַמעריקע, און געשאַפן אַן אַנדערן טיפּ ייד, אַ נייעם יידן. דער נייער מענטש איז געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט די נייע סאָציאַלע קאַמפן, מיט דער שאַרפער פאָרמע, וואָס עס האָט אָנגענומען דער אַמאָליקער אַבסטראַקטער

אידעאַל פון אַ נייער וועלט. מען האָט נישט מער געקאָנט רעדן גלאַט אין דער וועלט אריין, וועגן פרייהייט. מען האָט זיך געמוזט באַגעגענען מיט קאָנקרעטע פאָרמען פון שקלאַפעריי, אונטערדריקונג און קאַמף. סטרייקס, דעמאָנסטראַציעס, צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי זענען געווען די נייע פאָרמען פונם ליכטיקן אידעאַל. ספּעציעל איז דאָס אַן אינטערעסאַנטע פּאַנאָראַמע פאַרן נאָוועליסט. ער האָט געדאַרפט אויפנעמען די נייע ענדערונג אין דעם מאַסן מענטש און אַרבעטער. באַזונדערס, באַקומט זיך אַ טרויעריק בילד נאָך די מלחמה און רעוואָלוציע יאָרן, ווען מיר זען ווי שוואַך, אָפּטמאָל סקיצנהאַפט אונדזער ליטעראַטור האָט זיך אָפּגערופן אויף די פענאָמענאַלע דערשיינונגען. אונדזערע בעסטע נאָוועליסטן און פּראָזאַאיקער, האָבן איזאָלירט אַן איינצלנע דערשיינונג דאָ און דאָרט, און איר געגעבן קינסטלערישן אויסדרוק. אָבער די גאַנצע פּאַנאָראַמע, די ראַנגלענישן און פאַנאַנדערפאַל פון דער כנסת־ישראל, ווערט נישט באַהאַנדלט פון קיין נאָוועליסט אין איר גאַנצער קאָלאָסאַלקייט און טראַגישקייט. די סיבה איז נישט, אַז אונדזערע שרייבער זענען נישט קאָמפּעטענט גענוג, אָדער האָבן נישט גענוג וויזיע. אַט האָט דאָך אָפּאַטאָשו באַוויזן וויזואַליזירן אַ פּילפּאַכיק בילד פון יידיש לעבן אינם 19טן יאָר הונדערט, וואָס האָט אַריינגענומען אַלע אינטעלעקטועלע באַוועגונגען פון יענער צייט. האָט דאָך לייוויק באַוויזן וויזואַלירן אין זיינע לידער אַלע מענלעכע פּראָבלעמען פונם מענטשלעכן יחיד. האָט דאָך לעיעלעס באַוויזן געדרענגט צו ווערן פון אַלערליי אינטער פּאַרטיי קאָנפליקטן אין דער אַרבעטער וועלט. טאָ פאַרוואָס איז נישט ברייט און טיף באַהאַנדלט געוואָרן דאָס יידישע אַרבעטער לעבן אין אַמעריקע? פאַרוואָס איז אָפּאַטאָשו געווען דער איינציקער נאָוועליסט, וואָס האָט די פּילפּאַכע ענדערונגען יאָ אויפגענומען און אַנדערע ניט?

עס איז אפשר אומגערעכט צו פאָדערן פון שרייבער אָדער קינסטלער, אַז זיי זאָלן געדענקט ווערן און היינגעריסן ווערן פון באַשטימטע פּראָבלעמען, קאָנפליקטן אָדער בילדער. איר קאָנט דאָך נישט פאָדערן פון וואָלקנס, אַז זיי זאָלן אויסזען ווי שעפּסן אָדער, ווי אָדלער. איר קאָנט נישט פאָדערן פון רעגן־טראָפּנס, אַז זיי זאָלן

פאַלן מיט אַ באַשטימטן ריטם. איר קאָנט נישט געבן קיין דירעק־טיוון די ווינטן אָדער דעם שניי. און דאָך? איז דער קינסטלע־רישער פּראָצעס ענלעך צו די נאַטור דערשיינונגען? זיכער נים. די וויזיע פון אונדזערע קינסטלער איז געווען אַ באַגרעניצטע. זען מיר דאָך, אַז ראַבאַי, וואָס האָט איבערגענומען די קאָמוניסטישע פּראַקטיק אָן דער טעאָריע, האָט בלויז זיין טעמאַטיק געביטן, און דאָ און דאָרט זיין שפּראַך. זיינע מענטשן האָבן אויסגעביטן זייער באַ׳חנ׳ט שטאַמלען אויף פּאַרטייאישן זשאַרגאָן. יאָ, די סופן האָבן זיך געביטן. פריער האָט ראַבאַי נישט געקאָנט פאַרענדיקן קיין זאַך. איצט רעדן זיינע פערד, אפילו דאָס שטרוי רעדט אַ בלאָסן זשאַרגאָן. משה נאַדיר איז אויך נישט סטימולירט געוואָרן איבערצו־בייטן זיין שפּראַך־ווירטואָזיטעט אויף ממשת׳דיקע עקסקורסיעס אין דעם מענטשלעכן קאַמף. און זיין איצטיק רעאַגירן אויף דערשיי־נונגען איז ער דערזעלבער שקאָצישער ווי אַמאָל. בכלל, האָבן קיינער פון די דיכטער נישט דורכגעמאַכט קיין גריטלעכע רעוואָלוציע אין זייער שאַפונגס־פּראָצעס. לעיעלעס איז געבליבן אַ פּראָבלעם. לייוויק האָלט אין איין זוכן און לייגן פלאַסטערלעך אויף זיין אויסגע־חלומ׳טן משיח. זיינע באַנדאַזשן גיבן יאָ אַ געענדערטע שטעלונג און באַציאונג צו וועלט און מענטש. אָפּאַטאָשו האָט אויסגעקליבן מענטשן, וועמען ער גייט נאָך און ער פאַרצייכנט זייערע טריט. זייערע ענדערונגען אין אַ נייע וועלט. אויב ער אַרבעט נישט מיט אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיע, ריסעווועט ער אָבער מיט אַ געזונטן קינסטלערישן חוש, גיט מענטשן, גיט באַציאונגען. דערפאַר איז „די טענצערן" אַ מער כאַראַקטעריסטיש בילד און פּאָנאָראַמע פון אונדזער אמעריקאַנער ישוב, ווי אַלערליי שטייגער־בילדער און סקיצן, עסקיזן און רעוואָלוציאָנערע באַשרייבונגען פון שאָפּ, פון גאַס.

„די טענצערן" איז אַ רינג פון אָפּאַטאָשו׳ס קינסטלערישער קייט, גע־שמידט אין אַמעריקע. די רינגען, דער זשאַווער און דער קלאַנג וועלן זיין אָפּשפּיגלונגען פון אונדזער אַמעריקאַניש לעבן. נישט ווי מיר ווילן ס׳זאָל זיין, נאָר ווי ס׳איז אין דער אמת׳ן ווי דער שרייבער האָט עס געזען. אָפּאַטאָשו, לייוויק און לעיעלעס (דער ערשטער באַוואוסטזיניק, די אַנדערע גאַנץ אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין),

האָבן נאָכגעפאָלגט די פרץ טראַדיציע. נישט שטייגער לשם רעאַליזם, נאָר בילד לשם אַ העכערער רעאַליטעט. און דערפאַר איז סיי „די טענצערן", סיי דער „גולם חלום'ט" און סיי „פון דיר צו מיר", דאָס בעסטע און דאָס כאַראַקטעריסטישסטע אין די לעצטע יאָרן. סיי די פול בלוטיקע, המשכ'דיקע בילדער פון אָפּאַטאָשון, סיי די סימבאָלן פון לייוויקן און סיי די פּראָבלעמאַטיק פון לעיעלעסן, זענען שפּריצן און שטריכן פון אונדזער לעבן. נישט אין איר קלאָרער קלאַסן־פאָרמירונג, נאָר אין דער אַלגעמיינער סימפּאַניע פון טענער און קלאַנגען. זיי שפּיגלען אָפּ אַמבעסטן אַלערליי פּראָבלעמען און ראַנגלענישן, נישט נאָר ווען מען נעמט אַ וואָרט ביי אַ פאַרזאַמלונג, נאָר ווען מען נעמט אַ וואָרט, אַ זיפץ, אַ קרעכץ, ביי דער אַלגעמיינער לעבנס פאַרזאַמלונג, וואָס איז נישט זייער מעטאָדיש און נאָך וויניקער אָפּגעצאַמט און באַגרעניצט. אויך זענען זייערע ווערק געניי און אויסגעשפּראָכן נאָך מלחמיש. זיי זענען אַ פּועל יוצא פון אַן אויסניכטערונג, פון אַן אַנטוישונג און אַ נייער האָפנונג. די שאָטנס פון די אַלע עמאָציעס האָבן געפונען אַ וועג נישט נאָר אין די הערצער פון דעם איינגעבירגערטן דאָ, נאָר אויך אין די אימיגראַנטן, און האָט געהאָלפן פאָרמירן זייער לעבן און אידעאָלאָגיע.

אין „די טענצערן" נעמט אָפּאַטאָשו אַ שיף מיט איינוואַנדערער, און גייט זיי נאָך פון דער צייט ווי זיי זענען אויפן שיף און קאַטשען זיך ביז זיי בירגערן זיך איין אין דעם „לאַנד פון מעגלעכקייטן". ער ברענגט זיי ניט אין באַרירונג מיט אַלע גייסטיקע אָדער אידייאישע הימל־קראַצער, דאָס וואָלט געווען ניט אין איינקלאַנג מיט זייער נאַטור אָדער מעגלעכקייטן, אָבער דורך זייער לעבן און דערפאַרונגען קריגן מיר אַן אַלגעמיין בילד פונם לעבן אין ניו־יאָרק. דורך די העלדן קאָנען מיר אויך זען, וועלכע זענען די גרונטאָוונע לעבנס־פּראָבלעמען, וואָס אינטערעסירן און פאַרכאַפּן אָפּאַטאָשו'ן. אָפּאַטאָשו איז אין עצם אַ ראָמאַנטיקער. אַזוי ווי אים פאַרכאַפּן געוויינטלעך מענטשן מיט בלוט, און בלוט פּולסירט און בייט דעם טעמפּאָ. עס איז בלויז פאַראַן אַ שטענדיקער אייגנאַרטיקער ריטס, וואָס אַקאָמפּאַנירט און באַגלייט די זיך בייטנדיקע פּולס־געלויפן. און אָט דעמריטס, כאַפּט אָפּאַטאָשו אויף און גיט אים איבער. אין לעבן בכלל, מאָלט אָפּאַ־

טאַשו דאָס אייגנאַרטיקע און שטענדיקע, אָבער מיט אַן אויג פּאַרן כאַראַקטעריסטישן צייטיקן. ווייל דאָס איז אויך דאָס אייביקע.

ווער זענען די העלדן אין „די טענצערן", און וואָס טוט אָפּאַטאַשו מיט זיי? איז עס אַן איין קאָנטינענטאַל ווערק, אָדער איז דאָס וועלטלעך? דאָס וואָס אָפּאַטאָשו האָט ווידער גענומען אַן עקסקורסיע אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, ווייזט אייגנטלעך די ניט איינגעוואָרצלטקייט פון אונדזערע יידן. אָפּאַטאָשו האָט ניט געפונען אין 1926, אָדער שפּעטער קיין מענטשן, וואָס זאָלן האָבן וואָרצלען, און זייערע וואָרצלען זאָלן נישט נאָר זיין ערשט פריש פאַרזעצט, נאָר זאָלן זיין אַ רעזולטאַט פון אקאָרשט איינגעזאַפּטע דערפאַרונגען. מענטשן, וואָס זאָלן זיין אַ פּועל יוצא פון מלחמה און רעוואָלוציע דערפאַרונגען. ער האָט ווידער געמוזט אַוועק צו 1910, צו מענטשן, וואָס ער קאָן, מענטשן, וואָס ער האָט געזען, איז זיי נאָכגעגאַנגען און באַשריבן זייער גורל אין אַמעריקע. זיינע מענטשן קאָן ער פון אייראָפּע, און דורך זיין ראָמאַן, האָבן מיר אַ געלעגנהייט צו זען אויף וויפיל דער אַמעריקאַנער שמעלץ טאָפּ, אָדער די טראַנספאָרמאַציאָנס־פאַבריק פון מעגלעכקייטן, האָט באַווירקט דאָס לעבן פון מענטשן, וואָס זענען גרייט אַלץ מקרב צו זיין, אַבי זיך צוצופּאַסן. דאָס, וואָס דאָס נייע אין אַמעריקע האָט ניט סטימולירט אָפּאַטאָשון צו שרייבן אַ ראָמאַן פון זיי, נאָר ער האָט זיי בלויז סקיצירט און פאַר אַ ראָמאַן האָט ער געמוזט גיין צו 1910, ווייזט די אָפּגעריסנקייט, די ניט וואָרצלדיקייט, און די ניט אַמעריקאַנישקייט פון אונדזערע נייע נאָך־מלחמה מענטשן אין אַמעריקע. און אפשר קאָן אָפּאַטאָשו בלויז מאַניפּולירן מיט מענטשן וואָס ער קאָן. ווי יעדער קינסטלער וויל ער ניט אבסטראַכירן, נאָר באַשרייבן דאָס, וואָס ער האָט געזען און ווייסט. וואָלף און ר' שלמה זענען מענטשן, וואָס ער קאָן פון זיינע קינדער יאָרן. דאָסזעלבע איז אמת וועגן דעם פּאָקוסניק און זיין טאָכטער. און זייער גורל וועט ער קינסטלעריש זען און דערשפּירן אין ניו־יאָרק. דורך זיינע מענטשן וועלן מיר זען אַ שטיק יידיש ניו־יאָרק פון יענער צייט. נישט דערפאַר, ווייל די מענטשן זענען פאַראַלגעמיינערט און טיפּיש. ניין, אָפּאַטאָשו באַשאַפט אפילו אין זיינע קורצע דערציילונגען נישט קיין טיפּישע פּאַסירונגען, נאָר

אינדיווידואַליזירטע איינגאַרטיקע דערפאַרונגען. נאָר דורך די מענטשן וואָס קומען אָן מיט אַ באַשטימטער, באַגרעניצטער דערפאַרונג מיט געוויסע טראַדיציאָנעלע אידייען און לעבנס פירונגען, וועלן מיר קאָנען פאַראַלגעמיינערן זייער דערפאַרונג, כאָטש אַפּאָטאָשו אַליין טוט עס ניט. מיר וועלן עס פאַר אים טאָן, פשוט דערפאַר, ווייל מיר ווילן פּרואוון אין ניו־יאָרק, נישט לויט דער אָנגענומענער שרייבער־שער טראַדיציע פון „הורא, די גאָלדענע מדינה". אָדער דער שאַבלאָן „איך בענק אַהיים, ס'איז אומעטיק", נאָר די ניו־יאָרק פון פלייש און בלוט, די נוי־יאָרק וואו מענטשן לעבן, האָבן אַמביציעס, פאַסן זיך צו, ליבן זיך, ווערן אַנטוישט, בענקען, האָפן, ראַנגלען זיך, פאַלן, שטייען אויף און גייען ווייטער. אין אַנדערע ווערטער, אין „די טענ־צערן", האָבן מיר דעם שטייגער־ראָמאַן מיט באַקאַנטע העלדן, מיט וועלכע מיר באַקענען זיך נאָך אויף דער שיף, העלדן, וועמעס גע־בורטס סערטיפיקאַטן מיר האָבן ניט, נאָר פון זייערע האַנדלונגען, רייד, אַמביציעס, פּלענער און קאָנטאַקטן, קאָן מען זיך פאָרשטעלן זייער אָפּשטאַם, קולטורעלן הינטערגרונט, און אפשר אויך זייער שיק־זאַל אין דער נייער וועלט. אַ חוזדעם ווייזט אונדז דער ראָמאַן, אַז אַלערליי ענדערונגען אין אונדזער לעבן אין די נאָך מלחמה יאָרן, האָבן ווייזטאַוים, קיין קלאָרע קריסטאַליזירטע פאָרמען נישט אָנגענו־מען. ווען זיי וואָלטן פאָרמען אָנגענומען וואָלט אַפּאָטאָשו, וואָס האָט אַ ספּעציעל אויג פאַר דעם עפּיזאָדישן און דינאַמישן עס זיכער אויפגעכאַפּט, און ער וואָלט נישט אַוועק אינמיטן ים, כדי זיך צו באַקאָנען מיט אַ פּאַסאַזשירן שיף און זיי נאָכגיין אין ניו־יאָרק.

ער האָט אויסגעקליבן אַ גרופּע מענטשן, וואָס געבן אַ קוואַר שניט פון דעם אימיגראַנטן מאַטעריאַל פון יענער צייט. יורדים, געזונטע בעל מלאכות אָן אַ מלאכה, אַזעלכע, וואָס מוזן עוקר זיין צוליב איין סיבה אָדער אַן אַנדערער. און גלאַט מענטשן, וואָס זענען אויסגעוואָרצלט געוואָרן, און עס איז פאַר זיי שווער זיך איינ־צוואָרצלען אפילו אין דעם לאַנד פון אומבאַגרעניצטע מעגלעכקייטן. פון די העלדן קאָן קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג נישט געשאַפן ווערן עס איז נישט קיין עמבריאָנישער מאַטעריאַל פון וועלכן דער שרייבער קאָן שאַפן וואָס ער וויל. עס איז באַגרעניצטער מאַטעריאַל.

טיף רעליגיעזע נאַטורן, וואָס וועלן זיך דאַרפן שלאָגן קאָפּ אין וואַנט, כדי צו לעבן, אָדער די באַקאַנטע אַמאָראַלישע מענטשן, וואָס וועלן זיך צוכאַפּן צו איין זאַך, אָדער אַן אַנדערע. זיי וועלן אומבאַוואוסט־זיניק זיך ראַנגלען, פּלאָנלאָז, קעגן אַלערליי אומפאַרשטענדלעכע כוחות, זיך אָנקלאַפּן, גע׳ניזק׳ט ווערן, אָדער אינגאַנצן נישט באַרירט ווערן און גיין ווייטער מיט אַן אומבאַשטימטער אידעאָלאָגיע צו אומ־באַשטימטע צילן אויף אומבאַשטימטע וועגן. אָפּאַטאָשו וועט זיינע העלדן אין „די טענצערן״ ניט באַצווינגען, און זיי פירן ווי ער האָט עס געטאָן מיט זיינע פיגורן אין זיין טרילאָגיע אויף „די פּוילישע וועלדער״. אויף די וועלדער איז ער מייסטער און באַלעבאָס. אויף דעם ניו־יאָרקער כאַאָס איז ער אַ קנאַפּער בעל דעה. וועט ער זיינע העלדן נישט באַצווינגען, נאָר זיי לאָזן וואַנדערן פון איין דערפאַרונג צו דער אַנדערער, פון איין אינצידענט צום אַנדערן, אָן קאָנסעקווענצן, אָן רעזולטאַטן און אָן חכמה. ער וועט פשוט מיטגיין מיט זיינע העלדן, און זען וואָס ווערט מיט מענטשן אין דער נייער וועלט, ווען זיי באַגעגענען זיך מיט שטאַרקע, אומפאַרשטענדלעכע כוחות.

אין אַ טיפערן זין איז „די טענצערן״ אַ פאָרזעצונג פון די פּוי־לישע וועלדער״ מיט עטלעכע ענדערונגען. דאָרט לעבט מען פון טראַדיציע, און דאָ ווערט פּרנסה אַ וויכטיקער, דעצעדירנדער פאַקטאָר אין אידייען און אין האַנדלונגען. אין ״די פּולשע וועלדער״, זענען אויך דאָ קאַסטעס און באַשטימטע גרעניצן צווישן די קאַסטעס. דאָ איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד און וועגן קרייצן זיך, באַגעגענען זיך, גייען זיך פאַנאַנדער און טרעפן זיך ווידער אויף אַ באַשטימטן פּונקט. די הייליקסטע אידייען שלאָגן זיך אָן אָן די קלענסטע מעשים, די העכסטע אַספּיראַציעס שלאָגן זיך אָן אָן די מיזערנע און קליינלעכע כוונות וואָס מען שרייבט זיי צו. אין „די טענצערן״ האָבן מיר כמעט דיזעלבע מענטשן ווי אין „די פּוילישע וועלדער״׳ נאָר אין אַ נייער סביבה, אין אַ נייער צייט און מיט אַנדערע ווערטן. די טראַ־דיציעס וועלן זיין טיפער, די קאַמפן שווערער, כאָטש מיט ווייניקער קלאַפּער־געצייג, מיט ווייניקער שופר־בלאָזן. די העלדן וועלן ליידן פאַר קלענערע צילן. זיי וועלן זיך טאָפּטשען און אויסגעשמירט ווערן אין פּלאַכערע בלאָטעס. אָפּאַטאָשו וועט דאָ זיין אויף אַזויפיל ראַ־

מאַנטיקער פון דער פאַרגאַנגנהייט, אויף וויפיל דער לייענער וועט פאַרגלייכן אומבאַוואוסטזיניק די ביידע סביבות, און די סביבה פון „די פוילישע וועלדער״ וועט אַרויסקומען גרעסער און גראַנדיעזער. דיזעלבע מענטשן וועלן ווערן קלענער, מיט איינגעבויגענע קעפּ אין דער סביבה פון אַרויפאַרבעטן זיך, איבעריאָגן דעם צווייטן אין מאַ־טעריעלע דערגרייכונגען. דער לייענער וועט געבן אַ זיפץ אויף דער פאַרגאַנגענהייט. און וועט דעריבער מער אינטענסיוו פילן דעם קאַמף און ראַנגלענישן פון דעם אַרום. דאָס, וואָס אַ טייל פון די העלדן זענען רעליגיעזע אידן אַקצענטירט אויך שטאַרקער די אַנדערשקייט פונם קאַמף מיט סביבה און אידייען. רעליגיעזער קאַמף וועט אויס־קוקן אַנדערש אין שיכות מיט די ריזיקע כוחות דאָ אין ניו־יאָרק ווי אין גער אָדער אין קאָצק. דער קאַמף מיט זיך אַליין, דער מהלך צווישן פאָטערס און קינדער וועט זיין אַ ווייטערער און שאַרפער ווי אויף יענער זייט ים.

לכתחילה מאַכט דער ראָמאַן אַ גראַטעסקן איינדרוק. דער גאַנצער געזעמל איז אַזאַ אויסטערלישער. נאָך די „אַפּרייטאָרס״, און די „מיסעס מיט די באָרדערס״, וואָס האָבן ברייטלעך אַרומשפּאַ־צירט אין אונדזער ליטעראַריש וועלטל, זענען די העלדן אין „די טענצערן״ גראָטעסק. כמעט ווי די שטאָט ניו־יאָרק. קליינע איינגע־פאַלענע כאַטעס און לעבן זיי טורמען אויף געביידעס מיט ליכטיקע פילפאַרביקע אויגן. דאָ און דאָרט סטאַרטשן אַרויס פאַרשידענע קוריאָזן פון די פענצטער. אָדער אַ טיר עפנט זיך און מען זעט אין אַ ווינקל אָדער אין אַ לאָך די טשיקאַווסטע אַנטיקן. פונקט אַזוי עפנט פאַר אונדז אָפּאַטאָשו אַ לאָך אין גאָרעק סטריט און מיר זען עקזאָטישע פלאַנצן אין אַ זאַמד קופּע. עס באַווייזן זיך אַלערליי טיפּן און העלדן, וואָס איבעראַשן און גלייכצייטיק גלעטן זיי אייך. איר זיינט שטאָלץ מיט ניו־יאָרק. עס עפנט זיך פאַר אייך אַ לעבן און מענטשן, וואָס איר האָט נישט דערוואַרט אין ניו יאָרק, און בלויז אַ שרייבער, וואָס האָט זיך געוויילט אין די „פוילישע וועלדער״ אין דער געזעלשאַפט פון דעם באָרוועסן ישראל, ר׳ איטשן, און דעם קאַצקער הויף האָט זיי געקאָנט דערזען דאָ, און זיי נאָכגיין און נישט לאָזן פון זיי.

עפנט זיך די טיר אין גאַרעק סטריט און מיר ווערן געוואָר, אַז ר׳ אברהם איז אוועק זוכן גאָט אָדער זיך אַליין. פון דעם בריוו, וואָס ער לאָזט איבער קאָנען מיר זיך מאַכן אַ באַגריף וואָסערע מענטש ער איז...״ גאָט איז מיין עדות, חיה רבקה, אַז איך טו עס נישט פון רשעות און דו ועסט מיר מוחל זיין. איר ווער די טעג פופציק יאָר אַלט און עס איז צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן דער אייגענער נשמה. איך האָב שוין באַלד אָפּגעלעבט די פאָר יאָר. גע׳פּטר׳ט אַ לעבן מיט נישט, און ווי שטעלט מען זיך פאַרן רבונו של עולם מיט ליידיקע הענט? שוין עטלעכע צוואַנציק יאָר, ווי איך קלער טאָג און נאַכט, ווי דיך מיט די קינדער מפרנס צו זיין, איר זאָלט, חלילה, נישט ליידן דחקות, און קיינעם פון אייך אַרט ניט וואָס מיין נשמה גייט אויס פון הונגער און צער. די חברות „אנשי מעומר״ — די אמת׳ע קינדער מיינע פאַרשפּרייטן זיך איבערן לאַנד, עלטערע און יונגע מענטשן, וואָס זענען ווייט געוועזן פון יידישקייט, טוען תשובה, און מיין פרייד איז אין לשער. די מעשים טובים און מצוות, וואָס איך האָב זיך געקויפט מיט דער הייליקער אַרבעט, שענק איך דיר אַוועק מיין ווייב. איך לאָז דיר אויך איבער די סחורה, איך מיין די צוזאַמען פאַר שניידער, דערצו פאַרדינען דאָך אונדזערע טעכטער, רחל׳ע און דינה זאָלן לעבן און איך האָף, אַז מיינע חסידים וועלן געדענקען אָן מיין משפחה און צוואַווארפן יעדע וואָך אַ פאָר טאָלער. איז ווי דו זעסט, חיה רבקה, בין איך געבליבן אַ נאַקעטער. און איצט איז די צייט פון טאָן עפּעס פאַר זיך אַליין, איך קלייב זיך אָנצושרייבן אַ ספר. איך מוז זיך אָבער אויסטאָן פון דאגות פרנסה, מוז זיין ווייט פון גשמיות און אַז איך וועל פאַרטיק ווערן מיטן חיבור, וועל איך צוריקקומען״. דער בריוו גיט אונדז אַ שפּילקע בליק אינם כאַראַקטער פון ר׳ אברהם׳לען, און ער ווייזט אונדז, אגב, אָפּאַטאַשו׳ס אַנטוויקלונגס גאַנג. נאַטירלעך, נישט בלויז דער בריוו אַליין, נאָר די מעטאַמאָרפאָזע פון זיינע מענטשן. און ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז וואָס נענטער צו דער היינ־טיקער צייט, אַלץ אינטערעסאַנטער ווערן די מענטשן זיינע. פון רע־גנסבורג דורך די פּוילישע וועלדער ביזן אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליס־טישן כאַאָס, קלייבן זיינע טראַדיציאָנעלע יידן אויף מער קאָמפּליקאַ־

ציעס און ווערן אינטערעסאַנטער, זיי ווערן מער ווי מיר אַליין זענען נאָר אין אַן אַנדער ליבוש. און דאָס איז דאָך די הויפּט־אַרבעט פונם קינסטלער — מאַכן דעם ריכטיקן ליבוש. דורך אַלע גילגולים, דערקענט מען ר׳ אברהמ׳לען, שבתי׳ן, און זרח׳ן אין פאַרשידענע מעטאַמאָרפאָזן (וואַריאַנטן) און אין פאַרשידענע לענדער און אין אַנדערע צייטן. אין דער טיף. דאָס איז דער דעווין. עס איז מערקווירדיק, אַז אָפּאַטאָשו׳ס שרייבער, סיי מרדכי, און סיי ר׳ אברהם ציען זיך צוריק פון דער געזעלשאַפט, ווען זיי דאַרפן שרייבן.

אָפּאַטאָשו ווייזט אונדז צוויי דורות אין אַמעריקע. און ביידע זוכן אַן אינהאַלט אין לעבן. ביידע גלויבן, אַז מען קאָן נישט לעבן גלאַט אַזוי. דאָס לעבן מוז האָבן אַן אינהאַלט, אַ תוך, אַ ציל. די פראַגע איז נאָר צו דער ציל איז אין איינקלאַנג מיט סאָציאַלע כוחות אָדער איז קעגן די נאַטירלעכע אַנטוויקלונגס כוחות. אין ביידע פאַלן וועט זיין קאָנפליקט, ריבונגען מיט דער סביבה און מיט זיך אַליין. גלייכצייטיק וועלן מיר קאָנען זען וואָרצלען. די הייוון, וועלכע וועט שפּעטער מאַכן די טייג זאָל אויפגיין, מיר וועלן זען די שפּורן פון די שפּעט־ערדיקע דיסקוסיעס און אידייען פאַרשידענהייטן, וואָס וועלן שפּעטער פאָרמולירן יוניאָן פּרינציפּן און פּאַרטיי אידעאָלאָגיעס.

די פאַמיליעס, וואוהין אָפּאַטאָשו פירט אונדז און ווייזט אונדז זייער לעבן, געבן אונדז אַ קווער שניט פונם יידישן ישוב אין ניו־יאָרק אין יענער צייט, און אפשר אויך פון היינט, נאָר מיט קליינע וואַריאַציעס. די מענטשן זענען נישט קיין עפּעמערישע, נאָר גע־וואָרצלטע אין דורות פון חכמה און זוכן. לאָמיר זיי פאָרשטעלן. ר׳ אברהמ׳ל אַ ייד אַ למדן, וואָס זוכט אַן אַנלען, און אַ פאַרבינדונג מיט גאָט. זיין ווייב חיה רבקה, וואָס לייענט ראָמאַנען, און זוכט אויך פאַרבינדונגען צווישן לעבן און ליטעראַטור. זייערע קינדער — דינה, אַ סטודענטקע און טוערן אין די אָרימע קוואַרטאַלן, ידידיה — אַ קאַליקע, און רחל — גלאַט אַ מיידל. צווייטע פאַמיליע — שבתי אַ ווידערגעבורט פון ר׳ מענדל קאַצקער אין אַמעריקע, וואָס זוכט אַ פּאָרדים צווישן דער וועלט און גאָט. זיין זון פּנחס — אַ בלאָנדזשענ־דיקער, וואָס האַלט דעם קאָפּ אין דער הויך, זעט שוואַך די ערד הינ־טער זיך, און ווייסט נישט, וואו ס׳ענדיקט זיך תורה און וואו ס׳הייבט

זיך אָן לעבן. זיין שוועסטער — א „קרישטשען סייענס „היילער", וואָס ווייסט אויך נישט אויף וואָסערע וועלט זי איז. דער אַלטער משה מיט זיין זון שלמה, אַן אַרבעטער־פירער, וואָס צעטרענצלט זיין לעבן אין דער אַרבעטער באַוועגונג. אייבי, אַן אַרויפגעאַרבעטער אַל־רייטניק מיט זיין ווייב עוועלין, אַן אָפּגעהיטע רעפאַרמירטע אַמעריי־קאַנערין, שטייף און דאַך מענטשלעך. זרח דער קונצן־מאַכער מיט זיין טאָכטער רעגינע, וואָס מען רופט אויפן אַלטן ליטעראַרישן זשאַר־גאָן — די פרוי אָדער דאָס ווייב. וואָלף — א נאָכפאָלגער פון אייבין. קופּעלט — א יורד, א געוועזענער גביר, וואָס ווערט דאָ א שוחט. יידן, יידענעס, כלי־קודש, פּעדלער, בעל מלאכות. די אַרבעטער־וועלט איז פּאַרטראָטן דורך פּישלען, אַן אַנזאָג פונם היינטיקן רעוואָלטירנ־דיקן אַרבעטער, וואָס וויל די גאַנצע וועלט. אַרום די מענטשן שפּילט אַפּאַטאָשו אָפּ זיין סימפאָניע פון דער יידישער ניו־יאָרק. דאָ האָבן מיר, באמת, א רייכערע גאַלעריע פון מענטשן, מער גרונטאָוונע לעבנס קאָנפליקטן ווי אין „די פּוילישע וועלדער". און אַפּאַטאָשו, וואָס מאָלט דעם שרייבער, דעם קינסטלער אונטער אַלערליי שלייערן, מאָלט זיי אויך דאָ אין זרח'ן אויף א פלאַכן אימיטאַטיוון פלאַך, און אין ר' אברהמ'לען אויף א טיפערן פלאַך. און ער שרייבט וועגן זיי פּשוט, איינפאַך אָן פּסיכאָלאָגישע חקירות, וואָס פאַרפלאַכן געוויינטלעך. ער שרייבט וועגן זיינע העלדן ווי אברהמ'ל זאָגט תורה. „גערעדט האָט ר' אברהמ'ל פּשוט. עס איז אָבער נישט געווען די איינפאַכקייט פונם פּראָסטן מענטשן. עס איז געשווינטער געווען די פּשטות פון איי־נעם, וואָס איז געקומען פון אַן אַנדער וועלט. און אַלץ — א בוים, א פלאַנץ, א פויגל — איבער וואָס ער האָט נישט גערעדט איז עס געווען ניי, ווי ער וואָלט די זאַכן ס'ערשטע מאָל געזען". אין אַן אַנדער אָרט זאָגט אַפּאַטאָשו וועגן ר' אברהמ'לען, וועגן זיין זוכן תורה", „ר' אברהמ'לס קול האָט זיך געטראָגן איבער דעם האַלב־פינצטערן שטיבל", געוואָרן העכער, א וואָרט צו וואָרט. און אַז מען האָט זיך לענגער איינגעהערט, האָבן די ווערטער זיך אויסגעשטעלט אין שורות, פאַרוואַנדלט אין א געביידע, א שטאָק איבער א שטאָק, וואו יעדער, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אַרויף איז געוואָרן זיכערער, אויפגעהערט בלאָנדזשען". דאָסזעלבע קאָן מען זאָגן וועגן אַפּאַטאָשוס

בוי פונם ראָמאַן, און פון דער געשטאַלטונג פון זיינע מענטשן. פון קאַפּיטאַל צו קאַפּיטאַל, ווערט אונדז קלאָרער דער גאַנג פון זיינע העלדן, זייער פאַרפלאָנטערן זיך, זייער איינדרייען זיך פון איין קנויל אינם אַנדערן, ווערט באַשטימט פון זייער כאַראַקטער, אידייען און דעם לעבן אין וועלכן זיי רויען זיך. זייער לעבן ווערט אונדז קלאָר פון די קאַמערא אָפּשניטן, וואָס אָפּאַטאָשו מאַכט פון זיי. דאָס לעבן איז צו רייך, האַנדלונגען לויפן צו שנעל, אַז מ'זאָל ערלויבן מאַכן אַ פעסט הייזל פון קאָנקריט ווי אייבם הויז. מען קאָן נישט אין אַזאַ סביבה מאַכן פולע, לאַנגע פאָרטרעטן. דערפאַר מאַכט אָפּאַטאָשו זיין געביידע קינעמעטאַטראַפיש, נאָר מיט אַ טיפן און פילאָזאָפישן זאָגער הינטער די קוליסן. יעדן העלד איז אָנגעצייכנט זיין ראַליע. ווייל אָפּאַטאָשו איז גיכער פאַראינטערעסירט אין אַ פּאַנאָראַמיש בילד פון ניו־יאָרקער לעבן, ווי אין פּסיכאָלאָגישע שלעקלעך. זעט מען האַנדלונגען, ראַנגלעגישן, וואָס שיינען לפנים, נישט פאַרבונדען, אָבער זענען אין דער אמת'ן באַהערשט פונם ניו־יאָרקער ריטם, פונם גרויס־שטאָטיקן אָטעם, כמעט אַלע שיכטן אין יידישן לעבן קריגן אויסדרוק אינם ראָמאַן. זיי ליגן פאַר זייערע טענות, זייערע קריוודעס, געבן אַזוי צו זאָגן זייער אידעאָלאָגיע. און פאַר די שטומע, די ניט אַרטיקולירנדע רעדן זייערע מעשים, אָדער אַן אַנדער העלד רעדט פאַר זיי. אָט איז פישל, וואָס אַרבעט אין אַן אייזנגיסעריי, אַ ניט אַרטיקולירנדער בעל־מלאכה, רעדט פאַר אים שלמה, דער אַרבע־טער־פירער, „האָסט געהערט דעם שטאַמלער, דאָס איז דאָס געשריי פון דורות הונגער. די שנאה צו די זאַטע. פישל האָט גאָרנישט וואָס אָנצוווערן און געווינען קאָן ער די גאַנצע וועלט. פון אייביק אָן, טיילן זיך מענטשן אויף זאַטע און אויף הונגעריקע. די הונגע־ריקע קלעפּן אין דער ערד, מיסטעווען זי מיט זייער בלוט און ביינער, גלויבן און דינען דער פּראַצע. די זאַטע רייסן זיך פון דער ערד צום הימל, צו די כרובים, צום אין סוף, וואָס האָט געבראַכט דעם מענטשן מער שאָדן, ווי אַלע מלחמות, מגפות צוזאַמענגענומען. פּויערים בינטן, דרוקערייען, פּולווער ביז דער נייסטער מאַשין, וואָס באַפרייט יעדן טאָג טויזנטער מענטשן פון פיזישער אַרבעט, האָבן מער צו פאַרדאַנקען אין דעם ברייטערן זין, ווייסטו וועמען? דער הונגער."

שלמה, און אָפּטמאָל דינה, פּאָרטרעטן און רעדן אין נאָמען פון די דערנידעריקטע און באַליידיקטע. עס פעלט בלויז דער באַגלייטנדער קאַמף פון אַרבעטער אין גאַס, וואָס זאָל געבן געוויכט זייערע רייד. מיט דער אויסנאַם פון דעם ראַיאָט פון האַפן־אַרבעטער, וואו שלמה האַלט אַ רעדע, הערט זיך ניט דער געשריי פון אַרבעטער אין גאַס. אָבער די אַלע אויסגעוואָרצלטע אידן, די שבתי׳ס און די אברהמ׳לס, רעדן און האַנדלען נישט ווי דיאַלעקטישע מאַטעריאַליסטן פון 1934, נאָר ווי אידעאַליסטן און קעמפער פון זייער צייט. זיי פּרובירן, ווי שלמה פון דער „גאָלדענער קייט", ברענגען שבת און אַ ניי לעבן אויף דער וועלט. זיי, ווי יעדער קעמפער, פאַר אַ נייער אָרדנונג קעמפן קעגן דער גרויער סביבה, קעגן דעם גראָבן און פלאַכן אַרום. ווי זאָגט ר׳ שבתי, „אַז אַ דעמב קאָן נישט וואַקסן אויף גאָרעק סטריט, אין אַזעלכע ענגע אַלקערלעך. דאָ איז קוים דאָ פּלאַץ פאַר אַ דראַפּעק. אַ דעמב דאַרף לופט, דאַרף רחבות, און וואַקסט ער איינער אַליין, איז דער בוים גרעסער, דויערדיקער". אָט די אויס־טערלישע מענטשן אין דעם הו־האַ פון ניו־יאָרק, האָבן געהאַט דעם כוח קעגנשטעלן זיך דער סביבה, און קעמפן פאַר אַן אייגן מענטשלעך לעבן. זיי זענען די רעשטלעך פונם אַמעריקאַנער אינדיווידואַליזם. דערפאַר איז זייער קאַמף אַזוי העראָאיש, און אַזוי גראַנדיעז, און אַזוי האָפנונגסלאָז. עס ראַנגלען זיך אינטעליגענטן און לומדים מיט נייע באַגריפן און לעבנס־געזעצן, און רירן זיי נישט אָן. שלמה האָט ליב אַרבעט, קעמפט פאַר אַרבעטער, פאַר רעכט אויף אַרבעט, און דאָך רירט ער אַרבעט נישט אָן. ער רעדט אַלעמאָל פון 20טן שטאָק. ער רעדט אַלעמאָל וועגן אידעאַליזאַציעס, און ער פאַרלירט די קאָנ־קרעטע זאַך פון אויג. ער פליט צו הויך און צו גיך צו זיין בכוח, זען קאָנקרעט און געניי. דאָסזעלבע איז אמת וועגן שבתי׳ן און ר׳ אברהמ׳לען און פּנחס׳ן. וואָלף, אָדער קופּעלט דער יורד, זיי זענען נענטער צו דער ערד, געבן זיי אַ בעסער בילד פון דער רעאַליטעט. אָבער דאָך אינטערעסאַנטער, און אפשר אמת׳ער, זענען די אויסגע־וואָרצלטע, וואָס ראַנגלען זיך, קעמפן מיט דער סביבה. זיי זענען די מער דינאַמישע כאַראַקטערס. און זיי כאַפּן אפשר בעסער אויף דעם גייסט און אָטעם פון דער צייט, ווי די, וואָס פּאַסן זיך צו

צו אינצײדענטן און פּאַסירונגען. וואָלף, וואָס פּאַסט זיך צו, אייבי, וואָס דאַרף זיך צופּאַסן צו אַלערליי געשעעענישן, רעגינע, וואָס מאַ־טערט זיך אויסצולעבן איר אומרואיק בלוט, דער דאָקטער, וואָס ראַנגלעט זיך מיט זיינע קראַנקע יאָרן, און קופּעלט, וואָס קעמפּט מיטן וישוט פון עופות, די זענען דאָס פלאַך לאַנד פונוואַנען מען קאָן קוקן אויף די בערג, אויף די שלמה׳ס און פּנחס׳ס, שבתי׳ס און אברהמ׳לס. די לעצטע געבן טאָן, כאַראַקטער, סימבאָל דעם מענטשן. זיי געבן דעם צלם אלוקים.

אינטערעסאַנט, און אפשר סימבאָליש פאַרן אידעאַליזם און אינ־דיווידואַליזם אין אַ מאַשין־עפּאָכע איז, פּנחס געפינט זיין טאַטע, ר׳ שבתי׳ן, אַן איבערגעהאַקטן מיטן קערפּער אויף איין זייט שינעס פון אַ באַן, און דער קאָפּ אויף דער צווייטער זייט. און „פּנחס האָט זיך צעוויינט ווי יענער תנא, דער גרויסער בעל עבירה, וואָס האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין זונה ביים לעבן. ער האָט זיך צעוויינט, גע־רופן בערג און טאָלן, גערופן הימל און ערד, זיי זאָלן בעטן רחמים פאַר אים, און ניט געוואוסט, אַז דערמיט וועט ער אויפשטיין תחית־המתים ביים לעבן״. פּנחס׳ס תחית־המתים וועט מוזן זיין אַ סינטעז פון שבתי׳ס „דעמבישקייט״ מיט פּישל׳ס אייזנגיסעריי. קיין אַנדער אויסוועג אין דער היינטיקער צייט איז ניטאָ. שבתי׳ס סוף איז געווען אַ נאַטירלעכער, וויל מען זיך אויסטאָן פון מענטש, וועלט און לעבן, מוז מען צעהאַקן. פּנחס גליטשט זיך פונדעסטוועגן שפּעטער אויס. מען קאָן נישט אַנטלויפן פון דער וועלט, או זנישט גע׳ניזק׳ט ווערן.

פון „די פּוילישע וועלדער״ ביז דער „טענצערן״ פּראוווט אַפּאַ־טאָשו ווייזן דעם קאַמף פון יידישן אידעאַליזם מיט דער מאַטעריאַ־ליסטישער סביבה. אמאָל נעמט דער קאַמף אָן הערויאישע פאָרמען, און אָפּטמאָל, ווערט ער פאַרוואַנדלט אין גראָטעסק. דער אידעאַליזם איז אָבער אין עצם נישט אַנטלויפן פון דער רעאַליטעט, נאָר אַ פאַר־טיפונג פון דער ווירקלעכקייט. אויסער, ווען אַ מענטש האָט דער־גרייכט דעם לעצטן טויער ווי שבתי, וואו אַלע אונטערשיידן ווערן אָפּגעווישט, און מען לעבט אין אַ וועלט פון לויטער רוחניות. נישטאָ קיין הימלען מער. מען פליט אויף וואָלקנס, און די פיס זענען סום־פּענדירט אין אַ חלל. שבתי, ר׳ אברהמ׳ל, משה, שלמה, פּנחס, דינה

פּרואוון איבערמאַכן דיווירקלעכקייט, איר פֿורמען לויט אַ געירש'נטע טראַדיציע, אפשר אַ ריין יידישע. אומבאַוואוסטזיניק פֿאַר זיי אַליין. אַפּאַטאַשו שמידט אַ גאָלדענע קייט, נישט פֿון אַ משפּחה פֿון רביים, ווי פּרץ האָט עס געטאָן. נאָר קייטן פֿון דורות און לענדער. נישט אין אַ באַגרעניצטע סביבה מיט אַ באַגרעניצטע דערפֿאַרונג, נאָר אין פֿאַרשידענע פּאַנאָראַמעס און קעגנזעצטע כוחות. ווען שבתי'ס קאָפּ ווערט אָפּגעהאַקט, שטייט פּנחס אויף תחית־המ!ים. נישט פּנחס דער זון, נייערט פּנחס דער אַמעריקאַנער ייד, דער נייער ליכט ברענגער אין דעם אַמעריקאַנער כאַאָס. ער וועט זיכער איינזען, אַז אין גאָרעק סטריט מוזן וואַקסן דעמבעס. נישט אין די ניו־דזשוויסער וועלדער, וואו זיין פֿאָטער האָט געזוכט נארונג. נאָר אין גאָרעק סטריט, און אויף פֿינפֿטע עוועניו, מוז די ערד צעאַקערט ווערן, נישט פֿאַר איינצלנע דעמבע־בוימער, נאָר פֿאַר אַ וואַלד פֿון דעמבעס. אַלע מוזן האָבן לופֿט און וואַסער, כדי אויסצוּוואַקסן און בליען. אנשטאַט דעם איינצלנעם — די מאַסע. אויב פּנחס וועט עס נישט טאָן וועט עס שלמה טאָן.

דער סימבאָל פֿון אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ, פֿון אַן אייזנבאַן, בשעת דער קאָפּ האָט זיך געריסן צו די הימלען און צו גאָט, איז סימבאָליש און כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די כוחות, וואָס האָבן זיך געראַנגלט אין אַמעריקע, אָדער בעסער, דער קאַפּיטאַליזם איז געווען שטאַרקער פֿון די אינטעליגענטע אידעאַליסטן. דאָס לעבן איז געווען פּליסיק, אַלע עטישע כּללים זענען אָפּגעווישט געוואָרן. דער פּשוט'ער מענטש האָט געקאָנט אַנטוויקלען זיינע אַלע פּאַטענצן, מיט פֿאַרקריפּלטע, אָפּגעשוואַכטע עטישע ווערטן, אָבער מיט אומבאַגרעניצטער וויטאַליטעט האָט זיך דער פּשוט'ער מענטש געוואָרפֿן איינצונעמען דאָס לאַנד. דערפֿאַר די איינזאַמקייט פֿון די שבתי'ס און ר' אברהם'ס, אויף יענער זייט ים, האָבן די אייבים און די וואָלפֿס געלעבט אַ סטאַטיש לעבן. דאָ האָט זיך די ענערגיע, וואָס איז געווען איינגעצוימט אין דאַמבעס פֿון מנהגים און פֿאַרבאָטן, איז דאָ געוואָרן אַקטיוו און דינאַמיש. די ענערגיע איז געוואָרן אַדאַפּטירנד, פֿלינק צו בייטן זיך, גרייט אָנצונעמען יעדן לויזן געזעץ. דאָס איז מעגלעך מיט מענטשן, וואָס האָבן קיין וואָרצלען נישט, און זיי לעבן אין אַ

לאַנד אָן טראַדיציעס. דערפאַר האָט אַפּאַטאַשו דאָ אַהערגעבראַכט שבתי'ן, און לייוויק — זיין מהר"ל און חנינה'ן. אין אַ געזעלשאַפט, וואו דער פאַרכאַפּנדער אינסטינקט איז דער הערשנדער, אַפילו אין אַ צייט, ווען מיליאָנען הונגערן, אין אַ צייט, ווען אידעאַליזם האָט גע־מוזט בעטן נדבות אין מאַרק, זענען געקומען אַפּאַטאַשו און לייוויק, און האָבן געוואָרפן שטראָמען פון ראָמאַנטישן ליכט, און אַ גלאַנץ אויף דער גראָבער אומגעהובלעטער סביבה, לייוויק וואָלט זיין חלום פון גולם אויפן בוידעם נישט געוועגן אויסגע'חלומ'ט אין אַן אַנדער סביבה. זיינע סימבאָלן אין זיין קאָמעדיע, וואָלטן נישט געווען אַזוי טרעפלעך אין אַן אַנדער לאַנד און אין אַן אַנדערע צייט. בלויז אין אַ לאַנד פון עטישע שליוזן איז מעגלעך געוואָרן דער חלום פון חנינה'ן. די רוסישע רעוואָלוציע האָט געקאָנט אויסשוואַנגערן אַרמילוסן, אָבער חנינה און דבורה זענען באַשטימטע אַמעריקאַנער פּראָדוקטען, עס האָט גענומען אַ פּאָר יאָר נאָך „די קייטן", וואו לייוויק באַהאַנדלט אַלגעמיינע פּראָבלעמען, ביז ער איז געקומען צו וואָרצלענדיקע אַמעריקאַנער פּראָבלעמען. זיין „דער גולם חלומ'ט" איז אַ פּועל יוצא פון שבתי'ס אַפּגעהאַקטן קאָפּ. אַ רעזולטאַט פון אַ פיינטלעכער סביבה. אַ סביבה, וואו מ'חלומ'ט ניט. מ'רייסט זיך בלויז פּלאַנלאָז צו גרעסערע און ווייכערע שטולן פאַר זיך אַליין, און מ'בלייבט אומבאַפרידיקט. אין סאָוועטן־ראַט וואָלט לייוויק נישט געקאָנט אַרומגיין מיט חנינה'ן, און אים צערטלען פּונקט ווי ר' משה וואָלט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך מתחתן צו זיין מיט די בוימער און גראָזן. ער וואָלט געדאַרפט שטיין אין ריי פאַר אַ פּאַיאָק מיט תעניתים. ער וואָלט נישט געקאָנט אַנטלויפן, כדי צו קומען נענטער צום מענטשן. דער גולם וואָלט נישט געקאָנט חלומ'ען, ער וואָלט געדאַרפט ווערן אַ שלאָגלער. די העלדן קאָנען בלויז געשאַפן ווערן אין אַ באָדן, וואָס פּוילט. און ס'טראָגן זיך ריחות. קומען די העלדן זיי רייניקן און איבערבויען. נישט אין אַ סביבה, וואָס שלאָגט און שפּריצט מיט לעבן און וויטאַליטעט. מייסטערעווען קינסטלעריש העלדן, וואָס דאַרפן איבערשאַפן און איבערבויען קאָן מען נאָר אין אַ סביבה, וואו אַלץ איז צעבראָכן און כאַאָטיש, און נישט דאָרט, וואו ס'בויט זיך אַ ניי לעבן. וואו מ'בויט

זוכט מען בלויז ציגל און האָלץ. בלויז דאָרט, וואו ס'זענען דאָ חורבות, מאַכט מען פּלענער פאַר נייע געביידעס, און מען ספּעקולירט וועגן דער הויך און ברייט פון די נייע געביידעס. אַזוי, אַז „דער גולם חלומ'ן איז אַן אַמעריקאַנער פּראָדוקט. ער האָט געמעגט ליגן אויף אַ פּראַגער בוידעם, אָבער איין אויג האָט ער געהאַלטן אָפן און גע־קוקט אויף אונדזער לעבן אין אַמעריקע און אויסגע'חלומ'ט זיין פאַנטאַזיע לויט אונדזער לעבן. עס קאָן זיין, אַז אַרום דעם גולם האָט זיך געוועבט אַ נעץ פון שפּינוועבס פון גע'הרג'עטע פליגן, וואָס שפּינען האָבן פאַרנאַרט. און זיין חלום איז אַ פּועל יוצא פון דעם געוויין פון גע'הרג'עטע פליגן, פאַרפּלאָנטערטע און צעקאַליע־טשעטע פליגן. צוקוקנדיק זיך צו דעם לעבן אַרום, און ווערנדיק גערעגט פון די אַלע אידייען און פּראָבלעמען, וואָס דער אַמעריקאַנער הור־הא האָט ביי אים אַרויסגערופן, האָט ער געזוכט מענטשן און באַוועגונגען, וואָס זאָלן פאַרקערפּערן זיין וויטיק און זיין לייזונג און ניט געפינענדיק קיין עפּיש בילד פאַר זיך, האָט ער געמוזט שפּינען ווייטער די לעגענדע, און זיך באַנוצן מיט סימבאָלן. עס איז געווען גיכער דער פאַרלאַנג און ווילן צו קלאָרקייט, ווי דער ווילן צו טיפקייט און פּראָבלעמאַטישקייט. לכתחילה, איז פאַר אים געגוג געווען דער גולם און דער מהר"ל. פּשוט דערפאַר, ווייל דאָס לעבן איז געווען איינפאַכער. צוויי קלאָרע אויסגעשפּראָכענע כוחות האָבן געקעמפט פאַר סופּעריאָריטעט און דאָמינירנדיקע מאַכט. אַלע אַנדערע כוחות האָבן זיך ניט אָנגעזען, ווייל אַלערליי רעליגיעזע אַבערגלויבן און טראַדיציאָנעלע מנהגים האָבן זיי פאַרשטעלט. אָבער נאָך דער מלחמה, זענען אַלערליי עקאָנאָמישע קלאַסן דיפערענצירונגען אַרויס־געקומען קלאָרער און בולט'ער. פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, מיני־מאַלע אונטערשידן פון טאַקטיק, האָבן צעריסן און צעטיילט דאָס דיאַ־לעקטישע בילד. אין דעם ראָמאַן און אפילו אין דער דראַמע, איז אוממעגלעך אַרויסצוברענגען דעם אונטערשיד, סיידן מען זאָל דאָס ווערק פאַרוואַנדלען אין אַ דיסקוסיאָנס פּלאַטפאָרמע. די סימבאָלישע דראַמע איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט אַרויסצוברענגען סיי די אַמאָראַ־לישקייט, וואָס אַנערקענט בלויז דעם היינט מיטן מאָרגן, אַלס אַ באַנק־דעפּאָזיט פונוואַנען צו ציען כוח און באַרעכטיגונג פאַר יעדער

געמיינהייט און די מיינונגס־פּאַרשידענהייטן וועגן די וועגן און מיט־
לען פון דערגרייכן דעם מיליעניום. דאָס פּראָוואוט לייוויק טאָן אין
„דער גולם חלומ׳ט. און אויך וויפיל די קאָמעדיע וועט אָפּשפּיגלען
די פּרעג־צייכנס פון אונדזער אמעריקאַניש־לעבן, מיט אַלע אירע
זיג־זאָגן אויף אַזויפיל וועט עס זיין א ווערק פון דער היינטיקער
צייט. אויף וויפיל עס וועט זיין דורכגעוווייקט מיט ערנסטן ראַנגלען
זיך און צווייפלען, אויף אַזויפיל וועט עס זיין א פּאַרטיפט קינסטלע־
ריש ווערק. „דער גולם חלומ׳ט״ טוט ביידע זאַכן. עס אַנאַליזירט
אַלע סאָציאַלע ראַנגלענישן פון היינטיקער צייט, און גיט זיי סימבאָלן
און ווערטן.

15

לייוויק איז געטריבן געוואָרן צוריק קיין פּראַג, ניט נאָר דורך אונדזער אַמאָראַלישער צערודערטער סביבה, נאָר אויך דורך אַן אינערלעכער איבערלעבונג. לייוויק איז אין גרונט, אין זיין אינער־לעכן וועזן אַן אינדיווידואַליסט. לעבנדיק אָבער אין צייט, ווען מאַסן־באַוועגונגען דאָמינירן און ריין־יחיד'ישע פּראָבלעמען פאַרלירן זייער ווערט און באַטייט, האָט לייוויק, אַ דיכטער מיט געוואַלטיקער אחריות, געדיכטעט און געוויייטיקט זיין צייט. דערפאַר פעלן אין זיינע דראַמען און לידער און אפילו אין זיין „גולם" אָפטמאָל קלאָר־קייט, קינסטלערישע געליייטערטקייט, עס פעלט זיי לויטערקייט פשוט דערפאַר, ווייל אַ גרויסער פּראָצענט פון זיין קינסטלערישער ענערגיע איז פארשווענדט געוואָרן בייצוקומען זיין אינדיווידואַליזם, וואָס האָט זיך געריסן צום אויסדרוק. ער איז בייגעקומען זיין אינדיווידואַליזם, אָבער פונקט ווי יעקב אבינו האָט ער געמוזט צאָלן אַ פּרייז פאַר דער ראַנגלעניש. ניט קיין אויסגעלונקטע זייט אָבער דאָ און דאָרט מטושטש'קייט אין סטיל. אין דער גאולה־קאָמעדיע אָבער, וואו די ראַנגלעניש איז מיט זיך אַליין און ניט קיין קאַמף פון צופאַסן זיך צו דער צייט, איז דער סטיל דער קלאָרסטער און ריינסטער. אין די „קייטן", דער „גולם" און אין אַ גרויסער צאָל פון זיינע לידער, קאָנען מיר זען זיין ראַנגלען זיך מיט אַן אינערלעכן ווידערווילן מיט אַ צייט, וואָס פאָדערט דעם גאַנצן טאַלאַנט, פאָדערט בלוט פאַר אירע נויטן און באַדערפנישן. אין דער „גאולה־קאָמעדיע" רעדט הויפּט־זעכלעך רעאַקציע קעגן דער גאַנצער „פרייהייט"־גרופּע, וואָס האָט גע־פאָדערט פאַלשטענדיק אונטערוואַרפן זיך צו די דאָגמעס פונם קאָמינ־טערן און צו אירע לעצטע עדיקטן. לייוויק, דער מענטש, האָט זיך גע־פּרואווט אונטערוואַרפן. לייוויק דער יחיד, דער ייד און קינסטלער האָט עס בשום אופן נישט געקאָנט, ווייל פון דעם קוואַל וואַרצלט זיך זיין טאַלאַנט און אחריות פאַרן וואָרט און אידייע, און דערפאַר זיין ווידערווילן צו ארמילוסן און זיינע אָפּשטראַלונגען, וואָסערע פאָרמען

זיי זאָלן נישט אָננעמען. און אַזויווי דאָ האָט ער נישט געדאַרפט רעאַגירן אויפן גייסט פון דער צייט, נאָר אויפן קאָנטשיק פון דער באַשטימטער גרופּע, האָט ער נישט געדאַרפט פאַרשווענדן קיין ענער־גיע, בייצוקומען זיין יחיד׳ישן אימפּולס, און דערפאַר איז דער סטיל אַ געלייטערטער און סימבאָלן און אידייען באַגרעניצטע, באַגרעניצט דערפאַר, ווייל די הערשאַפט פון דאָגמעס און פּאַרטיי־באַשלוסן זענען וויניקער ווי עפּעמאָראַל. זענען גיכער אין זייער נאַטור לופטיק און מינוטיק. און רעאַגירן אויף מינוטיקע דערשיינונגען, איז נישט קיין קינסטלערישע אויפגאַבע, נאָר גיכער אַ מענטשישע און, אָפטמאָל, אַן אומדאַנקבאַרע. דערפאַר איז דער קאַמף אין דער גאולה־קאָמעדיע נישט צווישן יאָסלען און חנינה׳ן, נאָר גיכער צווישן ארמילוסן און חנינה׳ן. יאָסעל דינט ווי אַ קייטעלע אויף וועלכע די שליסלען הייגגען. עס איז נישט נויטיק צו ווערן פאַרזענלעך, נאָר ארמילוס איז זיכער די טעגלעכע צייטונג,אָדער דער קאַטעגאָרישער אימפּע־ראַטיוו אין לייוויקס פאַל — „די פרייהייט” און חנינה. — לייוויק מיט אבסאָלוטע ווערטן און דאָ דער קאַמף און אידייען אויסבייט. דער אידייאישער צוזאַמענשטעל לייגט בלויז פון דעם, וואָס בשעת חנינה שטעלט אַנטקעגן אַן אבסאָלוטע אידייע און אַן אבסאָלוטע מאָראַל און אַ צוקונפטיקע וועלט, שטעלט ארמילוס אַנטקעגן אים זיין קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו. דער מאָטיוו איז געווען די הויפּט־טרייב קראַפט פון דער גאולה־קאָמעדיע. און אַזוי ווי לייוויק האָט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן זיין איך און גלייכצייטיק געקאָנט שמייכלען,איז דערפאַר דער סטיל פון שרייבן אַ קלאָרער און געלייטערטער. דער קלאָרסטער פון אַלע זיינע ווערק. פון אונדזער קאַמף מיט קעגנער שאַפן מיר רעטאָריק, פון אונדזער קאַמף אָבער מיט זיך אַליין, שאַפן מיר ליטע־ראַטור. לייוויק באַשטעטיקט דאָס מיט זיך אַליין. דאָ אין דער „גאולה־קאָמעדיע” שאַפט ער געלייטערטע ליטעראַטור. נאָר אין אונדזער פאַל ווערט עס קלאָרע זאַמד, אנשטאט רייכע, געדיכטע בלאָ־טע ווי דער גולם. קלאָרע, ווייסע זאַמד מיט אַ ים פון דער ווייטן. ער שטעלט אַוועק אַן אבסאָלוטע אידייע פון גערעכטיקייט און מיט דעם אבסאָלוט מעסט ער רעוואָלוציאָנערע גערעכטיקייט. אויב מ׳מעג, דאָס הייסט, דאָס געמיט ווערט ניט אויפגעריסן פון דעם, וואָס מענטשן

ווערן דער׳הרג׳עט ביים בויען הייזער, אַדערביים גראָבן קוילן, אָדער ביים רייניקן פענצטער אין הויכע געביידעס. פּאַרוואָס קאָן מען ניט דער׳הרג׳עט ווערן ווען מ׳דאַרף אויסגלייכן די וועלט? לייוויק ווערט פונדעסטוועגן ניט פאַרציטערט ווען די אַלע צופאַלן, די אומגליקן טרעפן, אָבער ער ווערט געוואַלדיק אַנטריסטעט פון אַ רעוואָלוציאָ־נערע הריגה. די אויפרעגונג איז ניט קיין רעזולטאַט פון לייוויקס אידעאָלאָגיע. (דעם גולמ׳ס ארבעט האָט אים נישט צעטרייסלט), נאָר איז גיכער אַ פּועל יוצא פון פּערזענלעכע באַליידיקונגען און רדיפות וואָס ער האָט געליטן מצד די „פרייהייט״־שרייבער, און פון די יידישע פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, סיי דאָ און סיי אָין ראַטן־פאַרבאַנד. כעס האָט אים געמאַכט פאַרלירן זיין גייסטיקן און אידייאישן באַלאַנס, און ער האָט דערפאַר פאַרבלאָנדזשעט אויף אבסטראַקטע פלאַכן. אויך האָבן, נאַטירלעך, געשפּילט אַ ראָליע די רייסערייען אין די אַלע קאָמוניסטישע און סאָציאַליסטישע גרופּירונ־גען. זיי האָבן אויך געשטויסן לייוויקן צו קלאַריפיצירן פאַר זיך אָן אבסטראַקטן פּרינציפּ פון גערעכטיקייט. די אַלגעמיינע ראַנגלענישן און סתירות אין דער וועלט צווישן צילן און מיטלען, אידייען און וועגן, האָבן לייוויקן געשיקט נישט נאָר צום גולם, נאָר צו זיין חלום. וואָלט לייוויק געווען אַ גוטער סטודענט פון געשיכטע, וואָלט ער גע־וואוסט, אַז אין אַלע צייטן האָט דער מיטלסטער וועג אין ערגעץ ניט געפירט. דער הומאַניסט עראַסמוס האָט גאָר ניט דערגרייכט, בעת דער רעוואָלוציאָנער לוטער האָט טיפע שפּורן אין דער געשיכטע איבערגעלאָזט. ארמילוס, דער פּראַגמאַטיסט, איז ניט לויטער שטיין, און חנינה איז ניט לויטער גייסט. ער איז צו שטאַרק פאַרליבט אין חנינה׳ן. דעם גולם לאָזט ער אויס׳חלומ׳ען יאָסלען אין איזאָלירטקייט אין ווייטיק און אין ראַנגלענישן, בעת ארמילוסן לאָזט ער נישט אויס׳חלומ׳ען דעם מאָרגן. ער מוז שטיין, בלייבן היינט. ניין, ביים איצט.

די גאולה־קאָמעדיע ווערט אגרויס ווערק, ווען מ׳פאַרלאָזט די בלויע, ווייטע הימלען פון באחרית הימים, און מ׳לאָזט זיך ארונטער אין די טיפע אָפּגרונטן פון אונדזער היינטיקער צורודערטער צייט. ווען אַלע קאַמפן צווישן פּאַרטייען און פּאַרטייאילעך קומען פאָר, נישט

צו מאָרגנס נאָך דער גאולה, נאָר היינט אויפן פּלאַך פון „ווען איך וואָלט געהאַט די מאַכט", וואָס וואָלט איך געטאָן. דאָ קומט בולט ארויס דאָס קאָמישע, ווייל דאָ ראַנגלעט זיך רויער ווילן מיט רוים און צייט. דער קאָמיזם אין דער גאולה איז גיכער אַ פּועל יוצא פון מאַכט־שיכות'ן, וואָס בייטן זיך זייער אָפט. דער נעכטיקער פאַר־מעסט צו האַקן קעפּ ווערט קאָמיש, ווען מ'שטייט אַליין אַ געשמיד־טער אין קייטן, דערוואַרטנדיק דאָס אומפאָרמיידלעכע, דאָס ארמי־לוסדיקע. לייוויק אַליין ווערט טראַגיש אַזוי ווי וואָלטער, ווען ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דער ערדציטערניש אין ליסאַבאָן. ווייל לײ־וויק ווייסט דאָך, אַז „אייביק שמידט דער שמיד" און מ'מוז זיך אונטערוואַרפן דעם געזעץ. אויב נישט, ווערט מען אָדער קאָמיש, אָדער טראַגיש. טראַגיש ווערט מען, ווען מ'איז אַזאַ רייכע עטיש קינסטלערישע פּערזענלעכקייט ווי לייוויק איז. אין אַ ליד האָט לייוויק געזונגען:

„זינג נאָכאַמאָל דיין אייביקן געזאַנג
אַ הינטער מיינע פענצטער, אָרעמאַן;
מיין גוף איז שוין ווי דיינער דין פון לאַנג,
און דינער נאָך מיין חלפדיקער שפּאַן.

די טיר פאַרהאַקט, אַן אויפבּרוך און אַ ריס,
און יעדער קומט אריין, און יעדער זעט
מיט נאַקעטע, ארונטערהענגנדיקע פיס,
אַזוי אָ, וויג איך זיך אויף פרעמדער בעט.

איך האָב דערפילט צום שפּאַנענדיקסטן מאָל,
אַז עפּעס וואונדערלעכס לעבט אין מיר;
ווייל אָט איך שריי און ס'הערט זיך ניט מיין קול,
און זון גייט אויף אויף אויפגעהאַקטער טיר.

איך גראָב זיך איין מיט הענט אין ערשטן שטראַל,
איך וויל ליכטיקער אויף אייביק זיין,
ווייל אָט איך טו אַ שפּאַן און טו אַ פאַל,
און גיב אַ שמייכל נאָך אַ ווייסערן פון שיין.

איך גלויב אין הייליקן, אין מיין באַרוף,
אַרומגיין איבער וועלט אַן אָרימאַן,
מיט רויטער באָרד און הויכן דאַרן־גוף,
און אַלץ באַשפּורן מיט מיין חלפ'דיקן שפּאַן".

לייוויקס טראַגעדיע באַשטייט אין דעם טאַקע, „ווייל אָט איך שריי און ס'הערט זיך ניט מיין קול, און זון גייט אויף אויף אויפגע־האַקטער טיר" אַן עטישע פּערזענלעכקייט אין אַן אומעטישער צייט. טראַגישער איז אויך דאָס, וואָס ער איז איבערגעוואַקסן זיינע גע־שטאַלטן. ער הערט אויף גלויבן, אַז מיט זיינע געשטאַלטן וועט ער בייטן די וועלט, ווייל זיין קול הערט זיך ניט. ווי זאָגט ריווקין: „משיח איז געשטאָרבן, אָבער לייוויק איז דאָך אַ לעבעדיקער, און זיין זעלבסט־זעאונג — זיין אייביקע אינספּיראַציע — איז דאָך לעבעדיק מיט אים. און סיי ווי סיי איז משיח דאָך געווען נישט מער ווי די אָפּגעשפּיגלטע אייגענע זעלבסטזעאונג זיינע, — וואָס עס האָט זיך געביטן ביי לייוויקן, איז אָנשטאָט צו צילעווען זיין זעלבסטזעאונג אין דער הויך, איבערן קאָפּ, צילעוועט ער זי אין דער נידער, צו דער ערד. ער זוכט די אָפּשפּיגלונג זיינע אין די זאַכן פון דער ווירקלעכקייט. ער וויל זיך פאַרזאַכלערן. ער וויל זיך פאַרווירקלעכן. ער וויל זיך קאָנ־קרעטיזירן", זיין פאַרלאַנג זיך אַראָפּצורעדן פון הארצן און נישט צו לייזן אַ פּראָבלעם, איז באמת די הויפּט טרייב קראַפט אין דער האַנד־לונג און אין די דיאַלאָגן פון „דער גולם חלומ"ט, און אַראָפּגערעדט פון הארצן האָט ער זיך אויף דעם אַמעריקאַנער אַרום. אויף דער אַמאָראַלישקייט אפילו נאָכ'ן קראַך פון 1929. אפילו ווען דער קריזיס האָט שוין געהאַט זיך איינגעגעסן אין די ביינער. איך בין נישט זיכער צי זיין מיטאַרבעטשאַפט אין דער „פרייהייט" האָט באַ־ווירקט זיינע לידער ווי ריווקין וויל האָבן. אָבער, אַז זיין אוועקגיין פון דער „פרייהייט" האָט אים אַנדערע ברילן געגעבן מיט וועלכע צו זען די אַרבעטער באַוועגונג, דעם קריזיס און מענטשלעכע קאַמפּן בכלל. דאָס איז זיכער. אַלע סימנים פון דער גאולה זענען דאָך שוין דאָ „מלחמות, הונגער, לעצטע אויסגעשרייען, לעצטע תפילות, לעצטע האָפענונג און בן־יוסף אין סכנה" און גאָרנישט. מען

הערט אפילו נישט ארמילוסן. וואָלט מען אים געהערט, וואָלט דאָך אויך אַמעריקע אַנדערש געוואָרן. זי וואָלט זיך געביטן פּשוט דער־פאַר, ווייל די צייט וואָלט זי געצוואונגען דערצו. זיי וואָלטן זיך געבויגן פאַר דער הייליקייט פון פאַקט. דאָך זען מיר, אַז פאַשיזם, און אַנטיסעמיטיזם האָבן זייער ווייניק אויפגעטרייסלט דאָס יידישע לעבן, ווייל די אַמאָראַלישקייט שטערט אונדז פאַרשטיין און אַנערקע־נען, אַז „דער נביא ארמילוס שפּאַסט קיינמאָל ניט. דער סדר פון פּאַסי־רונגען איז ניט צעריסן, און וועט אויך קיינמאָל ניט צעריסן ווערן. און ווער עס קאָן דעם סדר ניט באַוואונדערן, און קאָן ניט איינבויגן דעם קאָפּ — אַז ווי איז צו יענעם", מיר דאָ האָבן ווייניקער געבויגן דעם קאָפּ. נישט צוליב אַ העכערער אידייע, נאָר ווייל מיר לעבן נאָך אַלץ מיטן אימפּעט פון אַמאָל. און אין בעסטן פאַל קריגן מיר זיך אַרום וועגן ארמילוסעס אמת פּנים. וואָלטן מיר זיך באַטש געאייניקט וועגן ארמילוסעס פיזיאָנאָמיע, וואָלטן מיר חנינה'ן און יאָסעלען בעסער דערקאָנט. וואָלט אפילו די ליבשאַפט און די גוטסקייט אַליין געקומען. ווייל ברענגען מיט געוואלט קאָן מען זיי ניט. גרייטקייט, פאַרוועלכער ס'איז אויפגאַבע איז אַ מעטאַפיזישע זאַך. ווען די זאַך קומט איז מען גרייט. לייוויק וויל מיט זיין אידעאַליזם חנינה'ן אויף אונדז אַרויפצווינגען. הלואי וואָלטן מיר בן יוספן דערקאָנט און אונדזער לעבן פאַרמירט לויט זיין געשטאַלט. זיין אידעאַליזם, אפילו דבורה'ס מוטערלעכקייט איז אַ פּועל יוצא פון דער האַרטקייט פון גראַניט און שטיין אין אַמעריקע, עס איז אויך אַ רעזולטאַט פון דעם דערהאַלטונג אינסטינקט, וואָס לייקנט אָפּ אַלע געזעצן, אַ חוץ די מיטלען וואָס שטויסן איר צו פאַרווירקליכונג. עס מיינט אָבער בשום אופן ניט, אַז די גאַנצע קאָמעדיע איז אַ רעאַקציע קעגן מיליע און שטייגער לעבן. עס האָבן דאָ אויך געווירקט און סטימולירט אינערלעכע, לייוויקישע כוחות, וואָס קעמפן אַלעמאָל קעגן רשעות און ארמילוסישעס. עס האָבן אויך געווירקט די בילדער פון אַן אויסגעע'חלומ'ט לעבן, וואָס האָט זיך געצייטיקט ביי לייוויקן אין משך פון יאָרן, פון זיין איינזאַמקייט אין דער היים, ביז די ווינטיקע איזאָלירטקייט פון סיביר. דאָך האָבן שטאַרק געווירקט די האַרטע אַנטוויקלונגס געזעצן פונם אַמעריקאַנער אינדוסטריאַליזם, זיי האָבן

געשטויסן און הייליקייט געגעבן זיין חלום. זיין האָבן דעם קינסט־לערישן וואואל אָנגעטאָן אויף דבורה׳לען און איר צו דער אידייאי־שער חופה געפירט מיט יאָסלען און מיטן גולם און מיט חנינה׳ן. די גאולה־קאָמעדיע איז אַ ראַנגלעניש צווישן קאָסמישער גערעכטיקייט און לויטערקייט פונם יחיד. און לייוויק האָט זיך געריניקט דורך זיינע פיר העלדן—דבורה׳לע, יאָסעלע, משיח בן יוסף, און חנינה, פאַר אונדז האָט ער די געשטאַלטן אָדער אפשר געשטאַלט, ווייל אַלע פיר זענען בלויז פאַרשידענע פנים׳ער פון דערזעלבער משיח פע־וועלעכקייט, אין לעבן אריינגעוואָרפן, כדי זיך צו ראַנגלען מיט אַרמילוסן אין אונדז אויפן וועג צו דער נייער וועלט. דער לץ איז גערעכט. מיר וועלן דאַרפן פאַר אַלץ באַצאָלן, „פאַר רשעות און פאַר צדקות, פאַר שנאה און פאַר ליבשאַפט. איר צאָלט פאַר קנעכטשאַפט, וועט איר אויך באַצאָלן פאַר גאולה. אַז ווי צו אייך, ווען איר זיינט חיב, און נאָך מער ווי צו אייך ווען איר זיינט זכאי״. אויפן וועג צו דער נייער וועלט, וועלען מיר מוזן צאָלן אַלע וועקסלען פאַר שווייגן, און פאַר־נישט צייטיקער קיוטן ברעכעריי. מיר וועלן מוזן צאָלן פאַר זיך, לאָזן פאַרנאַרן פון עפּעמעראַלע דערגרייכונגען, און פאַר אונדזער אממאָראַלער פילאָזאָפיע, וואָס האָט אונדז אַ הכשר געגעבן אויף אונדזערע עוולות און אונגערעכטיקייטן. מיר וועלן זיך נישט קאָנען פאַרענטפערן, אַז ס׳איז פינצטער געווען, און מיר האָבן ניט געוואוסט, וואָס איז רעכט און וואָס איז אומרעכט. לייוויק האָט אונדז געוויזן, אַז פאַר יעדער זינד וועלן מיר דאַרפן באַצאָלן. אָבער מיר קאָנען זיך טרייסטן מיט יאָסעלעס מעשה׳לע „האָט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דאָס מעשה׳לע פון ליבשאַפט וואָס איז געוואָרן בלוט, דאָס מעשה׳לע פון בלוט, וואָס איז געוואָרן ווייך״, און אפשר דאָס מעשה׳לע פון וויין, וואָס איז געוואָרן וואַסער און וואַסער, וואָס איז געוואָרן שטיין, און שטיין, וואָס איז געוואָרן אַרמילוס, און אַרמילוס וואָס איז געוואָרן מענטש. ווייט איז דער חלום און ווייטער נאָך די אויסלייזונג. נאָענט דער קאַמף און נאָך נענטער די האָפנונג. לייוויק האָט אונדז אָנגע־רעגט און געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטן און אויך אפשר זיך צו מאַטערן מיט גאולה, פרעגן די פראַגע ווי אַזוי? און אין דער פראַגע — דער אָנהייב. דער אָנהייב פאַר יעדן יחיד און ממילא פאַרן כלל.

לייוויק האָט בלויז קלאָר ארויסגעבראַכט דעם קאַמף פון לילית און דבורה׳לע אין אונדז, און בן יוסף, און חנינה ארום אונדז. נישט מער. אין מיטלאַלטער האָט מען געגנוי געוואוסט, וואָס איז זינד און וואָס איז ליכט. אין דער היינטיקער צייט איז שווער אבסטראַהירן אין בילדער. ווען דער מענטש האָט קיין קערפּער נישט געהאַט איז די ליניע געווען קלאָר צווישן לילית — דאָס ווייב, און דבורה׳לע די מאַמע. היינט אָבער, ווען מענטשלעכע אַפּעטיטן זענען אויפגעוועקט געוואָרן, איז אָפּגעשניטן געוואָרן די גייסטיקע שנור, וואָס בינדט קינד צו מאַמע. מאַמעס און הייליקע פּאַרגיסן דאָך אויך בלוט ווען ס׳איז נויטיק. מיר דוכט, אַז לייוויק האָט זיך צופיל דערשראָקן פאַר בלוט. ער איז צופיל פאַרכאַפּט געוואָרן פון פערזענלעכן ווייטיק און פון טראַדיציאָנעלער מורא פאַר בלוט. ביי יידן מיינט נאָך אַלץ בלוט — עלילת דם פּאָגראָמען. עס מיינט דאָך אָבער אויך מילה, עס מיינט דאָך אויך בדמיך חיי. עס מיינט דאָך אויך והבערת הרע מקרבך. עס מיינט דאָך שלאָגן דעם שטיין, כדי מ׳זאָל קריגן וואַסער צום טרינקען. עס מיינט דאָך אויך, אַז קורח זאָל איינגעזונקען ווערן, כדי משה זאָל קאָנען אומגעשטערט לערנען תורה.

מיט אַלע פּראָבלעמאַטישע שטרויכלונגען און מיטלאַלטערלעכע סימבאָליזירונג פון אידייען, איז „די גאולה״קאָמעדיע״, דאָס געליי־טערטסטע ווערק פון לייוויקן. די העלדן זענען אויף דעבער געלעגן, אין קעלערס זיך געוואַלגערט. אין מדבר זיך געהאַדעוועט, האָבן זיי צייט געהאַט זיך לייטערן און ניי לשון קריגן, אָבער זיי ליידן פון צופיל לויטערקייט און ריינקייט, נזירים און איזאָלירטע נשמה־זיכער מוזן אַנטוויקלען אַ גייסטיקן סנאָביזם, וואָס איז אָפּטמאָל אַ באַליידיקונג פאַרן לעבעדיקן מענטשן. אַלע העלדן זענען צו גאַנץ, צו פּערפעקט, אַז זיי זאָלן אונדז באַאיינפלוסן, כאָטש חנינה איז געטריקנט געוואָרן אין אַזויפיל ווינט. איז אים פונדעסטוועגן שווער צו פאַרשטיין מענטשן, וואָס ווערן פון לופטן באַהויכט און פון רעגנס גענעצט און פון צרות פאַרביטערט. און זיי קאָנען דערפאַר נישט מיט אַמאָל ארויפשפּרינגען אויפן שפּיץ פון לייטער, און זיך אויסדרייען מיטן פּלייצע צו דער וועלט. זיי מוזן זינדיקן. אָבער עס איז גוט, אַז אין אונדזער „מענטשלעכער״ צייט זאָל איינער האָבן דעם מוט און כוח

אויפצוהענגען פאַר אונדז אַ חלום אויפן שפּיץ פון דער „עמפּייר סטייט געביידע" און מיר זאָלן געצוואונגען זיין רייסן אונדזערע נאַקנס אים צו דערזען. עס וועט אונדז העלפן, עס וועט אונדז לאַזן, ציען צו שאַפן אַזאַ וועלט. לייוויק האָט אונדזער געוויסן אויפגעהאַנגען אויפן שפּיץ טורעם, כדי מיר זאָלן זיך רייניקן, כדי צו דערגרייכן אַ שענערע און גאַנצערע אוטאָפּיע פון מענטשלעך לעבן, עס איז אונדזער חלום געוויקט אין בלוט פון דורות.

16

נאָך אַ דיכטער וואָס האָט דאָס קול פון אַמעריקע דערהערט און באַנומען, און איר ליד געזונגען גאַנץ און פול־ברוסטיק איז י. י. שוואַרץ. אויך ער ווי אונדזערע דיכטער און נאָוועליסטן, וואָס האָבן וועגן אַמעריקע געשריבן נישט ווי וועגן אַ משכון, נאָר ווי וועגן אַ קישן אויף וועלכן מ׳שפּאַרט אָן דעם מידן קאָפּ, כדי אינדערפרי אויפ־צושטיין אָן אָפּגעפרישטער און באַנייטער מיט אַ ווילן וועלטן אויפצו־בויען, איז געווען אַ פּראָדוקט פון דער אַמעריקאַנער סביבה און אירע סאָציאַלע, אינדוסטריעלע און פּסיכאָלאָגישע ענדערונגען. ער האָט לכתחילה, די שטימע פון אַמעריקאַנער ערד פאַרנומען. און פון דער ערד איז ער צו מענטשן געגאַנגען, און דערפאַר גיט ער זיך ווייניק אָפּ מיט מאָראַלישע, אָדער עטישע ווערטן. ער האָט דערהערט דאָס געזאַנג פון אַמעריקאַנישע פּריירים און ווייטע ווייטן, און איז פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דער שטימע פון דעם יונגן ריז. ער האָט אים דער־זען שטייענדיק מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און ווייטן בליק אין די אויגן זיך ראַנגלענדיק מיט אייגענער איבערפליסנדער ענערגיע. ער האָט אים ניט געזען אין די וואָל־סטריטער קאָנטורן, אָדער אין די פאַבריקן און קוילן־מינעס, האָט ער דערפאַר בלויז זיין געזאַנג, און ניט זיין געשריי דערהערט. ווי אַן אימיגראַנט, וואָס איז פון צרות אַנטלאָפן און געזוכט אַן עיר מקלט זיך צו ראַטעווען, איז ער איבער־ראַשט און פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ביבלישן „ארץ זבת חלב ודבש״. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער לעגענדע פון אוממעגלעכע מעגלעכקייטן. אין אים האָט דערוואַכט די אַלטע יידישע ליבע צו ערד, פרייהייט און רוים, האָט ער זיך ניט נאָר צע־זונגען, נאָר צעשאַלט וועגן אַמעריקע, אירע פעלקערשאַפטן, ראַסן און גליק. שפּעטער, ווען זיין ריז איז איינגעשרומפּן געוואָרן, אַ דאַנק דער געוואַונענער וועלט־מלחמה, האָט שוואַרץ זיין ריז נישט דער־קאָנט, איז ער אַוועק זוכן אַנדערע ריזן. ער האָט זיין בליק געהאַט צוגעוואוינט בלויז צו ריזן, איז ער דערפאַר אַוועק צום מיטלאַלטער, זיך

ווארימען אין די פייערם פון די יידישע ריזן, יהודה הלוי און איבן גבירל. זיין אנטווישונג אין דעם אמעריקאנער ריז, האָט ער אויס־געדריקט נישט אין פראָטעסט לידער, נישט אין רעוואָלט געזאנגען, נאָר אין אויסבייטן זיין קרעאטיוון טאַלאַנט פאר אן אָפּרו ביי די פיס פון די אנטוישטע און ווייטיקדיקע דיכטער פון מיטלאַלטער. זיין דיכטערישע שטימע איז דערשטיקט געוואָרן, און זיין זיכרון איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. ער האָט נישט געהאַט דעם כוח זיין אנטוישונג אין פּאָעטישער שאַפונג צו פארוואַנדלען. אין דער צייט נאָך דעם ציווילן קריג, וואָס איז אין אמעריקאנער געשיכטע די עפּאָכע פון אינדוסטריעלע און פינאַנציעלע אוואַנטיורעס, א צייט פון דער ערגסטער, ברוטאַלסטער עקספּלואַטאַציע, זינגט דאַן שווארץ, דאָס ליד פון דעם יידישן קליין בירגער און פון דעם העברעאישן יידישן מיטלקלאַס. אין יענער צייט, ווען באנען האָבן אָנגעהויבן דורכ־שניידן דאָס לאַנד פון דעם אַטלאַנטישן ביזן פּאַסיפישן ים, ווען אַלערליי טרעסטן פון קוילן, אויל, שטאָל, אייזן און לאַנד, האָבן ארויפגעלייגט זייערע לאַפּעס אויף נאַטור, מענטש און רעגירונג, און אַלעם ברוטאַליזירט, זינגט דאַן שווארץ מיט אזא ליבע און וואַרימ־קייט וועגן א כאַטקע, וואָס ווערט אין א הויז, און שפּעטער אין א פּאַלאַץ פארוואַנדלט. ער זינגט מיט באַדויער און צער וועגן „די יונגע איידעלע טעכטער, וואָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך דעם דופט פון ווייטע פּאַנסיאָנען און קאָנוועגטן, די ריחות פון פארגעלבטע פּאַלי־אַנטן און בלומען איינגעפּרעסטע אין אַלבאָמען", ער באַדויערט, וואָס דעם אָרט פון קיטס און בראונינג, עמערסאָן און קאַרלייל, האָט פארנומען דער אוואַנטיוריסטישער גייסט. ער באַדויערט דאָס פארשוואונדן פונם פּאַטריאַכאַלישן לעבנס שטייגער. ער באַדויערט דאָס אָנקומען פונם נייעם אינדוסטריאַליזם, אָבער נישט צוליב זיין אוממענטשלעכקייט און עקספּלואַטאַציע, נאָר ווייל עס פארשמירט און פארוויכערט די אידילישע לאַנדשאַפט. ער באַשרייבט און מאָלט די גרויסע אינדוסטריעלע ענדערונגען, די מעטאַמאָרפאָזע פון דאָרף און שטאָט מיט א געמישטער פרייד און טרויער. ער באַדויערט דאָס פארשווינדן פון צאַרטע פארנאַכטן מיט קלאַנגען פון מאַנדאָלינעס, און געלעכטער פון די נעגער, און גלייכצייטיק הערט זיך א טאָן פון

פרייד אין דער אַרבעט פון דעם יידן אַרום דער נייער בראַזגעדיקער מיל. ער פאַרפעלט צו הערן די הויפּט אָבליגאַטאָ, אָדער, בעסער געזאָגט, דעם געשריי פון דעם אינדוסטריעלן שקלאַף. ער פאַרפעלט צו דערהערן די שטימע פון פּאָפּעריזאַציע און פאַראָרימונג פון טויזנטער פויערים, וואָס האָבן זייער ערד פאַרלוירן, מאַסן נעגערס, וואָס זענען פריי געוואָרן נאָכן בירגער־קריג, אָבער זענען געוואָרן די ערגסטע אינדוסטריעלע שקלאַפן מיט די גרעסטע ערנידעריגונגען און באַליידיקונגען. באַרויבט פון די עלעמענטאַרסטע רעכט האָבן זיי ניט נאָר מאַנדולירט, נאָר אויך געקרעכצט. זיי זענען געמאָרדעט און פאַרקריפּלט געוואָרן פון די קו־קלוקס־קלען. שוואַרץ זעט דאָס ניט. ער זעט בלויז דעם איבערגאַנג פון פּאַטריאַכאַלישער אידיליע אין עפּיש געזאַנג פון גרויס שטאָט. ער באַמערקט בלויז, אַז „ווייסע ניגערס האָבן זיך געבויגן, געקרעכצט אונטער די שמעקעדיקע זעק״, זיין גלייכגילטיקייט צו די טיפערע ענדערונגען און אויפטרייסלונגען אין דעם אַמעריקאַנער אינדוסטריעלן לעבן, האָט זיך גענומען נישט פון זיין צוריקגעהאַלטנקייט און שעמעוודיקייט, אָדער פון זיין אויס־ערגעוויינטלעכער סענסיטיוויקייט צו די פיינערע געפילן. זיין שרעק פאַר דער דאַמאָלטיקער ציוויליזאַציע האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס ער האָט געפילט די פיינטלעכקייט פון דעם פאַרכאַפּערישן אינסטינקט צו די ווערטן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר הייליק. דערפאַר שרייבט ער מיט אַן עלעגישן טאָן וועגן די אונטערגייענדיקע, בלאַסע ווערטן פון די אַגראַריער. זיין שרייבן איז ניט אַ פּאָעטישע פאָרמע פון האַנדלען, נאָר אַ פאָרמע פון אַרויסלאָזן רויך, כדי צו פאַרטונקלען דאָס אַרומיקע און זיך פאַרוויגן אין אויפשטייג און אין וואָלט־וויט־מאַנישע טענער פון דעמאָקראַטיע און רחבות. ער איז נישט קיין אַנטיילנעמער, נאָר אַ צוקוקער. דערפאַר דער עפּישער טאָן און אָב־יעקטיווע באַטראַכטונג. שטעט האָבן זיך אַנטוויקלט, ריזיקע, מיאוסע געביידעס האָבן געשוואָנגערט מיט הונדערטער לוין־שקלאַפן. רויך האָט פאַרלייקנט די הימלען און סאָזשע האָט באַפאַרבט דאָס טעגלעכע, אָרימע ברויט. אַן אומאַנגענעמע סיטואַציע צו באַהאַנדלען. נישט אין איינקלאַנג מיט אַ רואיק לעבן, האָט שוואַרץ דערפאַר באַזונגען דעם קלאַנג פון וואַקסן, די פרייד פון שטייגן, דאָס געזאַנג פון יידישן

איינגעמען אַמעריקע. אַ פּאָעט מיט אָריגינעלער וויזיע און אויסדרוק האָט זיך דערשראָקן פאַר קאַמף און געראַנגעל, און זיך גענומען צו דער יידישער אידיליע פון וואַקסן און זיך איינבירגערן. זיין פּאָעזיע איז מוזיקאַליש, אָבער, אָפּטמאָל, נישט מער ווי דאָס. ער זעט די ענדערונגען אינם פּאַטריאַכאַלישן לעבן, ער זעט די נייע קלאַסן־פאַר־העלטנישן, אָבער עס פאַרכאַפּט אים ניט. ער ווערט היגנעריסן פונם געזאַנג פון די פעלדער און פּריירים, פונם ליד פון שפע און גליקזע־ליקייט. אָן אמת'ער קליינבירגער זינגט:

„דאַכט זיך ערגעץ וואו קלינגט נאָך אַ קייט,
און עס שמוצערט אַ בייטש אין דער לופט,
און אַ מענטש וואָיעט בייז ווי אַ הונט,
עמיץ שטשירעט די ציין אין זיין לייד,
אין זיין בליק בליצט פון שנאה דער רוף,
און מיט וואַרימען בלוט טריפט זיין וואונד,
נאָר עס שימערט אַ ליכטיקע זון
אויף די ביימער באַגאָסן מיט צווערט,
אויף דער ריינער און ליכטיקער גאַס,
אויף די פּנים'ער שוואַרץ ווי טשוגון,
און דער וואַרימער דרום־ווינט גלעט,
און דערטראָגט ניט קיין הויך פון דעם האַס".

דער דרום־ווינט צוזאַמען מיט דער יידישער רו, האָבן אין שוואַרצן פאַרשטאָפּט זיין קינסטלעריש אויער צו דעם וווייטיק און געשריי פון די קרבנות פון דעם אינדוסטריעלן אויפבלי און די טראַנספאָרמאַציע פון פּאַטריאַכאַלישקייט צו אינדוסטריעלער ברו־טאַליטעט, דאָך האָט י. י. שוואַרץ, בעסער ווי אַלע אַנדערע פּאָעטן, באַזונגען די סטאַטיק פון דער אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט און די רחבות און שפע פון אַמעריקע. סיי אין זיין „קענטאָקי" און אין די אַנדערע גרעסערע פּאָעמעס, האָט ער דעם שבת נאָכן קוגל פון אַמעריקע באַזונגען אָבער אירע מאַנטיקס פאַרזען. ער האָט די געשיכטע פון יידישן ישוב עפּיש פיקסירט, אָבער האָט ניט דעם קרעכץ דערהערט. ער האָט ניט דאָס דינאַמישע ליד פון מאַסן דער־

הערט. און ער וועט פאַרבלייבן אין אונדזער פּאָעזיע אַלס זינגער און אַדעאיסט, אָבער נישט קיין דיכטער און וועגווייזער. זיין וועלט איז געאָגראַפיש באַגרעניצט — דער דרום־טייל פון די פאַראייניקטע שטאַטן. כאָטש זיין וועלט איז קאָמפּאַקט און זעלבסטגענוגנד, איז עס פאָרט אַ וועלט פון אַ באַשטימט אָרט און אַ באַשטימטע צייט. אַ באַשטימטע לאַנדשאַפט באַגלייט זיינע העלדן און זייערע טראַנספאָרמאַציעס. זיין בוך „קענטאָקי" האָט גאַנצקייט, ער הייבט אָן מיט בענקשאַפט צו רו און ערד, און מיטן גאַנצן האַנדל־וואַנדל, און אַרויפאַרבעטן זיך קומט ער צוריק ביים דריטן דור צו דער ערד. אַ פּאַסטאַראַלע אידיליע, ביבליש, גאַנץ. אָפּגערונדעט. די מאַמע־ערד אַלס היילערן. זי רייניקט, שאַפט אָפּ אַלע אומגערעכטטיקייטן. די פּאָעמע איז גאַנץ, אָבער איר גאַנצקייט קומט פון אַרומצאַמען זיינע מענטשן, זייערע עמאָציעס און אויגן מיט אַ צוים, עס זאָל דאָרט גאָרנישט אַריין. קיין פרעמד צוגווינטל זאָל נישט שטערן די ליבטיקע אידיליע. קיין אידייע אָדער קאַמף, וואָס זאָל שטערן די האַרמאָניע. קיין טריט פון אַרבעטער, קיין שטימע פון פּראָטעסט, קיין קול פון קאָנפליקט רייסט נישט איבער דאָס אידילישע ליד פון דשזאָש, דזשייקאָב און די אַנדערע. דער איינציקער קאָנפליקט איז צווישן דעם אויפנאַם־צימער און דעם קעלער פאַר דעם רעכט פון די אַלטע ספרים און אַלטע בילדער. אַ שטילער קאַמף צווישן אַלטע בילדער און בלאַסע איינפלוסן. מען רייסט קיינמאָל נישט אויף קיין פענצטער, כדי צו זען, וואָס טוט זיך אינדרויסן. מען אַרבעט נישט. מען אַרבעט זיך בלויז אַרויף, כדי די קינדער זאָלן זיך מער אַרויפאַרבעטן, שאַפן אַ ירושה און אַ טראַדיציע. דאָס בילד איז גאַנץ אין זיין ענגן באַ'חנ'טן, לירישן ראַם. עס לאָזט דאָס גרויסע לעבן נישט צו, כדי נישט קאַליע צו מאַכן אַ פיינע מעשה פון דערפאָלג און דערגרייכונג. אַלע קאַמפן און דערגרייכונגען פון דזשאָשאָ און זיינע יורשים זענען עפּיש, אַביסל אַלעגאָריש איבערגעגעבן. דער ריטם אַ פרייער, אַ וויטמאַנישער. נאָר דאָס לעבן און פּראָבלעמען באַגרעניצט און הומאַניסטיש. קליינבירגערלעך. אַלע קאָנפליקטן, וואָס קומען פאָר אין דזשאָשאָס לעבן זענען הומאַניסטישע. דאָס אייביק מענטשלעכע, אינספּירירט פון ביבלישע געפילן, קאָנטראָלירט

די באַציאונגען צווישן דעם יידישן אימיגראַנט, און די קריסטלעכע תושבים. אברהם אבינו צווישן זיינע כנענ'ישע שכנים, אָדער אַ יידישער, מידער אוליסוס צווישן די איינעניקלעך פון יעזוסן. אָבער כאָטש „קענטאָקי" נעמט ניט אַרום די גרונטאָוונע כוחות און שטראָמען אינם אַמעריקאַנער לעבן, איז עס פונדעסטוועגן פּאַסטראַ־לער געזאַנג פון דער אַמעריקאַנער ערד. מען ווערט פאַרכאַפּט פון דעם ריטם און רואיקן עפּישן טאָן און מען פאַרגעסט אירע גרעניצן. מען וואַנדערט אין קענטאָקי אַזויווי עס וואָלט געווען אַ שיין אויס־געטראַכט לאַנד. עס וויגט איין ווי אַ פיינע אוואַנטורע. אין אונדזער פּאָעזיע, וואו דער לירישער קרעכץ פון די "יונגע", האָט אַלעמאָל געהאַט די העגעמאָניע, איז דערפאַר „קענטאָקי" געווען אַ וויכטיקער בייטראָג, און אַ צוזאָג פאַר דער צוקונפט. מען קאָן מיטן זעלבן ריטם און פּאַרנעם זינגען דאָס ליד נישט פונם קליין בירגער, נאָר פונם האָרעפּאַשניק. מען קאָן זינגען דעם עפּיק פון רויך, פּאַרע און מען קאָן מיטן זעלבן ריטם באַזינגען אַרבעט און די זיגרייכע טריט פונם אַרבעטער צו אַ באַפרייטער וועלט, אַ וועלט וואו ער אַליין איז בויער, שאַפער און מייסטער. עס איז טראַגיש, אַז אַ דיכטער מיט שוואַרצ'ס מאָלערישע און דערציילערישע פייאיקייטן, האָט געמוזט זוכן אַ היים ביים קליינבירגער, ווייל דער אַרבעטער האָט נאָכגע־שלעפּט אַ לאַנגן עק פון קליינבירגערלעכע אידעאַלן און אַמביציעס. עס איז געווען שווער אים געגוי פיקסירן און אָוועקשטעלן אין אַ באַשטימטער ראַם. עס איז געווען שווער אים אידענטיפיצירן מיט אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיע. ער האָט נישט לאַנג געוואוינט אויף איין אָרט. ער האָט געוואַנדערט פון איין גרופּע צו אַן אַנדערער, פון איין פּאַרטיי צו אַן אַנדערער. ער האָט געשטימט פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אַרויסגעוואָרפן שכנים פון זיין הויז, ווען זיי האָבן קיין דירה־געלט נישט געהאַט צו באַצאָלן. דער גרונט טאָן פון זיין לעבן איז געווען אַן אַמאָראַלישער. דערפאַר האָט אפשר שוואַרץ זיין ליד נישט געזונגען. עס איז מעגלעך אַזוי צו שפּעקולירן. כאָטש דער טאָן און טעמפּאָ פון שוואַרצ'ס שרייבן, זיינע סימפּאַטיעס און נייגונגען זענען קליינבירגערלעכע. ער פילט זיך היימיש אין דער וועלט, וואָס ער באַשרייבט און באַזינגט.

קליינבירגער מיט אַ הומאַניסטישן פּאַספּאָרט צו קומען צווישן לייט. מען זאָל קאָנען אויפהייבן דעם קאָפּ און באַרעכטיקן און הייליקן דאָס, וואָס מ׳האָט זיך אַרויפגעאַרבעט. און אָפּטמאָל נישט מיט קיין כשר׳ע מיטלען. זיין ליד האָט שוואַרץ געזונגען, ווען מען באַפרייט זיך פון דעם פּאַסטאַראַלן כישוף, פון דעם ריח פון ערד און פונם בלענד פון פּאַרגייענדיקע זונען, און פונם גלאַנץ פון אומגעצאַמטע כוחות בלייבן איבער ביבלישע קליינבירגער, מיט אַ בילעט פאַר אַ העכערער געזעלשאַפט.

17

אַן אמת טראַגישער קרבן פון אומשטענדן, פון פּאָעטישן כּוח דערשטיקט און פּאַרפּירט פון אומשטענדן איז מ. ל. האַלפּערן. נישט זייענדיק קיין גאַנצער ייִד, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט ייִדישער טראַ־דיציע, האָט ער נישט געקאָנט ווערן דער זינגער פון ייִדישע פּראָב־לעמען און ראַנגלענישן. האָבנדיק אַ רעבעלירנדן טעמפּעראַמענט, האָט ער זיך נישט געקאָנט אידענטיפיצירן מיטן זאַטן אַמאָראַלישן קליינבירגער, אָדער מיטן קלעטערנדיקן אַרבעטער צו דער באַקוועמער קליינבירגערלעכער פּאָזיציע, האָט ער דעריבער זיך געריסן און צעטרענצלט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט. פון איין זייט איז זיין רע־וואָלוציאָנערער כּוח סובלימירט געוואָרן אין הפקר'דיקע פרייע באַ־העמיש פּאָעטישע לידער, פון דער אַנדערער זייט איז עס סובלימירט געוואָרן אין גאַליקע סאַטירישע לידער אויף אַלץ און אַלעמען. דריטנס, האָט זיך זיין ניט צוגעפּאַסטקייט אויסגעדריקט אין פאַנטאַס־טישע אויסטערלישע פאַנטאַזיעס ביים ברעג ים, נאָכדעם ווי ער איז פון דער וועלט אַנטלאָפן, ער האָט געהאַט אַלע מעגלעכקייטן צו ווערן דער זינגער פונם נייעם מענטשן אין אַ ניי לאַנד. ער האָט געהאַט אַן עמאָציאָנעלן צוגאַנג צו דער וועלט, מיט אַ טאַלאַנט צו פאַר־קערפּערן די עמאָציעס אין פּאָעטישע בילדער און סימבאָלן. ער האָט אויך געהאַט ליידנשאַפטן און אַ בילד פון אַ גוט און גערעכט לעבן, פאַר וועלכן ער איז גרייט געווען צו קעמפן מיט זיין פּאָעטישן לעבן. אָבער ער האָט זיך געראַנגלעט צו האַרמאָנירן זיין נאַטור מיט די אומ־שטענדן און איז דורכגעפאַלן פערזענלעך און קינסטלעריש. מיט אַ פּאָעטישער נאַטור און אַ סאָציאַלער אידייע, אָבער אַן אינטעלעקטו־עלער פירערשאַפט האָט ער געמוזט דורכפאַלן. אין אונדזער היינטיק לעבן איז אינסטינקט, עמאָציע און אינטואיציע נישט גענוג. מען מוז האָבן אַן אינטעלעקטועלן כּוח, וואָס זאָל די אַלע נאַטירלעכע כּוחות קאָנטראָלירן און פירן. אויב נישט, בלייבט פּראָטעסט, אומ־צופרידנקייט געמישט מיט האָפנונגסלאָזיקייט, מיט סקעפּטיציזם און

סאַטירע. האַלפּערן האָט טאַקע פלאַמען אין זיינע לידער, ער האָט פייער, אָבער ס'איז מדבר־פייער. ציללאָז און צוועקלאָז. ער האָט שטאַרקע פּראָטעסט לידער, אָבער עס איז גיכער פּראָטעסט קעגן אַן אייגן נישט איינגעגעבן לעבן ווי אַ פּראָטעסט קעגן סביבה. ער האָט די אַמאָראַלישע סביבה און די עקספּלואַטאַציע געזען, אָבער אנשטאַט דאָס צו פאַרבינדן מיט אַ באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן צושטאַנד און אַ באַשטימטן עקאָנאָמישן צושטאַנד, האָט ער דאָס אבסטראַהירט און פּראָטעסטירט, גלאַט אַזוי. ער האָט נאָכגעפאָלגט די טראַדיציע פון באָוושאָווער און עדעלשטאַט. פּראָטעסט און גאַל קעגן דער מענטשהייט, נאָר ער האָט מיט אַ בעסערן אינסטרומענט געאַרבעט. ער האָט אויך מער זיין אייגן לעבן געזונגען, דערפאַר איז ער רייכער און פילפאַרבי־קער פון זיי. זיין טראַגעדיע און אפשר אונדזער טראַגעדיע איז, וואָס ער האָט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט צעטרענצלט אויף קליינגעלט. ער האָט אָפּטמאָל מיט זיין פּאָעטישן כוח אַטאַקירט פליגן, אָדער ער האָט זיך געשפּילט מיט אים און פון אים חוזק געמאַכט. ער האָט אויפגעבויט אַ ריזיקע מאַשין און שפּעטער מיט איר ניסלעך געקנאַקט.

„אָ, העלף מיר גאָט,
אַז עקלען זאָל פון מיינע רייד,
ווי פון אַ טויטער קאַץ אין מיסט,
און וואו איך שטעל אַ פוס אַוועק,
זאָל יענער אָרט פאַרבלייבן וויסט,
אָ, העלף מיר, העלף מיר גאָט.

אָ, העלף מיר, גאָט,
אַז ווי אַ וויסטער הורען טאַנץ
זאָל אין די אויגן וואַרפן זיך
מיין חוצפּה אויך, און יעדער מאַן,
וואָס האָט אַ ווייב זאָל שילטן מיך,
אָ, העלף מיר, העלף מיר, גאָט.

אָ, העלף מיר, גאָט,
אַז איך אַליין זאָל זיין דער סערפּ,

און איך אַליין זאָל זיין דער שטיין,
און שפּייען זאָל איך אויף דער וועלט,
אויף דיר און אויך אויף זיך אַליין,
אָ, העלף מיר, העלף מיר, גאָט."

האַלפּערנ'ס בונטאַרישקייט און שטאַרקייט, זיין קאָמבינאַציע פון אַטאַוויזם און פאָלק-ליטעראַטור וואָלט געקאָנט ווערן אַ שטאַרקער כוח צו מייסטערן אונדזער לעבן, זינגען מיט גאָל אונדזער איצט און באַזינגען מיט פרייד די נייע שפּראָצונגען. אָבער האַלפּערן האָט פאַרטראָטן די בונטאַרישע אינדיווידואַליסטישע טענדענצן קעגן סאָציאַלער רעגימענטאַציע. ער איז טראַגיש, ווייל ער הענגט צווישן הימל און ערד. אַמאָל ווערט ער פאַרבלענדט פון דער זון, מיינט ער, אַז מענטשן מאַכן אים קאַליע דעם הימל, פּראָטעסטירט ער. אַמאָל ווערט ער מיד פון פּראָטעסטן באַזינגט ער און באַזיפצט די ערד. ער איז דער אמת דעקלאַסירטער פּאָעטישער מנחם מענדל, וואָס פילט מיט אמת, טיפע, טראַדיציאָנעלע וואָרצלען. זיי שלעפּן זיך אים נאָך און ווייזן זיינע מעגלעכקייטן און זיין אומפּיאַיקייט זיי אַריינצולאָזן אין באַשטימטער ערד. ער איז דעקלאַסירט און דעטעריטאַריאַליזירט.

„איך ווייס, אַז נאָך גרויס איז די וועלט,
און רייך נאָך אין וואַלד און אין פעלד,
נאָר איך קען ניט פועל'ן ביי זיך,
צו נעמען אויף די אַקסל די שיך.
אויך דאָ בלייבן קען איך ניט מער,
ווייל דאָ בלייבן איז מיר צו שווער,
נו, לעב איך און וואַרט אויף אַ נס.
און לעבעדיק בין איך אַ מת,
וואָס וואַגלט פאַרלוירן און שטום
אין עולם התוהו אַרום."

זיין גייסטיקע און פּאָעטישע דעקלאַסירטקייט האָט אים געמאַכט שפּייען אויף אַלץ און אַלעמען. ער אַטאַקירט מיט שנאה און קאַריקאַטור חכמה, אינטעליגענץ און דעם אַרבעטער קאַמף. ער אַטאַקירט אורבאַנישקייט און אידענטיפיצירט זיך מיט אַ בוים, אָדער

פלאַנץ, וואָס הארמאָנירן לחלוטין ניט מיט זיין נאַטור. האָס און אומרו זענען זיינע די צוויי הויפּט כוחות אין זיין פּאָעטישן באַגאַזש. קאָנען זיי ווערן זייער ווירקזאַמע שעפערישע כוחות, ווען זיי ווערן געשטעלט אין דינסט פון אַן אידייע, אָדער באַוועגונג. אָבער זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין הילצערנע ל״ג־בעומר ביקסלעך, ווען זיי באַדינען און באַזינגען דעם אייגענעם אומרו, די אייגענע קליינבירגלעכע אומצופרידנקייט און אַנטוישונג. די אומצופרידנקייט ניט ווערנדיק גענערט פון טיפער אינטעליגענץ און קלאָרקייט, ווערט פאַרוואַנדלט אין גראָטעסק און שקאָצישקייט און אָפטמאָל אין זיסע סענטימענטאַליטעט. אין „די נאַכט" איז ער גראָטעסק און אין „פאַן יאַבלאָווסקי" צעגאָסן סענטימענטאַל. זיין אמת ליד איז:

„האָט משה־לייב זיך אַנידערגעשטעלט
אינמיטן דער נאַכט צו דערטראַכטן די וועלט,
הערט ער צום אייגענעם טראַכטן זיך איין,
שעפּטשעט אים עמיץ אין אויער אַריין,
אַז אַלצדינג איז גלייך, און אַלצדינג איז קרום,
און ס'דרייט זיך די וועלט אַרום אַלצדינג אַרום.
צופּט משה־לייב מיט די נעגל אַ שטרוי,
און שמייכלט.
פאַרוואָס?
גלאַט אַזוי.

צופּט ער אַזוי זיך די שטרוי אין דער נאַכט,
טוט זיך אים נאָכאַמאָל עפּעס אַ טראַכט,
טראַכט זיך אים — הערט ער זיך נאָכאַמאָל איין,
שעפּטשעט אים עמיץ אין אויער אַריין,
אַז גאָרנישט איז גלייך און אַז גאָרנישט איז קרום,
און ס'דרייט זיך די וועלט אַרום גאָרנישט אַרום,
צופּט משה־לייב מיט די נעגל די שטרוי
און שמייכלט,
פאַרוואָס?
גלייך אַזוי."

אָט דער ניהיליזם, וואָס איז אַ פּערזענלעכער און גלייכצייטיק אַ סאָציאַלער, האָט אונטערגעגראָבן האַלפּערנ׳ס פּאָעטישע וויזיע, און זיין פאַנטאַזיע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַנטאַסטיק, און זיין סאָציאַלע אחריות איז מגולגל געוואָרן אין אַ פּראָטעסט קעגן דער וועלט. קעגן אַלץ. זייענדיק אומצופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט, האָט ער אנשטאָט איר איבערמאַכן, איר אויסגעלאַכט און אַן אייגענע ביזאַרע, גראָטעסקע וועלט באַשאַפן. אַ וועלט פון עקזאָטישע ברואים מיט נאָך מער אויסטערלישע פּאָזיציעס און מעשים. נישט קאָנענדיק זיך אָריענטירן אין די סאָציאַלע כוחות פון דער וועלט, און האָבנדיק איינגעזאַפּט קליינבירגערלעכן רעוואָלט קעגן דעם גרויס־קאַפּיטאַליזם, האָט ער אויסגעמישט אין איין קאַשע אַלע גלויבנס און אַלע קאַמפן. אַלץ איינגעהילט אין אַ מאַסקע פון מיסטיציזם. אַ פאַנטאַסמאַגאָריע פון אומלאָגישע זינלאָזע בילדער אין וועלכע זיין רעזיגנאַציע און הילפלאָזיקייט וועפּט זיך אויס. פון זיין אומצופרידנקייט ווערט אַ זינלאָזער שפּיי, און עס האָט אַ פאַרקערטע ווירקונג. איר קערט זיך אָפּ פון דעם מיט אַ צוק פון די אַקסלען. דאָרט, וואו ביי האַלפּערן איז דאָ פּאָעטיש עטישער ווילן, ווערט ער פאַרדעקט פון זיין פאַר־קרימט פּנים, וואָס איז אַ געמיש פון געלעכטער און געוויין. די ניט באַשטימטקייט מאַכט אים פאַר אַ טראַגישן דיכטער. ער איז אַלעמאָל צווישן הימל און ערד, צווישן גוט און שלעכט, צווישן שיין און מיאוס, צווישן קאַמף און רעזיגנאַציע, צווישן בילד און פאַנטאַסטיק, צווישן רחמנות און ביטערער גאַל, ער זינגט דעם צווישן. און דער צווישן איז אַ געזעצלאָזער, ציט זיך אַרויף און אַראָפּ, ראַנגלעט זיך צווישן צאַרטקייט און פאַראַכטונג, צווישן ליבע און האַס. מענטשן פאַרלירן דאָרט זייער צלם אלוקים. ווערן איינגעשרומפּן, אָדער אויסגעצויגן. פון דעם לאַנד „צווישן״, קוקן אַלע מענטשלעכע ווערטן אויס אַנדערש, קרום שפּיגלדיק. אין האַלפּערן האָט געוואוינט אַן אַריס־טאָקראַט, אַ ניטשעאַנער אָן אַ פילאָזאָפיע, אָן אַ ספר. אָן גייסטיקער דיסציפּלין. דערפאַר האָט ער אומעטום דעם קראָכמאַל אַרויסגע־נומען פון לעבן. צי דאָס איז געווען דער קראָכמאַל פון די תכריכים פון אַ שוועסטער, אָדער פון אַ קינדס העמדל. אין זיין „גאָלדענע פּאָווע״ זענען דאָ אָן אַ שיעור לידער, וואָס ווייזן זיין האַס צו אַלץ

און אַלעמען, וואָס זענען אַ פּועל יוצא פון קוקן אויף דער וועלט, קאַסאָקע און אָט די באַשריבענע וועלט באַליידיקט ער און פאַראַכט.

„לעמאַנעשעם חנה מיכל — דאָס האַרץ
פאַרגעס ניט מיט זיך צו נעמען,
דאָס אומגליק אויף יענער זייט איז גרויס,
און אָן אַ האַרץ וועט גאַרנישט קלעמען,
חנה מיכל".

ער גריבלט זיך זעלטן אין מענטשלעכע מאָטיוון, אָדער אין מאָטיוון בכלל. אַ קרום פּנים פון אַ קאַליקע, אַ פאַרקרימט פּנים פון אַ מאַמע בשעת זי וויינט, אַ פאַרקרימט פּנים פון ברוטאַליטעט ביי פּרעה'ס אַן אויפזועער רופן ביי אים אַרויס דעמזעלבן חוזק. ווייל ער ווערט געטריבן נישט פון פּראָטעסט קעגן אומגערעכטן און לויב־געזאַנג פאַרן שיינעם און ליכטיקן, נאָר פון לאַנגווייל.

„און טראַכט איך פון דיר אַ גאָלדענע גאָלדינע,
אָדער איך רעד צו דיר ווי אַצינד,
פאַרשרייב איך דאָס נאָכדעם אויך פאַר לאַנגווייל
אויף מיין גאָלדן פּאַפּיר מיט מיין רויטער טינט".

פון לאַנגווייל לאַכט ער אויך אויס מענטשן, וואָס מאַרשירן פאַר אַ באַוועגונג. פון לאַנגווייל לאַכט ער אויך אויס מענטשן, וואָס גייען צו פאַרזאַמלונגען, באַלאַנגען צו באַוועגונגען, פּאַרטייען און זענען בכלל פאַראינטערעסירט אין איבערמאַכן אָדער רעפאָרמירן די וועלט. האַלפּערן איז אין תוך אַ מיטלאַלטערלעכער טרובאַדור, וואָס קריטיקירט, לאַכט אָפּ, מאַכט חוזק, שפּריצט מיט גאַל, כדי צו אַמוזירן דעם קעניג אָדער זיין פּריץ. ער שפּילט זיך מיט די ליידן פון אַרבעטער, מיט די האָפענונגען פון מאַסן, מיט זיין אייגענע אויס־געוואָרצלטקייט. ווען אַ וויטיק צערייסט אים, מאַכט ער אַ זייפן־בלאָז און שפּילט זיך מיט אים. ער פילט אים אָפּטמאָל אָן מיט בלוט אָדער טרערן, און שפּילט זיך מיט דערזעלבער נאַכלעסיקייט, אָדער וויטיק (ס'איז שווער צו באַשטימען), ער פאַרגעסט אין דער שפּיל מיטן זייפן־בלאָז, מיט וואָס ער איז אָנגעפילט, זיין אחריות איז פיל

מער געווען צום זייפן־בלאָז, אַז ער זאָל נישט פּלאַצן ווי אויפּרייסן די וועלט אַרום זיך מיטן מאַטעריאַל. ער איז ניט געווען פּאַראינ־טערעסירט אין דיכטערישער אחריות. ער איז געווען אַן אויסגע־וואַרצלטער און דעקלאַסירטער. פון אייראָפּע איז ער אַוועק און אין אַמעריקע איז ער ניט אָנגעקומען. אין זיינע לידער רייסט זיך זעלטן אַריין אַ שאָטן פון אַמעריקאַנער איינפלוס. אויך זעלטן אַ שאָטן פון היימישער וואַרימקייט. ער האָט זיך געשעמט מיט געפילן וואָס האָבן געוויזן, אַז ער געהערט ערגעץ וואו. אין תוך געהערט ער אפשר צו דער מאַני לייב משפחה, נאָר יענע האָבן געפייפט, און ער האָט מיט גלעקער געקלונגען, — פאַרן ווינט. מען וועט זיך אַמאָל דאַרפן דער־גרינטעווען צו האַלפּערנ׳ס טראַגישן דורכפאַל. עס קאָן זיין, אַז עס זענען אויך פאַראַן ריין ביאָגראַפישע עלעמענטן. פאַר מיר איז דער סאָציאַלער עלעמענט דער דאָמינירנדער און דעצעדירנדער אין זיין פּאָעטישער און אידייאישער היימלאָזיקייט. ער איז אַ מעלאַנכאָ־לישער באַרג שפּיץ אין אונדזער פּאָעזיע. ער האָט געאַרבעט מיט אַן אילוזיע, אַז דער גראַוויטאַציאָנס געזעץ איז נישט חל אויף אַלעמען גלייך. ער איז אונטערוואָרפן אַנדערע געזעצן־פּאָעטישע. איינ־זאַם און מעלאַנכאָליש. און טראַגיש זיין גורל אין אונדזער ריכטונג.

וויפיל די קריטיק האָט נישט געפּרואווט אַרומוואַשן האַלפּערן, אים אָפּצוואַגן, אים טובל זיין אין מעסיאַנישע וואַסערן, בלייבט ער אַלץ דער גראַנדיעסטער דורכפאַל אין אונדזער פּאָעזיע. אויב ער האָט געהאַט מאָמענטן פון העל זעעריי ווי ב. ריווקין וויל האָבן, זענען זיי געווען ווייניק און פּרוכטלאָז. עס קאָן זיין, אַז מיט דער הילף פון ריווקים אַ מעדיום, וואָלט ער די בערג שפּיצן דערזען, און פאַרגאַפט געוואָרן און געשאַפן מיט ליבע, איבערצייגונג און גלויבן. אָבער ער האָט אין קיין מידיומס ניט געגלויבט, וואָלטן זיי אים במילא ניט באַווירקט. מיט מעסיאַניזם האָט ער זיך אַביסל געשפּילט אין „די נאַכט" פּונקט ווי ער האָט זיך מיט ליריק געשפּילט, מיט סאַטירע גע׳חנ׳דלט, אָבער אַלץ נישט פון אַ טיפן אינערלעכן טרייב כוח נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט לייוויקן געוואָלט ווייזן, אַז ער קאָן וויי־נען און מאַני לייב׳ן, אַז ער קאָן קרעכצן. ער האָט פאַרראַטן די פּאָעזיע צוליב בראַוואַדאָ און אַ פייף אויף דער וועלט. זרחי אין זיין בעסטער

פּאַרטרעטער. ער גייט צו צו דער וועלט מיט א גענייץ און מיט א וואוויליונגעריש פייף. וויפיל די קריטיק זאָל אין אים נישט וועלן אריינטייטשן מצוות און מעשים טובים, סטאַרטשעט אַלץ אַרויס פון זיין פּאָעזיע לייכטזין און חוזק. מעג מען חוזק'ן ווען דאָס דאַרף צו עפּעס פירן. אָבער ביי האַלפּערן פירט עס צו גאָרנישט. ער שלוכצט אָן טרערן. ער זיפצט אָן וויטיק. איך מיין נישט, אז ער האָט נישט געליטן, נאָר אז ער האָט זיינע ליידן קיין אינהאַלט נישט גע־געבן. מיט אזא מאַטעריאַל און אזא באַציאונג, בויט מען נישט קיין בריק פון מאָסקווע קיין ירושלים. מען ווערט נישט קיין נביא. מיט אזא באַציאונג רויכערט מען א ליולקע, און מען קוקט אין רויך אריין און מען קוקט, און מען זעט אויסטערלישקייטן. האַלפּערן האָט נישט געהאַט דעם עטישן כוח זיך אַרויסצורייסן פון דעם אמאָראַלישן הינערפּלעט אין וועלכן ער האָט געלעבט, ער איז, אפשר, געווען דער בעסטער שפּיגל פון אונדזער אמעריקאַנער לעבן. און וואָלט ליטעראַטור געווען בלויז א שפּיגל, וואָלט האַלפּערן געדאַרפט קריגן דעם העכסטן פּרייז און די בעסטע אויסצייכנונג. ער האָט נאָכגעזאָגט געטעס ווערטל: „ניכטס איזט פאַרבאָטן, אַלעס איזט ערלאובט", און דערפון זיין אמאָראַלישקייט, זיין ניט איינגעבירגערט־קייט און דורכפאַל. דערפאַר שטייט ער אינגאַנצן אין דער זייט פון אונדזער דיכטערישן שטראָם.

## 18

די עטלעכע שרייבער, וואָס אויף זיי האָב איך זיך לענגער אָפּ־געשטעלט, זענען די בערג שפּיצן פון אונדזער ליטעראַטור אין אַמע־ריקע. אַפּאַטאָשו האָט געגעבן דער ליטעראַטור — שפּראַך, סטיל און שוואונג. ער האָט אונדזער ליטעראַרישע ערד באַזעצט מיט די פיינסטע פלאַנצן און גלייכצייטיק פאַרגרעסערט איר שטח. ער האָט גאַנצע קהילות און גאַנצע עפּאָכעס פאַר אונדז געמאָלן. אין „די פּוילישע וועלדער" האָט ער אונדז אַן עפּאָכע געגעבן. פון דאָרט האָט ער גענומען נישט דאָס סענסאַציאָנעלע, אָדער מעלאָדראַמאַטישע נאָר דאָס אייגנאַרטיקע און אייביקע. מען האָט אַליין געמוזט האָבן עפּעס אין זיך פונם קאָצקער רבי און פון ר' איטשע מקובל, כדי זיי צו דערזען און זיי נאָכגיין אויף זייערע פאַרדרייטע און משופּע'־דיקע וועגן. אין „די טענצערן" האָט ער פאַקטיש אַ גאַנצע שטאָט געגעבן. אַרום 60 מענטשן דרייען זיך אַרום אין דער שטאָט ניו־יאָרק און זוכן זיך איינצובירגערן. זייערע וועגן קרייצן זיך, קומען זיך צוזאַמען, לויפן אַוועק אויף זייטיקע אַלייען און ווערן ניט. אַ גאַלעריע פון אַלערליי טיפּן און מענטשן גייען אונדז פאַרביי. הענד־לער, פּעדלערס, באַלמעלאָכות, אַלרייטניקעס, אַרבעטער, גאָט־זוכער, שפּינאָזעס, פאַרבלאָנדזשעטע נשמות, באַליידיקטע און באַשפּיגענע, אומרואיקע נאַטורן, וואָס ראַנגלען זיך אין די לאַבירינטישע נעצן פון דער שטאָט ניו־יאָרק. מענטשן מיט אידייען, וואָס געפינען פאַר זיך קיין אָרט ניט צווישן די ריזיקע געביידעס און קאַרליקישע פילאָזאָפיעס פון אונדזער מעטראָפּאָלים. ראַנגלענישן פון ליבע און געשלעכט, בענקשאַפט צום שטעטל און דורכפאַל אין ניו־יאָרק. אַ פּאַנאָראַמע פון בילדער, פון האָפנונגען און חורבות. און פון אַלץ שיינט אַרויס אָפּטמאָל אָביעקטיווע באָאָבאַכטונגען, און אַן אַנדערש מאָל האַרציק טיפע ליבע צו די פאַרבלאָנדזשעטע און פאַרלוירענע. אין די קורצע דערציילונגען גיט אונדז אַפּאַטאָשו סקיצירטע בילדער פון אַרבעטער קאַמף, קלאַסן קאַמף, אַדאַפּטיר פּראָבלעמען, סצענעס

פון ראַסן און פעלקער שפּיל אין דעם אינטערנאַציאָנאַל פון ניו־יאָרק. מיט א דורכדרינגלעך אויג קוקט ער אריין אין יעטוועדן ווינקעלע פון אונדזער ניו־יאָרקער לעבן און גיט אונדז דאָס סאַמע וויכטיקסטע, דאָס כאַראַקטעריסטישע. אַפּאַטאָשו האָט פּאַרייניקט און האַרמאָנידט אין זיינע ווערק דאָס טראַדיציאָנעלע מיט דעם שעפערישן. ער האָט א סטיל געגעבן דער יידישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט געשאַפן אין אַמעריקע. האָט א וועג געוויזן. ער איז געגאַנגען צו די טיפערע קוואַלן פון יידישן לעבן און געזוכט די האַרמאָניע צווישן בלוט, אינסטינקט און אידייע. ער האָט געזוכט און געגעבן דעם סינטעז צווישן שפּראַך און אידייע, מענטש און סביבה. ער האָט א שפּראַך געגעבן אונדזער ליטעראַטור אין אַמעריקע. דאָס, וואָס מענדעלי האָט געטאָן פאַר אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד, האָט אַפּאַטאָשו געטאָן פאַר אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור אין אַמעריקע. ער האָט איר אַן אידיאָם און א סאָציאַלע קאַנווע געגעבן. ער האָט זיינע העלדן שפּראַך און טאָן געגעבן. זיין ליבע צו ריטם און שפּראַך האָט אים אויף די וועגן פון רעגנסבורג און איטאַליע געפירט, און זייענדיק דאָרט, האָט ער די קינסטלערישע גלאָקן דערהערט, און זיך געמוזט דאָרט אָפּשטעלן און מאָלן דאָס לעבן. און מאָלנדיק, דערזען די המשכ׳דיקייט און אינהאַלטלעכקייט פונם יידישן לעבן אין פאַרשידענע עפּאָכעס, ערטער און צייטן. ער האָט אַזויערנאָך געשאַפן א ליטעראַרישן ריטואַל און טראַדיציע, וואָס זענען נויטיק צו טראַנספאָרמירן מיינונגען און אידייען אין קונסט ווערק. דער כוח פון באַשטימטע סענסיביליטעטן פון טראַדיציע און סאָציאַלע כוחות האָבן געגעבן סטרוקטור און פאָרמע אַפּאַטאָשוס שאַפונגען. ער האָט א טראַדיציע און א נוסח געשאַפן. ער האָט באַלאַנסירט שפּראַך און אידייע, אינהאַלט און פאָרמע. סאָציאַלער קאַמף און טראַדיציאָנעלע אידייען. אין דעם באַשטייט אייגנטלעך דער הויפּט אויפטו פון דעם נאָוועליסט. באַשאַפן א נייעם סטיל, ספּעציעל ווען דער מאַטעריאַל איז ניט קיין אויטאָביאָגראַפישער, נאָר אַן אָביעקטיוויזירטער אין לפנים אינגאַנצן אָביעקטיוויזירטע שאַפונגען. ס׳איז שווער אַרויפצולייגן א פינגער אויף אַן אויטאָביאָגראַפישן אינצידענט. א פאַרבינדונג מיט דער

געזעלשאַפטלעכער סצענע איז אַלעמאָל געווען אַ צו טיפער טייל פון אים. אַזוי, אַז מען געפינט ווייניק אין זיינע ווערק פּ קסירטע אבערגלויבנס אָדער מנהגים, אָדער נאַציאָנאַלע פאַראורטיילן, ווי מען געפינט עס אָפטמאָל אין די ווערק פון שלום אַש, מען געפינט אפילו נישט ביי אים קיין היראַרכיע פון סאָציאַלע ווערטן. אפילו די מאַטעריעלע כאַראַקטעריסטיקס פון זיין סביבה, זענען נישט סאָליד, אָדער סובסטאַנציעל, געגוג צו פאַרנעמען אַ וויכטיק פּלאַץ אין זיין געשריבן. ער האָט געזען די פיזישע גרעניצן און צייכנס פון אַ געזעלשאַפט, וואָס בייט זיך צו שנעל. דערפאַר זענען די געביידעס, צימערן און מעבל, וואָס רינגלען אַרום זיינע כאַראַקטערס פון קליינער וויכטיקייט. מען געדענקט זיי גיכער ביי דער ליכט, אָדער קאָליר, וואָס אָפּאַטאָשו וואַרפט אויף זיי ווי אין זייער סובסטאַנץ. דער עמאָציאָנעלער צושטאַנד פון די כאַראַקטערס באַשטימט גיכער ווי ווערט באַווירקט פון די אויסערלעכע אָביעקטן. אפילו די פיזישע סימנים, וואָס אָפּאַטאָשו האָט ליב צו באַשרייבן, זענען גיכער אַ פּועל יוצא פון עמאָציאָנעלע צושטאַנדן, ווי פאַרלאַנג צו פאַרבן. אָפּאַטאָשוס קונסט איז גיכער אַ סאָציאַלע און דינאַמישע ווי אַ היסטאָרישע. ער איז נישט פאַראינטערעסירט אין פיקסירן היסטאָרישע דאָגמעס. ער איז דערפאַר דער טאָן־געבער אין אַ נייער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור. מיט מענדעלים מעטאָד פון פעסטקייט און עפּישקייט, דינט ער אַנדערע צוועקן. ער האָט דעם חן און שטאַרקייט פון דראַמאַטישן קאַמף. זיין סאָציאַלער באַוואוסטזין האָט אים געמאַכט אויסמיידן פּאַרטיקולאַרע מאָראַלישע סיסטעמען און ער אידענטיפיצירט זיינע כאַראַקטערס אַלעמאָל מיט דינאַמישע אידייען. און דערפאַר איז זיין שפּראַך אַלעמאָל אַ באַנייטע און אַ שעפערישע. ער האָט אַריינגעוואָרפן אין לעבן כאַראַקטערס און אידייען, וואָס זענען ניט געווען אָפּגעשלאָסענע און פאַרמאַכטע. ער האָט געלאָזט טירן אָפן פאַר אָנקומענדיקע שרייבער צו באַרייכערן און דעטאַליזירן מענטשן און סיטואַציעס. אויף זיין קאַנווע האָבן זיך געקאָנט נערן און פּרובירן פּערן נאָוועליסטן. אָפּאַטאָשו האָט די שטיינער און ציגל געמאַכט און די געביידע פון דער יידיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור געבויט. ער האָט גענומען אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז געווען אַ פּיאָנערן ציוויליזאַציע,

אַן עמבריאָנישע, און האָט איר פאָרמע געגעבן. ער האָט גענומען אַ סביבה, וואָס איז געווען ברוטאַל, פיבעריש, אינסענסיטיוו און מאַטעריעל; אַ סביבה, וואָס האָט געמאַכט נישט נאָר די פענדאַמענטאַלע מעכאַניקס פון לעבן שווער און כמעט אוממעגלעך פאַרן קינסטלער, נאָר עס האָט ניט געגעבן קיין סאָציאַלע סצענע דעם קינסטלער, וואָס זאָל ווערט זיין באַהאַנדלט צו ווערן. עס האָט ניט געהאַט קיין פאַרשידנאַרטיקייט, קיין טיפקייט, קיין קאָליר, קיין קאָמפּלעקסיטעט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די, וואָס האָבן געפּרואווט באַשרייבן דאָס לעבן, האָבן פלאַכע ווינקלעך פאָטאָגראַפירט. אָפּאַטאָשו האָט מיט כוח, טאַלאַנט און ערודיציע אַריינגעוואָרפן אָרדנונג און אידייע, און האָט אַ לעבן באַשאַפן, אַ ליטעראַטור און אַ ליטעראַרישע טראַדיציע באַשאַפן. נישט קיין ליטעראַרישן צענטער, אָדער סלופּ, וואו אַ נייער אדרעס איז פאַרצייכנט געוואָרן, נאָר אַ יידיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור געשאַפן. אַנדערע האָבן פאַרזוכן געמאַכט, אָבער קיין כוח ניט געהאַט. זיי זענען דערדריקט געוואָרן פון דער ברוטאַלער סביבה. חיימאָוויטש האָט געפּרואווט און געגעבן עטלעכע ביכער, ער האָט זיך אפילו געפּרואווט ראַטעווען מיט געשיכטלעכע דערציילונגען, אָבער ער האָט קיין וואָרצלען ניט געלאָזן. ער האָט אפילו שפּעטער זיך געפּרואווט אַריינרייסן אין לעבן מיט אַ לינק שטעקעלע, אָבער ער איז דערדריקט געוואָרן פונם ברוטאַלן לעבן אַרום. ער איז באַזייטיקט געוואָרן צוליב דער אָפּטמאָל ווידערהאָלטער סיבה. אין אַמעריקע האָט מען געדאַרפט האָבן אַן אַ שיעור קינסטלערישן כוח, טיפן גלויבן אין דער אייגענער מיסיע. מען האָט געדאַרפט זיין ענג פאַרבונדן מיטן יידיש־היסטאָרישן אימפּעראַטיוו, כדי ביייצושטיין אַלע אויסערלעכע שטערונגען, חיימאָוויטש האָט בלויז טאַלאַנט געהאַט, און דערצו אַ גאַנץ קליינעם. ער האָט אים געוואָרעמט מיט אַ זיידן קינסטלעריש העמדל פון די פראַנצויזישע סימבאָליסטן און סאַמעטענע הויזן פון די רוסישע רעאַליסטן. ווען די ערשטע סאָציאַלע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן האָט ער זיך צוגעקילט. אַ אידישע קאַפּאָטע האָט ער מורא געהאַט, אָדער זיך געשעמט אָנצוטאָן. נישט עלעגאַנט גענוג. ער האָט אַלץ געפּראַנטעוועט מיט זיין ציניש פראַנצויזיש מיצקעלע. האָט ער זיך גוט פאַרקילט און אָנגעהויבן הוסטן.

איז הייזעריק געוואָרן, און אפילו זיין „מאַן פון נצרת״ האָט אים נישט געקאָנט העלפן. זיין פאַרזוך פאַר רעהאַביליטאַציע אויף די פרישע בערג פון לינקיזם האָט אים ווינציק געגעבן. ווייל אַזעלכע חולאים ווי ער האָבן אַ היים געדאַרפט. און פאַר דעם האָט ער זיך געשראָקן. ער איז בלויז אויפן שוועל געשטאַנען און אויפגעכאַפּט אַלע ווינטן. און זיך נאָך ערגער פאַרקילט. ער איז געבליבן אַ קליין ריטשקעלע ביי דער זייט. אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער יידישער ליטעראַטור איז זיין וואָרט נישט געפלאָסן. אין אַ גרויסן, רייכן גאָרטן וואַלט ער בלעטער און צווייגן ארומגעשוירן און בייטן באַפּוצט. אין אונדזער ווילדן גאָרטן אין אַמעריקע האָט מען מער ווי דאָס געדאַרפט טאָן. ליגט ער טאַקע אויפן וועג ווי אַ זיכרון פון אַ נאָמען וואָס האָט געוואָלט, געפּרואווט, אַ פּאָר שנעלע טריט געמאַכט און איז געבליבן שטיין. ווירקונגען סטיליסטישע האָבן מעגלעך די זיידענע העמדלעך זיינע איבערגעלאָזט, נאָר ס׳איז אַ צו שווערער און אפשר אַ נוצלאָזער ענין עס צו זוכן. עס איז מעגלעך, אַז ער האָט אויך געליטן פון דער קונסט פאַר קונסט חולאות. ער האָט מאַנראָ סטריט אַ זון געוואָלט געבן, ווען זי האָט ברויט מיט זייף געדאַרפט. אין אַ צייט, ווען גלאָקן האָבן געקלונגען, אַנאָנסירנדיק אַ וועלט־שרפה, האָט ער זיך מיט די טראַלדן פון זיין שלאָף־ראָק געשפּילט. אַ פיינער זשעסט אין אַ נאָרמאַלער צייט, אין אַ נאָרמאַלער ליטעראַטור, אָבער ביי אונדז, ווען ליטעראַטור האָט געדאַרפט דאָס אָרט פון רעליגיע און ריטואַל פאַרנעמען, איז דאָס געווען אַ פאַרזען און אפשר לייכטזין.

5. שאַפּירע איז געקומען דירעקט פון בית־המדרש מיט פּרוכת און ארון־קודש איינפלוסן. געבראַכט מיט זיך עקזאָטישן מאַטעריאַל, אַביסל גראָטעסקן. צוביסענע פּיס, צלמים אויף די שטערנס, ווייסע חלה און אַנדערע שרעקלעכע זשאַבע־שקאָטלען. געקומען מיט אַ רעפּוטאַציע פון אַ נאַציאָנאַלן בעל תפילה מיט אַן אונטערגעבעטער פילאָזאָפיע מצד דער קריטיק. געקומען אהער און גלייך קראַנק געוואָרן און אָנגעהויבן אַזוי מיסטעריעז זיפצן. דאָ ביי אונדז, וואו פּשוט׳ער כוח האָט דאָמינירט דאָס לעבן, איז געווען שווער זיך אַריינצוריסן מיט פּסיכאָלאָגיע זיפצן, מען האָט געדאַרפט באַצווינגען

דאָס לעבן. זען נישט מיט קיין קאָסאָקע פּסיכאָלאָגיש אייגל, נאָר מיט בלוט און מוסקל.ביידע, סיי בלוט און סיי מוסקל, זענען אויסגעטריקנט און אויסגעדאַרט געווען ביי שאַפּירען. בלויז מיטן קלוגינקן קעפּל האָט ער געפּרוואווט פאַרשטיין, און מיטן נאָז געדרייט און געצויגן אויף אונדזער לעבן און קעמפן. דערפאַר איז זיין „ניו־יאָרקיש” טשיקאַווע. אָט, אָט, און ס׳וואָלט עפּעס געקאָנט ווערן דערפון. ער סימולירט קאַמפן, קאָנפליקטן, ער סימולירט אפילו איבערלעבונגען און אינערלעכע ראַנגלענישן. קיין לעבן, אָדער מענטשן ווערן אַזויערנאַך נישט געשאַפן. אים האָט געשטערט זען אַמעריקע זיין דבקות און שאָקלען זיך, זיין „לאַמעד־וואָווישע” באַציאונג צו דער וועלט. ער קוקט אויף דער וועלט נישט ווי אַ מענטש מיט אַפּעטיטן, נאָר ווי אַן אסקעט. אַ קליין קדוש׳ל, וואָס טונקט זיין פּעדער אין די בלאָטיקע וואַסערן פון די גאַנגעס. קומט זי אַרויס הייליק און שמוציק. טיף און בלאָטיק. דווקא זיין „אינערלעכע הייליקייט” און אונטערן אויוון איזאָלירטקייט, פירט אים צו עקזאַטישן סעקסואַליזם, אויסטערלישע ליבעס־פאַרהעלטענישן, טשיקאַווע געשעענישן. דעם געוויינלעכסטן מאַטעריאַל שטעכט ער דורך פריער מיט שפּילקעס, איידער ער דערזעט אים און לעבט אים קינסטלעריש דורך. אפילו זיין לינקיזם האָט מער דראָטן ווי אָדערן מיט בלוט. ער איז אין עצם אַ מיטלאַלטערלעכער מאָנאַך מיט אַ האַנט, אפשר אויך אַן אויגל פאַר טיר הענטלעך, הענגערס און פאַטער־שטולן. אין דער יידיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור האָט ער בלויז אַ פוילן געניץ אַריינגעוואָרפן. עס קאָן זיין, אַז אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער וואָלט געקאָנט דורך ל. שאַפּיראָ׳ס מעטאָרמאַפאָרזעס פון „צלם” ביזן „אווטאָמאַט” דערגרונטעווען אַלערליי פאַרקריפּלענישן אין אונדזער לעבן. אָבער איך בין פאַראינטערעסירט אינם הויפּט־שטראָם פון אונדזער לעבן און שאַפן. די הויפּט־כוואַליעס גייען מיך אָן. בלעזלעך מעגן זיין שיין פאַרן אויג, אָדער קאָנען כעמיש דערקלערן דעם תוך פונם מאַטעריאַל, אָבער דאָס איז לאַבאָראַטאָריע אַרבעט. אין אַ לאַבאָראַטאָריע וואָלט ל. שאַפּיראָ פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט. מיקראָסקאָפּיש איז ער מעגלעך אַ וויכטיקער שרייבער, אָבער פאַרן אויפבויען אַן אַמעריקאַנער ליטעראַטור האָט ער גאָרניט געטאָן. ער

האָט אפשר אימעצן איינגערוימט אַ סוד וועגן אונדזער לעבן, מיט זייער געציקלטע וואָקאַלן. קיין לשון, אָדער בילד איז דערפון ניט געוואָרן. קיין אינסטרומענט אין אונדזער ליטעראַרישן אָרקעסטער איז ער ניט געוואָרן. אפשר אַ פינגער־קלאַפּער, אַן אַפּלאָדירער מיט פינגער און אַ קאָפּ־שאָקלער, „סוואָלט געקאָנט בעסער זיין", ווען איך וואָלט די אַרבל פאַרקאַשערט, נאָר ס'איז נישט כדאי. קיין סטיל, אָדער כאַראַקטער געבן אַזעלכע שפּילער נישט קיין ליטעראַטור. דער־פאַר, ווען מען טראַכט וועגן דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור אונדזערע, רייסט איר אַרויף דעם קאָפּ צו דער אויבערשטער פּאָליצע און זאָגט „אָ, יע, דאָרט ליגט ל. שאַפּירא. ער האָט אַמאָל עפּעס געטאָן". אָבער?

יונה ראָזנפעלד איז אַ שרייבער, וואָס באַרייכערט אַ ליטעראַטור מיט גענוג געבונדענע ביכער. אין תוך אָבער, באַרייכערט ער נישט די ליטעראַטור. ס'איז אייגנטלעך קיין אומגליק ניט. ווען ס'ליגן „די פּוילישע וועלדער", „דער פערד־גנב", „די טענצערן", מעגן אויך ליגן נאָך בענדער, כדי זיי צו געבן שטאָלץ און אימפּעט, עס מעגן ליגן אַנדערע ביכער, גלאַט אַזוי ביכער. יונה ראָזנפעלד איז געשטראָפט געוואָרן דערמיט, וואָס אין אַ צייט, ווען די לאַבאָראַטאָריע האָט אָפּגעלייקנט די פּסיכאָלאָגיע, יעדנפאַלס די ליטעראַרישע פּסיכאָ־לאָגיע. ווען פּסיכאָלאָגיזירן איז געוואָרן אַ מין קוקן אויף דער לבנה. ווען אמת'ע פּסיכאָלאָגיע איז געוואָרן פאַרבונדן מיט פיזיאָ־לאָגיע און אַנאַטאָמיע האָט זיך י. ראָזנפעלד ניט וויסנדיק געמאַכט, און נישט אויפגעהערט שפּינען זיינע שוידערלעכע טראַגעדיעס, אויפ־טרייסלנדיקע איבערקערענישן צוליב קרומע פינגער. די וועלט האָט זיך געראַנגלט מיט אַלערליי קאַמפן פאַר קוילן און ברויט, איז ער זיך געזעסן און רואיק אויסגעפלאָכטן זיינע פאַרפּלאָנטערטע רעטענישן. האָט ער זי ליב אָדער ער פּרעטענדירט בלויז. אין אַ צייט, ווען וועלט און מענטש, אַמעריקע און אייראָפּע האָבן זייער אלף־בית געביטן, האָט ער זיך מיט די נקודות געצאַצקעט און הנאה געהאַט, וואָס דער חיריק אָדער מלופּם איז לענגער אָדער ברייטער געוואָרן. פאַר אים איז דער מענטש די אייביקע מיסטעריע, און ער — דער אייביקער אונטערזו־כער אָדער דאָלמעטשער. איר מענטשן, פאַרפּלאָנטערט זיך אין

אַלערליי נעצן און וועבן, און איך, אייביקער שערלאָק האָלמס, וועל איך ווייזן וואו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן און וואו דער קנופּ וועט לויז ווערן. נישט מער, ס׳גייט אונדז מער ניט אָן. מיר ווייסן דעם פּלאָנטער און אונדז אַרט ניט די לייזונג. מיר האָבן אַנדערע, טיפערע און וויכטיקערע פּלאָנטערס. עס זענען זיך צונויפגעקומען, — ראַסן, פעלקער, קלאַסן, און זיי קעמפן פאַר אָרט און הערשאַפט. דאָס איז וויכטיקער ווי דער אייביקער קאַמף צווישן דער „ער און דער זי". די וועלט ראַנגלעט זיך צווישן פאַשיזם און קאָמוניזם, צווישן שקלאַפעריי און פרייהייט און דער קאַמף איז נישט קיין פראַגע וועגן דעם אַרטיקל „דער " צי „די". אַ ליטעראַטור דאַרף אפשר אַזעלכע שרייבער. קיין געוויכט אָדער אַ פּאַספּאָרט געבן זיי איר ניט. עס האָבן אויך אַנדערע שרייבער געגעבן דאָ און דאָרט אַ גוטע דערציילונג. אַ פּסיכאָלאָגישע פאַרטיפונג, אַנאַליזירט אַ סיטואַציע. אָבער דאָס איז בלויז געווען רעטאַך אָדער כריין פאַר אונדזער ליטעראַרישן מאָלצייט. די אמת׳ע מאכלים, און דעם טיש און די כלים האָט געגעבן אָפּאַטאָשו. ער האָט געשאַפן העלדן, וואָס זוכן עטישע שלמות. און זיינע מענטשן זענען גאַנצע, ווייל זיי קומען פון אַן אַלטער קולטוררייכער סביבה. אים איז אויך געלינגען קינסטלעריש פאַרייניקן סאָציאַלע סביבה מיט אינדיווידועלע שטרעבונגען. פון דער האַרמאָניע איז געשאַפן געוואָרן אַן אייגנאַרטיקער סטיל — אַ מין לירישער רעאַליזם. אַ קאָמבינאַציע פון בלוט און געדאַנק. די צענטראַלע אידייע איז ביי אים אַלעמאָל סאָציאַלע כוחות, וואָס פאָרמירען דעם מענטש. ר׳ מענדל קאַצקער, דער פערד־גנב, ר׳ איטשע מקובל, שבתי, ר׳ אברהמ׳ל, די טענצערן׳ זענען העלדן וועמעס נשמות ווערן געהאַמערט אין אַ דעפיניטיווער, אייגנאַרטיקער סביבה מיט באַשטימטע אידייען, די סביבה העלפט גיכער אונטערשטרייכן זייער אינדיווידואַליטעט און באַרייכערט זייער אינערלעך לעבן און זייער אויסדרוק. זיינע הויפּט־העלדן האָבן אַן אינווייניקסטע לויטערקייט און געלייטערטקייט, וואָס איז אַ פּועל יוצא פון אַ האַרמאָנישן צוזאַמענשפּיל פון אינערלעכע און אויסערלעכע כוחות. זיינע העלדן גייען נישט אויף פשרות מיט דער סביבה, און בייגן זיך נישט פאַר מאָמענטאַלער נויטווענדיקייט. זיי פאַרקערפּערן טיפערע כוחות. אַ דאַנק דער

טיפקייט און די געוואָרצלטקייט פון די העלדן זיינע, איז אָפּאָטאָשוס סטיל אזא הארמאָנישער, טיפער און ערדישער. ער וואָרצלט אין אַלט יידיש, און אַלט העברעאיש און אין אַלע אַנדערע דויערענדע איינפלוסן אין אונדזער שפּראַכן־אוצר און שפּראַך ירושה. אָפּאָטאָ־שון איז געלונגען צו טאָן פאַר אונדזער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, וואָס, געוויינטלעך, ווערט עס געטאָן פון א גרויסער צאָל שרייבער. ער האָט אונדז העלדן געגעבן, אידייען געשמידט א שפּראַך און ליטעראַרישע שול געשאַפן. ער האָט דאָס לעבן נישט פאָטאָגראַ־פירט, אָדער זיך געצאַצקעט מיט א שראַם אָדער א בראָדעווקע. ער האָט אַלעמאָל געזוכט די פירנדיקע דערשיינונג, אָדער אידייע אין א באַשטימטער צייט און אין א באַשטימטער סביבה. ער האָט אַלעמאָל געזוכט און געגעבן דאָס וועזנטלעכע, סיי אינם פּוילישן שטעטל, סיי אין קאָצק, אָדער פּאַריז, אָדער ניו־יאָרק האָט ער גע־געבן דאָס וועזנטלעכע און ממילא דאָס ווירקנדיקע, פון די טיפענישן פון לעבן האָט ער זיינע קינסטלערישע בנינים געבויט, ער האָט פאַרייניקט דאָס טראַדיציאָנעלע מיטן דינאַמישן. די גרויס פון דער ווירקונג איז אָפּהענגיק אין אונדז אַליין, אויף וויפיל מיר שאַצן בכלל אָפּ קינסטלערישע ווערטן און ווערן פון זיי גערעגט. ווען אונדזער לעבן וועט איבערגעבויט ווערן, וועט אָפּאָטאָשו האָבן גע־האָלפן דורך דעם, וואָס ער האָט אַריינגעוואָרפן אין לעבן העלדן, וואָס האָבן באַקעמפט דאָס וואולגאַרע, דאָס אומגערעכטע און דאָס מיאוסע און געהאָלפן שאַפן פאַר אונדז קינסטלערישע טורעמס, וואָס מיר וועלן אַמאָל אין שלעסער איבערבויען. זיינע העלדן און בילדער זענען אַריין אין אונדזער באַוואוסטזיין, פּונקט ווי מענדעלים אַלעגאָ־ריע האָט דורכגעאַקערט דאָס יידישע לעבן און דאַן האָבן זיך אויף די בייטן באַזעצט, כדי זיי אַרומצופּוצן אַלערליי קלענערע טאַלאַנטן. אַזוי האָט אויך אָפּאָטאָשו אַן ערשטער דאָ און מייסטער דורכגעעק־בערט דאָס יידיש־אַמעריקאַנער לעבן און אַרום אים דרייען זיך שוין קלענערע, וואָס העלפן ריין האַלטן דאָס פעלד, און עס באַרייכערן. אָפּאָ־טאָשו האָט געגעבן שעפערישע פאַנטאַזיע, געמאָלן סביבה. געגעבן ברייטע געזעלשאַפטלעכע קאַנוועס. ער האָט אויך איינציקע טיפע פּסיכאָלאָגישע העלדן געמאָלן און הערלעכע ראַמען פאַר זיינע בילדער

געמאַכט. די נאָכקומענדע, וואָס האָבן זיין מעטאָדע גענומען, האָבן באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור.

## 19

דאָס, וואָס אָפּאַטאָשו האָט געטאָן אינם ראָמאַן, האָט לייוויק געטאָן אין ליד און אין דער דראַמע. ער האָט געזען אַמאָל מאָרים ראָזענפעלדס שטעקן. דאַן איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער שטעקן איז אַ שלעכטער און ניט פּאַסיקער פּאָעטישער אינסטרומענט, מען מוז צו דער וועלט מיט עפּעס אַנדערש קומען. מען מוז איר אַקצעפּטירן, איר טוליען און וואַרימען און ערשט דאַן איר שטראָפן מיט בילדער און אימאַזשן. לייוויק, וואָס האָט אין דער אמת'ן אַליין אַ שטעקן געטראָגן צוליב זיין טיפער עטישקייט, האָט אַ גאַנץ לעבן זיך געריייניקט, כדי צו ברענגען רחמים צו דער וועלט. זיין גאַנץ פּאָעטיש שאַפן איז געווען אַ מין זעלבסט ריייניקונג, כדי זיך און דורכדעם די וועלט באַפרייען פונם שטעקן. אָבער זיין טבילה איז געווען אין איינקלאַנג און אין האַרמאָניע מיט דער וועלטס ראַנגלען זיך און איר שטרעבן צו אַ ריין גליקלעך לעבן. מיט זיין ריייניקן זיך האָט ער די וועלט געשטראָפט. מיט זיין ריייניקן זיך, האָט ער זיין פּאָעטישע מיסיע דערפילט. ער האָט עמאָציאָנעל באַפאַרבט אַלע דערשיינונגען און סאָציאַלע כוחות. ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם יחיד אַלס קרבן און לייטער און פירער פון דעם לעבנס-פּאַרפּלאָנטערטע וועגן. אַ גוטער פּאָעט איז מער ווי אַן איבערזעצער פון טענדענצן, וואָס שוועבן אַרום אין דער לופט. זיין ווידערווילן און אָפּאָזיציע צו אַן אָפּגעלעבטן, אָדער נישט גערעכטן געדאַנקען-שטראָם דאַרף קינסטלעריש אויסגעדריקט ווערן. ער דאַרף זען די אַנטיטעזע און זען דורך איר. נישט מאַכנדיק פון איר קיין פּאָזיטיווע באַהויפּטונגען. אין אַנדערע ווערטער, אַזוי ווייט ווי דער דיכטער גייט אָן מיט נעגאַציעס איז זיין דיאַלעקט אַ פּערזענלעכער. דערקאָנפליקט פון היפּיכים, קאָן זיך אויסאַרבעטן אין זיין אינטעלעקט און אין זיין סענסיביליטעט, איידער ער געפינט אויסדרוק אין זיין דיכטונג. נאָך די אַלע ראַנגלענישן מיט זיך, ווערן די קאָנפליקטן געלייטערט

און געפינען אויסדרוק און ריכטונג. אין לייוויקס פּאָעזיע קאָן מען דערקאָנען סימנים פון פריערדיקע ראַנגלענישן. עס זענען דאָ אויף זיי בלוט־פלעקן און שאָטנס פון זיפצן און קרעכצן. געלייטערטע ראַנגלענישן מיט זיך. וואָלט ער בלויז דאָס לעבן באַשריבן, אָדער זיך באַהאַלטן און ליריש געקרעכצט ווי די אַנדערע לירישע דיכטער פון זיין צייט, וואָלט ער געמוזט ראַזנפעלדס שטעקן באַנוצן. האָט אים, אָבער, זיין פּאָעטישער און זיין עטישער חוש געשטופּט צו זוכן אַ בעסערע מעטאָדע ווי אַזוי זיך און דאָס לעבן איבערצושאַפן און אַזויערנאָך באַשאַפן די פיינסטע און גרעסטע פּאָעזיע ביי יידן, אַ קאָמבינאַציע פון שיינקייט מיט אַ לעבנס ציל, מיט אַן אידעאַל פון אַ גערעכט לעבן מיט איר אינדיווידואַליזם, איר יאָגן זיך צו פּער־זענלעכן ערפאָלג, פאַר יעדן פּרייז האָט לייוויקן געשטויסן צו פאַר־טיפן אַלערליי פּראָבלעמען, מיט וועלכע ער האָט זיך געראַנגלעט. וואָס קאָמפּליצירטער די פּראָבלעמען זענען געוואָרן, אַלץ מער די ראַנגלענישן און אַלץ לויטערער דער פּאָעטישער אימאַזש, דאָס דיכ־טערישע בילד. פון זיינע סיבירער לידער ביז דער גאולה־קאָמעדיע ציט זיך אַ גלייכער וועג פון ראַנגלענישן, כדי צו געפינען פּאָעטישע שלימות. דער גאַנצער וועג ווערט באַגלייט פון אַן אַבליגאַטאָ פון געזעלשאַפטלעכער אחריות. עס קומט נישט פאַר קיין איבעררייסן. די מלחמה, וואָס האָט צעטרייסלט אַזויפיל פּאָעטישע געמיטער, האָט אַזויפיל דיכטער געשיקט בלאָנדזשען אויף די קריגס־חורבות, האָט לייוויקן וויניק באַרירט, ווייל ער האָט זיך אַלעמאָל געראַנגלט מיט איינגעפונדעוועטע ווערטן. זי האָט בלויז זיין אחריות־געפיל מער אונטערגעהייצט. ווייל די בעסטיאַלישע אינסטינקטן אין דער סביבה האָבן זיך מער צעהיצט, האָט ער געדאַרפט זיך מער ראַנגלען מיט זיך נישט צו שווייגן מיט אַ שטעקן און זוכן רחמים. ער האָט פונם טייוול, פונם טויט נישט געדאַרפט אַנטלויפן, אָדער אים דערקאָנען און זיך אונטערגעבן. ער האָט אייביק מיט אים געקעמפט. דאָס איז זיין זון און זין געווען. די מלחמה האָט ביי אים קיין נייע ספּיקות נישט געשאַפן. ער האָט זיי אַלעמאָל געהאַט. לעבנדיק אין אַמעריקע מיט אַ סיבירער פאַרגאַנגענהייט, האָט ער נישט געדאַרפט קיין נייע באַווייזן פאַר ביליקייט פון מענטשלעך לעבן. סיבירער נאַ־

גייקעם און אַמעריקאַנער אינדוסטריאַליזם האָבן זיך זייער ווייניק געצאַצקעט מיט מענטשלעך לעבן. ער האָט נאָך פריער געזען דעם מענטשן געשענדעט און באַליידיקט. ער האָט נאָך פריער געזען דאָס עכט־מענטשלעכע געטראָטן מיט די פיס פון ברוטאַליטעט, און פון דעם אַמעריקאַנער גאָט־פראָפיט. די מלחמה האָט בלויז זיין פּאָעטישן חלום מער און בעסער אָנגעשאַרפט.

„ס'איז דאָ אַזאַ געזאַנג, וואָס איך זינג אָן ווערטער
מיט פאַרמאַכטן מויל צוגעפאַלן צו דער ערד,
צו זיין אַ פאַרשטאַנענער, צו זיין אַ דערהערטער,
איז מיר ניט אַלעמאָל באַשערט.

און אַז איך הער דיין קול; אַ ווי פיינלעך, אוםופיק —
נעם איך אויף זיך פאַר אַלע פיינען די שולד;
און איך וויל איין זאַך; באַטש דערזיינגען סטראָפיק,
דאָס געזאַנג פון אונדזער לעצטן געדולד.

שוין, דאַכט זיך, צייט אַלץ פאַרשטיין און פאַרזיגלען,
און די אומגעדולד פאַרשפּאָרן אויף אַ קייט;
זענען נאָך פאַראַן אָבער אַזוינע פליגלען,
וואָס וואַקסן אויס ערשט אויפן שוועל פון טויט.

עס קומען, רינגלען אונדז אַרום פון אַלע זייטן,
מענטשן דרייסטערע מיט אַן אַנדערן מוט,
זיי בייטן איבער אַלץ, וועלן אויך אונדז פאַרבייטן,
לאָמיר זינגען צו זיי: אַזוי איז גוט, גוט.

ווי ער זינגט אין דעם ליד, האָט ער פליגלען געקראָגן אין אָנגעזיכט פון טויט. עס האָט אים געהאָלפן טיפער דערשפירן און דערזען די מענטשלעכע שוואַכקייט און אינערלעכע ליידן. די מלחמה האָט אין אים קיין אינוויניקסטע ווידערשפּרוכן נישט אַרויסגערופן. ער האָט אויך פריער קיין אידיליען פון היימען נישט געמאָלן. ער האָט אויך פריער דאָס שטעטל נישט באַזונגען. זיין וועלט איז אויך פריער נישט באַוואוינט געווען מיט מלאכים. אַן עכט־יידישן דיכטער

ווי לייוויק איז, האָט די מלחמה נישט געקאָנט צעטרייסלען. לייוויק מיט זיין זיכרון האָט געדענקט פּאָגראָמען אינקוויזיציעס, אוי טאָ די פּייען. טויט בכלל שרעקט אים ניט. לעבן און די אַמביציעס זענען געפּערלעכער. דאָ זענען מענטשן וועלף. פון די וועלף איז אַ זייער נאָענטער וועג צו חלפים שרעק, ווייי און פּיינוגונג. פון די אַלע עלע־מענטישע אינסטינקטן פירט אַ נאַטירלעכער ברייטער וועג צו פּסיכאָ־לאָגיע צו גריבלענישן אין דער מענטשלעכע נשמה. דערפאַר זענען אַלע זיינע דיכטערישע בילדער און אימאזשן פּסיכאָלאָגיזירטע. זיי ווייקן אין זיכרון, און ניט אין בלוט, אָדער סענסיביליטעט, דער־פאַר זענען זיי אָבער שאַרף, בולט און ווירקזאַם. אימיטירן לייוויקן איז כמעט אוממעגלעך, ווייל זיין לירישער „פּעטרון" איז דירעקט פאַרבונדען מיט זיין אייגנאַרטיקן טאָן אקאמפּאַנימענט פון אַ באַ־שטימטער עראינערונג און אַסאָסיאַציע. דער הויפּט־ראָד ארום וועלכן אַלע זענען אַסאָסיאַציעס דרייען זיך איז ניט ליידן, נאָר דער טויט.

„דער אמת פון וואָרט,
פאַרנעם איך ווי דער אמת פון טויט,
איך זע זיי שטענדיק געפּארט —
זיי באַגלייטן מיך מיט גרויס ליבשאַפט.
דער טויט האָט בלאָנדע האָר,
דאָס וואָרט — זילבער גרויע,
אַזאַ וואונדערלעכע פּאָר,
זיי האָבן זיך ליב מיט גרויס ליבשאַפט.

זיי נעמען מיך ארום,
ווען דאָס לעבן טוט מיך אַ שליידער אַמאָל,
זיי רופן מיך: קום, קום,
זיי שטאַרקן מיך מיט גרויס ליבשאַפט.

זייער שמייכל — וואָס זאָל עס זיין?
זאָל עס זיין ס'גליק אַליין?
זע וויפיל פּיין, פּיין, פּיין,
זיי דערלייזן אין גרויס ליבשאַפט.

לויטערע סוף־זומערדיקע טעג,
אָנהויב פון גאָלדענעם האַרבסט —
צום ווייטן, צום ווינטערדיקן וועג,
איך גיי מיט גרוים ליבשאַפט".

די פערזן ווייזן אונדז ניט נאָר דעם קוואַל פון לייוויקס אַסאָסאַציעס און וואָרט־סימבאָלן און זיין מעטאַפאָר, נאָר זיי שטרייכן אויך אונטער זיין איינגעוואָרצלטקייט אין דער היינטיקער צייט. כאָטש ער האָט זיינע וואָרצלען אין זכרון און אין טראַדיציע, איז ער מער ווי וועלכער אַנדערער יידישער דיכטער אַ צייט דיכטער. ער גייט מער איבער דעם אָטעם פון דער צייט מיט אירע ראַנגלענישן און אומרו, ווי אַלע רייַן לירישע דיכטער. און ער וואָרצלט מער אין יידישער טראַדיציע, ווי ביאַליק און אַלע העברייאישע דיכטער פון מיטלאַלטער. לייוויקס פּאָעטישער אינסטרומענט, וואָס קאָמבינירט אויפן סינטעטיסטישן אופן דעם אַמאָל און היינט, איז דערפאַר אַמבעסטען צוגעפּאַסט צו זינגען דאָס ליד פון אויפשטאַנד, רעוואָלוציע און איבערבוי. ער איז אין תוך דער רעוואָלוציאָנערסטער דיכטער. ביי אים קומען זיך צונויף ווי אין אַ מאַגנעט אַלע איידלסטע מעטאַלן, וואָס זאָלן דאָס ליד פון דער צוקונפט שאַפן. אַלע עלעמענטן פון דערפאַרונג, ליבע, דערוואַרטונג, און אפשר דערגרייכונג וועלן ווי לעגיטימע, נאַטירלעכע עלעמענטן זיך מעלדן אויף דער שמחה.

„מיין אמת'ע ליד צו דיר נאָך ליגט אין טראַכט,
אין אינגעווייד פון פּאַפּירענעם בויגן,
עס וועט געבאָרן ווערן אין אַן אומשולדיקער נאַכט,
און פאַנאַנדערעפענען נאָך אומשולדיקערע אויגן.

עס וועט דערזען אַ וועלט פון לויטערן באַגין,
אַ וועלט, וואָס מיר חלומ'ען אוים אין פאַרליבטן טרויער,
וועט אַנטקעגן קומען אַן אונדזערע אויסגעוואַקסענע זין,
און קוקן אונדז אָן מיט באַוואונדערונג און באַדויער.

זיי ווילען עפּעס זאָגן, זיי שטעלן זיך אָפּ —
און געבן זיך אַרים מיט אַמאָל צו אַלע זייטן —
מיר באַגלייטן זיי מיט אַ טיפן נויג פון קאָפּ,
ביז עס שלינגען זיי איין די וויטסטע ווייטן.

צווישן טאַטע און קינד איז דאָ אַ הייליקער בונד,
ס'איז דאָ אויך אַזאַ בונד צווישן טאַטע און מאַמע;
און פאַרברענט אונדז אַלעמען, אַלעמען אין פלאַמען.

אַ צייט אַזאַ, ווען אַלץ הענגט אויף אַ האָר,
אַ צייט אַזאַ, פון קאַמף און פון נסיון,
און פאַר מיר — אַ צייט פון דערקענטער וואָר,
און פון דורכזיכטיקן אמת פון לעצטע שעה'ן".

אָט דער הייליקער פּונק איז דער הויפּט קול אין לייוויקס שאַפן. און ס'איז דער פּונק, וואָס איז צעבלאָזן געוואָרן אין אַ העלישן פייער פון די אַמעריקאַנישע אַמאָראַלישע ווינטן. ס'איז דער פּונק, וואָס איז צעפלאַקערט געוואָרן פון די אַמעריקאַנישע אָפּטימיסטישע ווינטן, פון די לייכטזיניקע פריוואַליטעטן פון מאָמענטאַלע דערגרייכונגען. ס'איז דער פּונק, וואָס האָט לייוויקס אַמעריקאַנער דערפאַרונגען פון עקספּלאָטאַציע און פּראָפיטן איבערגעזעצט אין סימבאָלן פון מענטש־לעכער ברוטאַליטעט, און אים געטריבן צום „גולם" און צו זיין חלום. ס'איז דער פּונק, וואָס האָט אָנגעצונדן אונדזער אַמעריקאַנער לעבן און עס געריייניקט, און עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג געגעבן. ס'איז דער פּונק, וואָס האָט לייוויקס וועלט אָנגעצונדן, און מיט העלן פּאַ־עטיש געלייטערטן פייער פאַר אונדז די וועלט אָנגעצונדן, מיר זאָלן איר אַנדערש דערזען. מיט דעם פּונק, האָט לייוויק אויך אָנגעצונדן דעם פּאָעטישן כוח פון אַלע אַנדערע יידישע דיכטער אין אַמעריקע, און זיי געצוואונגען צו דערזען די צייט פון קאַמף און נסיון. נישט אַלע האָבן דערזען דעם אמת פון לעצטע שעה'ן. דערצו דאַרף מען לייוויקס זיכרון און דערפאַרונג. אָבער ער האָט זיי געצוואונגען צו דערזען דאָס לעבן טיפער. מער אַריינבליקן אין די טיפע פונדאַ־מענטאַלע כוחות, וואָס פירן אָן מיטן געראַנגל פון דער וועלט.

לייוויקס פּונק איז געווען אַ פּרואוו שטיין פאַר אַלע יידישע דיכטער פון זיין דור, און אויך פאַר די נאָכקומענדיקע. אַ טייל האָבן דעם פייערדיקן אָפּשיין געזען און האָבן סאָציאַלע לידער געשאַפן. אַנדערע האָבן בלויז קאַלטע אַש געזען, האָבן זיי געקרעכצט און מיט די מיילער געבלאָזן. און אַשיקע מאַזאָאיקעס געצייכנט. עטלעכע פון די נאָכקומענדיקע דיכטער האָבן אויך סאָציאַלע לידער געשריבן, אָבער אָן זיכרון, און אָן פּערזענלעכן ווייטיק. זיי האָבן בלויז ציטווייליקע געטער געדינט. זיי האָבן נישט געדאַרפט קעמפן מיט קיין אינערלעכן אימפּולס און געמיטס צושטאַנד. לעיעלעס האָט געהאַט אַ סאָציאַלן געוויסן, אידייען. ער האָט עס געדאַרפט איבערזעצן אין פּאָעטישע אימאַזשן און אין דיכטערשע בילדער. מיט דעם האָט ער זיך טאָקע געראַנגלעט די ערשטע פאָר יאָר. דערפאַר האָט ער זיך טאָקע געוואָרפן פון איין שאַפונגס־פאָרמע צו דער אַנדערער. ער האָט זיך געראַנגלעט מיט דער פּראָבלעם, ווי אַזוי איבערצוזעצן היינטיקע אָביעקטן און דערשיינונגען אין דיכטונג. ווי אַזוי צו באַלייכטן אַ היינטיקן אָביעקט מיט טראַדיציאָנעלע פּאָעטישע בילדער, וואָס זאָלן זיין צוגענגלאַך. און ווי אַזוי אַ טראַדיציאָנעל־פּאָעטישער אָביעקט קאָן אָפּגעפרישט ווערן מיט מאָדערנע אימאַזשן. אַזוי לאַנג ווי די סענטימענטן און איינדרוקן ווערן איבערגעגעבן נישט דורך קיין ווערבאַליסטישע קונצן און גימנאַסטיקס ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט די אינזיכיסטן און מיט לעיעלעסן אין אָנהויב, איז זייער שיכות געווען גיכער אַ פאַל פון נאָענטקייט פון רוים. לעיעלעס האָט געליטן פון דעם, וואָס ער האָט געפּרואווט צופּאַסן אַ טעכניק אין אַ וועלט פון אימאַזשן, וואָס איז ציטיק געוואָרן און פּרוכטבאַר געווען אין אַן אַנדערער וועלט. און האָט זיך נישט געוואָרצלט אין יידישער דערפאַרונג. מיט דעם אויסנאַם, אפשר, פון מעטאַפאָר האָט לעיעלעס אינסטרומענטירט מיט אַ פרעמדער טראַדיציע. דורך צוויי וועגן האָט ער זיך געקאָנט ראַטעווען. אָדער דורך אַ שטרענגער זעלבסט דיסציפּלין, אָדער דורך בייטן די סאָציאַלע סביבה. ער האָט ביידע געפּרואווט. ספּעציעל דאָס צווייטע, ווייל דאָ האָט זיך זיין געזעלשאַפטלעכער חוש בעסער אויסגעלעבט, און זיינע אימאַזשן און בילדער זענען געווען נאַטירלעכער אין איינקלאַנג ניט מיט אַ טעאָריע, נאָר

מיט אַן אינערלעכער באַציאונג. קיין פּראַקטישער רעוואָלוציאָנער איז ער קיינמאָל ניט געווען. אין זיין עסטעטישער טעאָריע ציט ער אַ געניע ליניע צווישן פּאָעזיע און פּראָפּאַגאַנדע. ער גלויבט, אַז אפילו אַ רעוואָלוציאָנערער דיכטער מוז נוצן בורזשואַז־פּאָעטישע פאָרמען, כדי לידער צו שאַפן. אמת, אַ דאַנק זיין פּילזייטיקן גע־ראַנגל מיט טראַדיציע און מיט נייע פּאָעטישע פאָרמען האָט זיין ליד נישט געקאָנט זיין לויטער און עמאָציאָנעל באַצווינגען זיין מאַטעריאַל. צופיל כוחות זענען פאַרנוצט געוואָרן אין דעם קאַמף פאַר פאָרמע. ספּעציעל אין דער סביבה, וואָס איז אינגאַנצן געווען פרעמד סיי דער פּאָעטיש יידישער טראַדיציע, און סיי דער מאָדערנער פּאָעטי־שער ווערבאַליסטיק. און דערפאַר זענען די פּאָעטישע שאַפונגען פון לעיעלעס מיט די אינזיכיסטן געבליבן אין דער לופט. און דער־פאַר איז זי געוואָרן ווייטער און פרעמדער פון לעבן. דאָס לעבן האָט זיי נישט געוואָרעמט, זענען זיי אַנטלאָפן. לעיעלעס, וואָס איז דורכאויס אַ סאָציאַלער און היינטיקער מענטש, האָט אָנגעהויבן זינגען וועגן אולטימאַטיווע און אייביקע אמת׳ן:

„איך וויל דערגיין צום קוואַל און דאָ מיין איך אַנטפּלעקן,
ווער ס׳לייטערט זיך—איז מודה זיך, און כ׳וויל איצט וועקן
פון וויגל, און נאָך פריער. יאָר נאָך יאָר און טאָג,
ווי ס׳טוט ביים גאַנגעם טייך דער ליכט־באַרווישטער טאָג,
וויל איך די אויגן פון דעם עמעס ניט פאַרדעקן.

צוריק צום אָנהויב. ס׳איז דאָס לעבן ניט קיין ראָג,
וואָס הינטער אים דער צופאַל שטייט מיט פולן בעקן,
און גיסט פון דאָרטן — דאָ מיט פרייד און דאָ מיט שרעקן
איך וויל דערגיין צום קוואַל״.

בלויז ווען מען קאָן זיך אין דעם עפּעמערן נישט אויסלעבן, בלויז ווען מען קאָן נישט האַרמאָנירן דעם אינערלעכן באַוואוסטזיין מיט אויסערלעכע דערשיינונגען, גייט מען צו די אוראַלטע קוואַלן. גייט מען צום אַבסאָלוטן. ס׳איז אַ סימן פון פּאָעטישער שוואַכקייט און אידייאישער צעריסנקייט. ווען איך זאָג פּאָעטישער שוואַכקייט,

מיין איך פשוט, ניט זיכערקייט מיט דער פּאָעטישער מעטאָדע. לעיעלעס שרייבט מיט א באוואוסטזיניקער און דורכגעטראַכטער טעאָריע פון סימבאָלן און אימאזשן. ער האָט אויך אין זינען בשעת'ן שרייבן אַלערליי פּסיכאָלאָגישע טעאָריעס, וואָס דערקלערן דעם לייענערס רעאַקציעס צו באַשטימטע אימאַזשן. האָט ער דערפאַר שווע־רער געאַרבעט אויף זיין פּערז, ווי די אַנדערע אינטואיטיווע זינגער, פאַר וועמען אימאַזשן און גראַמען האָבן זיך געוואָלגערט אין אַלע ביכער און אין אַלע שופלאָדן. לעיעלעס האָט לאַנג געבלאָנדזשעט. ער האָט געזוכט א באַשטימטע, דעפיניטיווע טעאָריע, זי פאַרטיפן און אַנטוויקלען, כדי צו האָבן פּאָעטישע דערגרייכונגען פון דויערנדן און וועזנטלעכן ווערט. זייענדיק אָבער ערלעך און פּרואווגדיק האַר־מאָנירן פּאָעטישן מעטאָד מיט א סאָציאַלער אידעאָלאָגיע, האָט ער א סך כוחות פאַרשווענדט אויף אַלערליי עקספּערימענטן. זוכנדיק גאַנצקייט פאַר זיין ליד, האָט ער דערוויל פּאָעטישע אינטעליגענץ געשאַפן און באַרייכערט אונדזער טעאָרעטיש וויסן אויפן פעלד פון דיכטונג און שאַפן בכלל. ער האָט א סך פּאָעטישע פּאָ־טענץ אויסגענוצט צו לערנען אונדזערע דיכטער פּראָסאָדיע, און פּערז בוי. ער האָט אויך א סאָציאַלע פילאָזאָפיע געזוכט, וואָס זאָל אים פאַרבינדן מיט יידישער טראַדיציע און מיט די קעמפּענדיקע כוחות פון היינט. עס איז שווער צו באַשטימען צי דאַרף מען באַ־דויערן אָדער זיך פרייען מיט לעיעלעס פאַרשווענדערישקייט. ער האָט געמוזט אויספּאָלגן א שעפערישן געבאָט, כדי זיינע לידער זאָלן אַרויסקומען אַזוי מאָדנע און אַזוי לויטער. אַזוי מאָדנע, אָפּטמאָל, ווי זעלטענע הערבסט פרוכטן, וואָס וואַקסן בלויז אויף באַשטימטע ערטער. די עקספּערימענטן זיינע האָבן צו עפּעס געפירט, ווייל:

„און אַז ער איז געקומען,\
איז ליכטיק געוואָרן אין אים\
מיט א געפּרווירענער ליכטיקייט.\
הימל און ערד\
האָבן אויף אים געאָטעמט\
מיט א פאַרגלייזטער קאַלטער שיין.

די עקספּערימענטן האָבן זיך געלוינט, און זיינען נויטיק געווען כדי לעיעלעס זאָל שרייבן אַזאַ גאַנצע, געליטערטע פּאָעמע ווי „דער באַרג". מען האָט געדאַרפט אַ סך עקספּערימענטן, כדי זיך צו באַפרייען פון דעם איך, וואָס איז געווען אין „עפּעס" און אין „עמיץ", און דאָס וויזועל דיכטערישע געשטאַלט, וואָס מיר זען אין „דער באַרג" זאָל געשאַפן ווערן. אַלע וויכטיקע טיילן פון דעם מענטש, ווערן בילדלעך געוויזן און זיי ווערן פּאָעטיש אינטעגרירט. יעדער טייל קריגט זיין פּאָעטיש צוגעפּאַסטע פאָרמע. די כאָרן פון גייסט און בלענדעניש, די כאָרן פון דוימעם און איך קריגן אויסדרוק אין גאַנצע אָדער אָפּגעהאַקטע שורות, לויט דער וויזיע, וואָס זיי שטעלן פאָר. לעיעלעסעס ערנסטע און פּאָעטישע מייסטערשאַפט קאָן מען אָמבעסטן אָפּשאַצן אין דער פאָרמע. דאָ איז זיין אחריות פאַר וואָרט און אידייע און דיכטעריש בילד. די דינאַמישע געשטאַלט פונם מענטש קריגט אויסדרוק און רעגונג צו בויען און שאַפן. מען דאַרף געדענקען און זיך באַפרייען, כדי איבערצושאַפן.

„אומבאַקאַנט איז די האַנט, וואָס פאַרשפּרייט
איר גענאָד אויף אַ ווייל און פאַרגייט,
נאָר איך וויים: ס'איז אין איר דער באַשייד,
אומבאַוואוסט איז די בסורע וואָס טאָגט
אויף דער אַנדערער זייט האָריזאָנט.
נאָר איך אין ס'איז אַ נאָנטער וואָס מאָנט,

האָט געשיילט זיך דאָס גוטס פון דער פּיין,
האָט געביטן זיך שאָטן מיט שיין,
זאָל איר קנעכט אָדער הערשער דאָ זיין?
ער איז געבליבן שטיין,
און איבער אים האָבן געהאַגלט פּיילן שרעק,
שרעק פון שטעכעדיקן זען
פון קלאָרן שניידיקן וויסן".

טרעפּ אויף טרעפּ, טיר אין טיר, שוועל אויף שוועל,

עס מוז פאַלן די וואַנט און די צעל,
ס'מוז זיך ווייזן מיין עמעס געמעל.

אַ דו האַנט, ניט באַהאַלט זיך אין שייד,
וואָך וואָס לענגער אויף מיר מיט דיין פרייד,
ברענג מיר ענטפער, געגאַרטן באַשייד".

אין זיין זוכן און אין זיין געפינען זענען דאָ די רעגונגען פון אַ פּאָעט מיט קאָפּ, וואָס איז ניט צופרידן מיט בליטן אין פרילינג און מיט פרוכט אין האַרבסט. נאָר אַ פּאָעט, וואָס זוכט דאָס גאַנצע, דאָס וועזנטלעכע, דאָס אייביקע. ער זוכט און געפינט. מעג מען ניט באַלד געפינען די זיסקייט ווי אין די לייכטע, פעדערדיקע שאַפונגען פון די געפידלטע טענער. דאָ איז נויטיק מער וויסן און פאַרשטענדניש, כדי צו הערן די סימפאָנישע קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער. אויב איך בין באַלעבאָס איבער זיך ראַדף איך מיין לעבן איינשפּאַנען אינם וואָגן פון די, וואָס ווילן דאָס איבערמאַכן, איבערבויען און שאַפן אַ נייע וועלט, וואו מענטשן וועלן נישט פאַרקריפּלט און צעטראָטן ווערן. אויף דעם שעפערישן יחיד ליגט אחריות. מען מעג צו אים האָבן תענות און תביעות. ער איז פאַראַנטוואָרטלעך, ווייל ער קלייבט אויס וועמען צו דינען.

בכלל מאַכט לעיעלעס דורך אַן אינטערעסאַנטן פּראָצעס פון די ערשטע אינזיכיסטישע יאָרן ביז „צו מיר צו דיר" אין די נאָך מלחמה יאָרן, ווען דער אָפּקלאַנג פון קאַנאָנען האָבן נאָך אַלץ געקלונגען אין אונדזערע אויערן, זענען מיר געלאָפן זוכן רו אין די טיפענישן פון אונדזער אייגענער נשמה, מיר זענען געווען צו פיל פריטשמעליעט. מיר האָבן געהאַט אין זיך צו פיל קאַנאָנען-קראַכן, צו זיין בכוח אין דער אמת'ן צו רעאַגירן אויף דעם. דערפאַר זענען מיר אַנטלאָפן צו אַן אילוזארישן איך, כדי זיך צו באַהאַלטן. און ווען מיר האָבן זיך אויסגעטשוכעט, זענען מיר געווען שפּילקאַסטנס מיט אַלערליי טענער און קלאַנגען, אַ געמיש פון לייט-מאָטיוון. מיר האָבן נישט געוואוסט וואו זיך צו ווענדן. געשעענישן און איבערלעבונגען האָבן זיך אין אונדז געראַנגלט. ספּעציעל זענען אויס-

געוואָרצלט געוואָרן די שרייבער מיט סאָציאַלן געוויסן און דיכטע־רישער אחריות. לעיעלעס איז געווען איינער פון זיי. דערפאַר האָט ער עטלעכע פּאַביום לינדס. אָט ראַנגלט ער זיך מיט דער סביבה אָט טויכן ביי אים אויף זכרונות פון וולאצלאַוועק און זיין באָבע.

„עס האָט מיין באָבע ניט פאַרמאָגט קיין צוויבער־שפּראַך,
און איך זוך אויך אומזיסט די מעמרע פון באַשייד,
עס האָבן זיך פאַרפלאָנטערט אַלע, אַלע רייד,
אַ הייל פון רוכעס בייזע איז דאָס ווערטערבוך.

מיין דאָר האָט פיל געזען, און מערער נאָך געהערט,
דול דורכגעפיבערט אַ יאָרהונדערט אין זיין שפּאַן,
צעקלעמט, באַגערט ער רויטן האָן, צי טויב, צי שוואַן
צעטומלט טויט ער אַלע דריי מיט בלינדער שווערד".

דער דיכטער האָט זיך אין יענער צייט מער געראַנגלעט מיט די שנעלע זיך בייטנדיקע סיטואַציעס אין אונדזער סאָציאַל לעבן. די קאַמפן האָבן אים צעטומלט, באַאומרואיקט זיין געמיט. ער האָט גע־זען בילד נאָך בילד, אָבער די בילדער האָבן זייער סאָציאַלע פאַרב געביטן, איידער ער האָט זיי געלייטערט פאַרן פּאַפּיר. פאַר דעם דיכטער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען דאָס לעבן, זענען געווען אָן אַ שיעור שטרויכלונגען. ער האָט זיך אַליין געקאָנט לייכט אויסגליטשן. ער האָט זיך אינטעלעקטועל געמאַטערט, כדי זיינע קינסטלערישע בילדער ווירקזאַם צו מאַכן. אין „צו דיר צו מיר" זענען טאַקע פאַראַן לע־יעלעס קלאָרסטע דיכטערישע בילדער. לויטערע לידער. נאָר אינטע־לעקטועל און אידעאָלאָגיש נישט אויסגעהאַמערט. זיי ווייזן לעיעלעס וועג אינם פלאָנטער.

„פון מיינע טיפענישן זינג איך זיכער; כ׳גלויב
אין נייעם מענטש פון מונטער אויסגעלייזטער מי
אין אַרבעט, וואָס איז זין און פורעם, פרייד און פלי,
און איז צו וועלט דערזעאונג זוניק־קלאָרע שויב.

מער צערטלעך ווי ס׳איז פאַו געווען צו אַנאַבל לי,

בין איך צו הענט פון זעג און קנעט, פון בוי און הויב,
מער האָס ווי שאולס רווישערדיקער גייסט אין נוב,
האָב איך צו וועלט פון בייטש און פון געבייגטער קני.

א שלעכטס איז שלעכט. און שלעכט ווען שלעכטס זיצט
אויבן אָן,
אויך וואו די האָפנונג שלאָגט אַרויס פון עכסטן קוואַל,
נאָר ווען דאָס בייז איז בייז און בלינד ווי א שאקאל.

און נישט קיין האָפנונג, נאָר מער בייזקייט זאָגט עס אָן—
ווייס איך: די טויט־נויט שרייט אין פלאַם פון רויטער פאָן
און כ'גרים די בשורע פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

די ניט אויסגעהאַלטנקייט לעיעלעסעס, וואָס וואָלט געקאָנט אונ־טערן שפּאַקטיוו פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם צוגעשריבן ווערן צו קליינבירגערלעכקייט, אָדער אינטעליגענטישקייט, איז אין דער אמת'ן נישט מער ווי דיכטערישער אמת, וואָס איז געשריבן נישט אין דער אימפּעראַטיווער פאָרמע, נאָר אין דער רעפלעקטיווער. עס איז נישט פּאַרטיי פּראָגראַם, נאָר דיכטערישע זעאונג. א זעאונג, וואָס איז גע־ווייקט אין וויטיקן, אין ראַנגלענישן מיט זיך זעלבסט, מיט די איינ־וואוינער און באַזוכער פון קראָטאָנע פּאַרק. די לידער זענען גע־וויטיקט און טאָג־טעגלעכע געשעענישן, נאָר דיכטעריש אויפגענומען. לעיעלעס ליד אַזוי גוט ווי זיין אידעאָלאָגיע, וואָס איז צוזאַמענגע־וואָקסן און באַהאַפטן מיט זיין ליד, זענען א דירעקטער פּועל יוצא פון שווערע ראַנגלענישן צו גאַנצקייט און פאָלקאָמקייט, פון אָן א שיעור וואַנדלונגען און רייבונגען מיט סביבה, מיט טראַדיציע און אַלערליי איינפלוסן. און אַרויסגעקומען איז ער א לירישער דיכטער פון א נייעם שניט, מיט א נייער געהאַמערטער שפּראַך, קריסטאַל קלאָר בילד און אינטעלעקטועלער לויטערקייט.

## 20

די אַנדערע דיכטער פון לעיעלעסעס דור, ווי מנחם, ז. וויינפער, גראס און אַנדערע האָבן גוטע און שלעכטע לידער געשריבן. זיי האָבן זיך אָפּטמאָל, פּיין געשפּילט מיטן פּערז און אַ סך מאָל זיך געראַנגלט מיט דער נייער וועלט, וואָס זייהאָבן פון צייט צו צייט געאַנט און דערשפּירט. מנחם האָט געפּרוואווט אין זיין „זאַנוול רימער" און אין „גלגול" גאַנצע זאַכן געבן. אָבער זיי זענען גיכער פּאָעטישע עקס־קורסיעס ווי שאַפונגען. וויינפער האָט אַ מאַסע לידער, אין וועלכע ער שטעלט זיך קעגן דער וועלט און פּרוואווט איר באַצווינגען. אָבער קיינער פון זיי, כאָטש זיי האָבן טאַלאַנט, האָט קיין פּערזענלעכן חותם אויפן ליד נישט אַרויפגעלייגט. זיי האָבן, לכתחילה, וויניק וועקס־לען דער יידישער ליטעראַטור אַרויסגעגעבן. עס איז שווער זיי אַן אָרט צו באַשטימען אין אונדזער אַמעריקאַנער סביבה. זיי האַלטן אַלץ אין איין ווערן. אפשר וועלן זיי אויפגעטרייסלט ווערן עפּעס וויכטיקס צו זאָגן. דערווייל הערט זיך זייער שטימע קוים, קוים אין דעם כאַראַקטער פון אונדזער ליטעראַטור. אין אַ געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, וואָלטן זיי און דיכטער ווי י. י. סיגל ח. קרול, א. אלמי און אַנדערע, בלי ספק פאַרנומען אַן אַנגעזען אָרט. איך בין אָבער בלויז פאַראינטערעסירט אין וויכטיקע כוחות. אין בערג קלעטערער, אָדער געפאַלענע קרבנות אין טאָל. און די אויבנ־דערמאָנטע געהערן צוביידע לאַגערן ניט. וואָלטן דאָך סטאַדאַלסקי, אַלקוויט, מינקאָוו, ליכט און ענלעכע „וואָרט מייסטערס" פאַרנומען אַן אָרט אין אַ ליטעראַטור געשיכטע. אָבער זיי האָבן אפילו קיין בלעזלעך מיט זייערע ווערטער ניט באַרירט. האָט דאָך לוי גאָלדבערג וואָוילע לידער געשריבן, און ציליע דראַפּקין,טאַלאַנטפולע לידער גע־מייסטערט. און דאָך גיי איך זיי פאַרביי, ווייל זיי וואָוינען ניט אויפן ברייטן שאָסיי־וועג פון אונדזער ליטעראַטור. מען דאַרף זיך אַריינ־דרייען אין אַן אַלייע.

מעינקאַ קאַץ, מ. בירנבוים, סול און אַנדערע דיכטער

פונם פּראָלעטפּען, זענען אפשר וויכטיקער, און ווערטפולער. ווייל זיי האָבן טאַלאַנט און אַ ריכטונג און אידעאָלאָגיע, און זיי וועלן, אפשר דערגרייכן. כאָטש דערווייל האָבן זיי נאָך קיין שום פּנים ניט. זיי האַלטן דערווייל קליינע בייטשלעך אין די הענט, מיט וועלכע זיי סווישטשן. אָבער זיי האָבן זיך נאָך נישט איינגעזונגען אין דעם אַלטן סטעראַטיפּטן ריטם האָבן זיי מער האָפנונג. האָט דאָך א. לוציקי וואוילע, אָפּטמאָל „נייע" לידער געשריבן, לידער פול מיט צאַפּל פון אמת'ער דיכטונג, אָבער מיר דוכט, אַז ער האָט זיך אַריינגעדיכטעט אין אַ סטעראַטיפּע ראַם, פון וועלכע ער קאָן זיך נישט באַפרייען. און זיינע לידער האָבן זייער פרישקייט פאַרלוירן. איך לאָז אים אַרויס פשוט דערפאַר, וואָס ער פאָדערט אַן אַנדערן צוגאַנג, אַן אַנדערע אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט אין וועלכער זיך אָנצוזען. לעבן אונדזערע בערג-קלעטערער וועט ער דאַרפן שטיין אַ פאַרשעמטער. ראָזנבלאַט, מילער און אַנדערע האָבן פיינע לידער געשריבן. זיי גייען אַריין אין כרעסטאָמאַטיעס, ווערן דעקלאַמירט. אָבער זיי זענען פאַר פרעמדע, מידע וואַנדערער. אויסגעהונגערטע, פאַר וועמען יעדע אַלייע איז אַ גן-עדן. יעדע סטעזשקע—אַ ברייטער טראַקט, אַ שטיקל ברויט איז אַ ריזיקער מאָלצייט. זיי האָבן אַלע בלויז גוטע שטימען. אָבער באַזונדער הערט איר זיי ניט, ניט קיין סאָלאָ שטימען. זיי גרילצן נישט גענוג אייך אויפצורעגן. נישט דין גענוג אייך איינצושלעפערן. איך האָב אויסגעקליבן די סאָליסטן, וואָס מוזן דערהערט ווערן אין דעם ווירוואַר פון אַמעריקע. די, וואָס געבן אַמבעסטן איבער דעם ריטם און קלאַנג פון די ווירקנדע און קעמפנדע אידייען און כוחות פון אונדזער גרויסער, דור הפלגה'דיקער צייט. זיי זענען די אָנזאָגער פונם נייעם און אָנקומנדיקן.

די אַלע דיכטער, נאָוועליסטן און גלאַט שרייבער, וואָס האָבן דעם „אַרום" נישט באַנומען, נאָר האָבן גלאַט אַזוי געפּלאַכטן אידיליעס פאַר דער פרייער ליטעראַרישער רעפּובליק, זענען פאַר'משפּט צו פאַרגעסנקייט. זיי וועלן בלייבן בלאַסע זכרונות אין ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיעס, עס מיינט אָבער ניט, אַז אַ באַוואוסטזיניקער צוגאַנג צו דער סיבה אַליין איז גענוג. אייביקייט, אָדער ליטעראַרישע מייסטערשאַפט ווערט נישט באַשטימט בלויז פון צייט-עלעמענט.

וואָלט אַפּאַטאָשו בלויז פּיקסירט די סאָציאַלע סביבה, און וואָלט אונדז נישט באַרייכערט מיט אידייען, מיט אייגנאַרטיקן סטיל, מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן טיפּאַזש, מיט אַ פאַרטיפונג פון דעם אַרומיקן לעבן אין געשטאַלטן און בילדער, וואָלט די בלויזע טעמאַטיק אים נישט אַוועקגעשטעלט אינם צענטער פון אונדזער פּראָזע אין אַמעריקע. איגנאַטעוו פּראָוואָוויט דאָך אויך געבן די סאָציאַלע סביבה. אָבער זיין סביבה איז אַן אויסגעטראַכטע, ניט קיין געזעענע. ער פילט אַן זייטן מיט אויטאָמאַטישע הערצגליפן. ער האָט נישט קיין כוח צו קלייבן און פירן זיין מאַטעריאַל, אַזוי, אַז ער זאָל אונדז אין עפּעס איבערצייגן. מען זעט עס אַמבעסטן, ווען זיינע העלדן רירן זיך צו צו אמת׳ע, אַקטועלע פּראָבלעמען. ווען זיי נעמען שטעלונגען, פילאָזאָפירן און לאָזן זיך אריין אין אויפגעבלאָזענע העלדישקייטן, ווען זיי פאַרמעסטן זיך איבערצוזעצן דעם אָרום און טערמינען פון אייביקייט. זיי געבן זיך קיינמאָל נישט אָפּ מיט קיין קלענערע זאַכן ווי די אייביקע „די אייביקע ליבע", די אייביקע בענקשאַפט, די אייביקע אַנטוישונג מאַניפּולירנדיק מיט אַזעלכע קאַטעגאָריעס, קאָנען זיינע העלדן ניט זיין מער ווי וואַקסענע פיגורן אין אַן אַקטועלער סביבה. ראַבוי איז ערלעכער, ניט אַזוי רעטאָריש, און ניט אַזוי „אייביק". זיינע העלדן זענען ערלעכער און ערדישער. אָבער ערלעכקייט אַליין איז נישט גענוג אַפּצושפּיגלען און טרייבן אַ ברוױזנדיק און קאָכיק לעבן. זיינע ערלעכע מענטשן האָבן נישט קיין עמאָציעס, איבערצייגונגען, וויזיעס, וואָס זענען פאַרבונדען מיטן אַרומיקן לעבן, זיי זאָלן זיך אַרויפצווינגען אויפן לייענער. ער זאָל קאָנען מיטפילן און גערעגט ווערן. זיינע ערלעכע מענטשן האָבן קליינשטעטלדיקע, זיסע סענטימענטאַליטעטן, געפילן פון מעשה׳לעך, פּאַפּירענע געפילן. ראַבוי ווערט ווייך, סענטימענטאַל און צוגאָסן, ווען ער באַטראַכט זיין אויסגעקליבענעם מאַטעריאַל. ער באַציט זיך צו אים ווי אַ פרומע אידענע צו איר תחינה, ער צעפּיעשטשעט זיך מיט זיין מאַטעריאַל. און דערפאַר זעט ער נישט דאָס גאַנצע, נאָר אַ ווינקעלע. און ער באַשרייבט עס ניט, נאָר ער צערטלט עס, ער ווערט איבעררשאַט און פאַרלוירן. ער איז פרום מיט זיין מאַטעריאַל. ער באַלייכט עס מיט אַ חלב׳ן ליכטל אין אַ באַזונדער ווינקעלע. אין קעלער, אָדער אויפן בוידעם

פון אונדזער לעבן. ער ווערט נתפעל פון אַ גאַנץ באַנאַלער פילאָזאָ־פיע אין עלען סטריט. אַפּאַטאָשו אין זיינע אַמעריקאַנער דערציי־לונגען און אין „די טענצערן", ווייזט אונדז מיט דער גאַנצער די־נאַמישקייט און אַקטיוויטעט פון זיינע העלדן, די ווזענטלעכע גרוי־קייט פון אַמעריקאַנער לעבן. ער ווייזט אונדז אַמביציע, שרעק, פרעמדקייט, קאַמף, ראַנגלעניש, פערזענלעכקייט. און איבער אַלץ, אַן עפעמערישע גאָלדענע ליכט פון האַנדלונג, אָבער פון הינטן לויערט אויף אַלץ און אַלעמען דאָס גרויע. מיט דער באַשטימטער קאָליר אין הינטערגרונט ווערן פראָפּיל מעסיק באַלויכטן אַלע העלדן. פון אונטער דעם וואואַל פון גרוי זען מיר כאַראַקטערס און העלדן, וואָס ווערן געשטערט און געענדערט, אָפּטמאָל סטימולירט אין זייער קאַמף מיט דער שטענדיקער, אין תוך סטאַטישער קאָליר. אין זייער באַ־וועגונג איז אָפּטמאָל פאַראַן אַנימאַלישע, אויטאָמאַטישע באַוועגונג. אויסערלעכע באַוועגלעכקייט און אינערלעכע פוסטקייט. די העלדן ווערן לעבעדיק און אַרטיקולירנד אין אַ נעפּל פון גרוי. זיי זענען דירעקט באַאיינפלוסט פון אַמעריקאַנער אידעאָלאָגיעס און לעבנס־שטייגער, געוויסע אַקצעפּטירטע אמת'ן, נישט דורכגעלעבטע טרייבן און קאָנטראָלירן זייער לעבן. דאָס מאַכט אַפּאַטאָשון אַזוי עכט אַמעריקאַניש. ברוך גלאַזמאַן האָט עס געפּרואווט טאָן. ער האָט געפּרואווט געבן אַמעריקע, געוועזן אויסערלעך כמעט ווי שיקזאַליש באַשטימט דערפאַר. ער האָט באַזוכט אַן אַמעריקאַנער אוניווער־סיטעט, איינגעזאַפּט דעם אַמעריקאַנער אידיאָם, צוזאַמען מיט אַ דיפּ־לאָמע, באַגלייט פון אַ פאַרטיפונג פון טאָמאַס האַרדיס ווערק. און דאָך האָט ער אַמעריקע בלויז באַרעדט און אַרומגערעדט, אָבער נישט געגעבן. ווייל אַלע זיינע אַרבעטן זענען באַגלייט געוואָרן פון אַ ספּיריטועלע אָרימקייט. פונדאַמענטאַלע אָרימקייט האָט באַגלייט זיי־נע ווערק און העלדן. זיי האָבן רעפלעקטירט און זיך גע'חקירה'ט וועגן דער אוממעגלעכקייט צו האָבן דערפאַרונג אין אַמעריקע, זיינע העלדן האָבן איבערגענומען האַרדיס פאַטאַליזם אָן זיין לאַנדשאַפט מיט זיין פעטע ערד. האַרדיס העלדן זענען פאַטאַליסטן, לאָזן זיך פירן פון זון, ווינט און טוי פון די פעלדער, מיט אַ קאָסע אין האַנט, אָדער אַ זעג. זיי אַרבעטן און בויען אין אַן אומבאַוועגלעכער סביבה.

און זיי זענען אַ טייל פון אַ ריזיקער אימפעריע. זיי זענען סאָלדאַטן, מאַטראָסן, שמידן אָבער מיט אַן אימפעריע. גלאַזמאַנס פּאַטאַליסטן זיצן אויף סטעטן איילענד, טוען גאָרנישט, לייענען פאַרעלטערטע ביכער, גייען אין צוגרייטונגס שולן און פּאַטאַליזירן. אָדער זיי זיצן אין קאַפּע-הייזער און באַרעדן אונדזער אָרימקייט און פּאַסיווויטעט. און דער אופן ווי אַזוי זיי טוען דאָס, איז אַזאַ גערדיכטער, אַזאַ טאַפּטשנדיקער. זיי ראַנגלען זיך גיכער מיט די פיס, ווי מיט די געמיטער. גלאַזמאַן מאַכט אַזאַ טיפּע בלאָטע פון פאַרפלאָנטערטע געפילן און פילאָזאָפיעס, אַז זיינע העלדן קאָנען זיך צוליב דעם נישט באַוועגן. די בלאָטע באַציט ער מיט אַ טומאַן פון אינטעלעגענטיש-קייט און זייער איידעלע אומצופרידנקייט פאַרבראָקטער מיט פּסיכאָ-אַנאַליטישע קאָמפּלעקסן. זיין שטעלונג צו פּראָבלעמען גיט דעם הויפּט-טאָן צו זיין אַרבעט. ביי אים איז דאָ אַ פּסיכישע און אפשר אַן אָרגאַנישע אומצופרידנקייט מיט דער וועלט. דאָס שטערט אים צו זען די וועלט. בלויז אין זיין דערציילונג „אויף די פעלדער פון דזשאָרדזשיע” האָט ער די כמורנע ברילן אויסגעטאָן, האָט ער דער-זען, אַז מענטשן האָבן פּשוט'ע אַפּעטיטן און פאַרלאַנגען. דאָ און דאָרט איז אַמעריקע גובר זיין אָרגאַנישע אָנגעכמורעטקייט. דאַן רייסט זיך אַריין אַ שטיקעלע לעבן אין זיינע ווערק. בדרך כלל אָבער, פירט אים זיין אָנגעבלאָזנקייט אויף זשורנאַליסטישע וועגן, ער מוסר'ט גיכער ווי ער מאָלט. דערפאַר איז זיין סטיל אַ זשורנאַליסטי-שער, מיט אַ הויך פון שיין-שרייבעריי. זיין אומצופרידנקייט איז באמת אַ בורזשואַזע, אַ פּיליסטרישע, אַן איידעלע, וואָס פּאַסט אַ זאַטן מענטשן, וואָס דאַרף אַביסל ספּיריטועלן הונגער, כדי צו זיין אינטעליגענט. זיין סטיל האָט דיזעלבע קאָלירלאָזיקייט, ניט עמפּאַ-טישקייט אָדער וואַריעטעט, וואָס זיינע כאַראַקטערס האָבן. אינצי-דענט פאַרנעמט ביי אים דאָס אָרט פון פּאַסירונגען. זיינע העלדן לעבן ניט זיי שטעקן בלויז אַרוים די קעפּ, אָדער בעסער, די נעזער. זיי זענען נערוועז אַנשטאַט זיין ליידנ-שאַפטלעך. זיי לעבן גיכער מיט סענסאַציעס ווי מיט עמאָ-ציעס. גלאַזמאַנס פאַנטאַזיע איז אַ באַנקראָטירטע, און דערפאַר זענען זיינע העלדן-חובות געצאָלט לויט אַ באַשטימטע רעדוצירטן פּראָ-

צענט. עפּעס האָבן זיי יאָ צוטאָן מיט סאָציאַלע סביבה, נאָר ווי איבערלייבעכצן פון באַנקראָט, זענען זיי עס בלויז 40 אָדער 30 פּראָצענט. און דאָס איבעריקע פילט גלאַזמאַן אָן מיט ווערטער און מיט איידעלן ברוגז. ער ליידט פון דער חלאת, פון די אַמאָליקע אימיגראַנטישע שרייבער, וואָס האָבן דאָס לעבן נישט אקצעפּצירט, און דערפאַר דאָס אמת'ע לעבן נישט דערזען. דערפאַר זענען זיינע העלדן עסאַטערישע. זיי דערקאָנען נישט זייער אייגן לעבן. זיינע „לינקע" העלדן זענען אויך טויטע באַשעפענישן. זיין פּאַספּאָרט אין דער לינקער באַוועגונג איז אינגאַנצן אַ נעגאַטיווער. זיי האָבן אַביסעלע אומצופרידנקייט, וואָס איבערזעצט אויף פּאַרטיי־לשון הייסט דאָס — רעבעלירנדער פּראָטעסט.

פון די ייִנגערע דערציילער, וואָס האָבן טאַלאַנט און זאָגן צו טיילן זיך אויס ש. מילער, ל. טרייסטער און ב. טייטלבוים. ש. מילער איז דער איינציקער פון די דריי, וואָס האָט בילדער געמאָלן פון אַ דעגענערירט פאַמיליען־לעבן אין אַן אַמעריקאַנער אַמאָראַלישער סביבה. ער האָט געוויזן דעם נעגאַטיוו פון אונדזער לעבן דאָ אין אַמעריקע און אויך דעם פאַנאַנ־דערפאַל פון איינגעפונדעוועטע ווערטן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער קאָן מאָלן און האָט אַ סאָציאַלן צוגאַנג צו דער וועלט. ער האָט אַ פיינעם סטיל. כאָטש, לפּנים בערגלסאָניש, איז ער אָבער אין תוך באַאיינפלוסט פון אָפּאַטאָשון. עס זעט זיך נאָך נישט קיין קלאַסן־געראַנגל און קאַמף אין זיינע דערציילונגען. אָבער ער גייט אויפן וועג. פון דער דעגענעראַציע, פונעם איינגעפונדעוועטן און פון די פּראָטעסט־שטימען, איז נישט קיין וויי̇טער מהלך צום נייעם, צום פּראָלעטאַרישן. טרייסטער און טייטלבוים האָבן אויך אויף סאָציאַלע קאַנוועס געמאָלן פאַנאַנדערפאַל און קאַמף, זיי האָבן געזען קלאַסן־קעגנזאַצן אינעם שטעטל. זיי האָבן געזען שלום־אַש'ס אידיליש שטעטל אויסהויכן איר אָטעם. זיי האָבן נייע טענער דאָרט דערהערט, און זיי באַשריבן מיט טאַלאַנט. פון זיי קאָן מען פיל דערוואַרטן.

21

די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע אין די לעצטע פינף־און־צוואַנציק יאָר, איז געבוירן געוואָרן פון אַ פאַרלאַנג, זיך צו באַפרייען פונם קליינעם שטעטל מיט אירע טשיקאַווע טיפּן און פּרואוון געבן דאָס לעבן פון דעם נייעם יידישן ישוב. זי האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט פון דעם גלאַט אַזוי געשריבענעם שטייגער בילד. זי האָט געזוכט דאָס טיפערע, דאָס פונדאַמענטאַלע הינטער די האַנדלונגען, שטימונגען און קאָנפליקטן פונם מענטשן. זי האָט אַרומגעכאַפּט אַלערליי פּראָבלעמען — סאָציאַלע, אינדוסטריעלע, פּסיכאָלאָגישע און מעטאַפיזישע. זי האָט געפּרואווט ווערן די וועגווייזערן פון יידישן אידעאַליזם און סאָציאַלן קאַמף פאַר משיח, אָדער מענטשלעכער דערלייזונג. איר אויפגאַבע איז געווען אַן איבערמענטשלעכע. זי האָט געדאַרפט פאַרנעמען דאָס אָרט פון וויסנשאַפט, פּאָליטיק און שטאַאַט. זי האָט געדאַרפט אַ שפּראַך שאַפן און פאַרמירן אַן אידיאָם. זי האָט אַפילו אומבאַוואוסטזיניק געדאַרפט פאַרנעמען דאָס אָרט פון מוזיק און מאַלעריי. דערפון פליסן אירע אַלע דערפאָלגן און אויך אירע דורכפאַלן. דער לירישער רעאַליזם פון אונדזער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, האָט געדאַרפט דורכמאַכן מוטאַציעס, וואָס אַנדערע ליטעראַטורן האָבן נישט געדאַרפט. זי האָט נישט געקאָנט פאַלסיפיצירן אומשטענדן און סביבה. זי האָט געמוזט געבן די דינאַמישע אַמעריקע פון די לעצטע פינף־און־צוואַנציק יאָר מיט אירע אַלע פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע ענדערונגען. זי האָט געמוזט געבן די געזעלשאַפטלעכע איבערגרופּירונגען, פּאַרטייען, סטרייקס און פּאַרטיי־קאַמפן. אָבער זי האָט אַלץ געדאַרפט דורכפילטרירן דורך מענטשן, טיפּן און כאַראַקטערס. און די מענטשן זענען נישט אינגאַנצן פאָרמירט געוואָרן פון בלויז אַמעריקאַנער כוחות און אַמעריקאַנער אומשטענדן. די מערסטע וואָרצלן האָבן אַרויסגעריסענע געסטאַרטשעט אין דערלופט. זיי זענען נישט פאַרזעצט געוואָרן אין אַמעריקאַנער באָדן. האָבן די שרייבער דערפאַר געדאַרפט אידעאַלי־

זירן די העלדן, כדי ברייטער צו מאַכן זייער סביבה. זיי זענען אָפּט־מאָל געצוואונגען געווען צו אַבסטראַהירן, כדי צו פאַרקערפּערן אי־דייען און באַוועגונגען. זיי זענען אָפּטמאָל געצוואונגען געווען אָפּ־צוהאַקן אינדערמיט, ווייל דער העלד האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן דעם באַפעל פון שרייבער, ווייל ער איז נישט געווען אינגאַנצן אַן איינוואוינער פון דער גרויסער אַמעריקאַנער שטאָט, און ער האָט גע־האַט צוויי פּאַספּאָרטן — שטעטל און שטאָט. און אָפּטמאָל אויך יידישע פּאַספּאָרטלאָזיקייט, אָדער גאָר אינגאַנצן אַ פרעמדן פּאַספּאָרט. מען האָט אָפּטמאָל זיך אָפּגעזאָגט פון אייגענער ירושה, כדי לייכטער צו פונקציאָנירן אין אַ פרעמדער, אָפּטמאָל פיינטלעכער סביבה.

מיט דעם געמיש פון מענטשן, און תוהו ובוהו פון איינפלוסן איז געווען זייער שווער גאַנצע ווערק שאַפן, ווערק, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען דאָס לעבן ערלעך און זאָלן דאָך זיין מער ווי שטייגער בילדער דערפאַר זענען אָפּטמאָל שרייבער מיט טאַלאַנט געשטרויכלט געוואָרן, און פאַרבלאָנדזשעט אין סטיליזירטע מאָזאַאיקעס. גרעסטעוועט האָבן זיך אָפּאַטאָשו אין דער פּראָזע, לייוויק, לעיעלעס, שוואַרץ, וויינפּער, האַל־פּערן און עטלעכע קלענערע אין דער דיכטונג. אָפּאַטאָשו באַהאַנדלט אייביקע פּראָבלעמען אין זיינע ווערק, אָבער זיי קריגן געשטאַלט און פאָרמע אין אַ באַשטימטער היינטיקער סיטואַציע. די פּראָבלעמען ווערן באַפאַרבט פון היינטיקע סאָציאַלע קאַמפן און ענדערונגען אין יידישן לעבן. אַלע זיינע העלדן, סיי אין די ראָמאַנען, און סיי אין די קורצע דערציילונגען, שפּרודלען מיט לעבן און אַקטיוויטעט. ווייל אָפּאַטאָשו באַלעבט זיי און באַוועגט זיי מיט אַ לעבעדיקער דינאַמישער פּראָזע. אַ צוויי, דריי דעטאַלן פּרעציז געמאָלן ווערן די ספּרונגדזשינעס, אויף וועלכע ס׳באַוועגט זיך אַ מענטש אָדער סיטואַציע. זיין פּראָזע איז קלאָר און דינאַמיש, דערפאַר ווערן זיי פאַר אונדז רעאַל, פול מיט לעבעדיקער, אַקטיווער ענערגיע. אפילו די מענטשן פון אַ טאָג אין רעגנסבורג, זען מיר אין אַ סיטואַציע און אין אַ קאַמף פאַר נויטן, וואָס זענען אייביק. די לויטערע פּראָזע שאַפט אָפּ די גרעניצן פון צייט, און באַשאַפט סיטואַציעס אינם מענטשלעכן קאַמף. די מענטשן אין רעגנסבורג קעמפן קעגן דעמזעלבן מענטשלעכן שונא פון היינט

— הונגער. זיי זוכן דאָס אייגענע, וואָס היינט־באַפרידיקונג פון פאַרלאַנגען און אַפּעטיטן.

אָפּאַטאָשו זעט דאָס לעבן אַלס א קאַמף פון דעם מענטש קעגן דער נאַטור און סאָציאַלע אינסטיטוציעס, וואָס פּרואוון אים פאַרשקלאַפן. ער זעט אויך דעם קאַמף פון אונ־טערדריקטע פעלקער, דעם קאַמף פון קלאַסן, און ער שטעלט זיך אויף דער זייט פון די געדרעכטע און אונטערדריקטע. ער איז אַן אָביעק־טיווער באַאָבאַכטער, ווען עס האָט צו טאָן מיט סטאַטישע באַשריי־בונגען פון אויסערלעכע אָביעקטן און נאַטור־באַשרייבונגען, אָבער ער ווערט א סוביעקטיווער שרייבער מיט אויסגעשפּראָכענע סימפּאַ־טיעס, ווען ס׳האָט צו טאָן מיט האַנדלונג און טאַט. דערמיט אונ־טערשיידט ער זיך פון די „יונגע“, וואָס האָבן זיך, לכתחילה, אוועק־געשטעלט מיט דער פּלייצע צו דער געזעלשאַפט, ווייל זי האָט נישט אַנערקענט דעם פּאָעטס ראָליע אַלס א מעסיאַניסטישע. מיט דער פּלייצע זענען זיי שוין געגאַנגען א פּאָר טריט ווייטער און איינגאַנצן ברוגז געוואָרן מיט דער וועלט, און האָבן איר נישט אַנערקענט. זיי האָבן אָנגעפירט א שטילע פּראָטעסט־באַוועגונג, זינגענדיק בלויז פאַר זיך „מיר וועלן זיין אָריגינעל“ האָבן זיי געזאָגט צו זיך. און די אָרגאַניאַליטעט האָט זיי דערווייטערט, און איזאָלירט פון לעבן. אָפּאַטאָשו איז נאָכגעגאַנגען דאָס לעבן און עס געמייסטערט. ער האָט אויפגענומען אַלע פּראָבלעמען מיט סימפּאַטיע און מיט ליבע, און דערפאַר קלאַריפיצירט די לעבנס־פּראָבלעמען, און געוואָרן דער נביא און וועג־ווייזער פאַר די שרייבער פון דער צוקונפט. אָפּאַטאָשו צווישן די פּראָזאַאיקער, און לייוויק צווישן די דיכטער, האָבן איבער־גענומען די ראָליע פון קריטיקער און וועג־ווייזער. אין „שאָפּ“, „שמאַטעס“, „באַנקראָט“, האָט לייוויק אָנגעוויזן אויף אַלערליי פּראָבלעמען, וואָס דאָס אַמעריקאַנישע לעבן רופט אַרויס ביים ערשטן דור אימיגראַנטן. אַלערליי קאָנפליקטן סאָציאַלע, עקאָנאָמישע, און פּסיכאָלאָגישע. אין זיינע לידער און אין זיינע צוויי סימבאָלישע דראַמעס, האָט ער זיך געראַנגלעט מיט נאַציאָנאַלע און עטישע פּראָבלעמען. די אַלע ראַנגלענישן מיט איינגעוואָרצלטע ווערטן און מיט האַרט־נעקיגע כוחות וועלן אָננעמען אַנדערע פאָרמען, וועלן

ווערן אינטענסיווער ביים איצטיקן דור. אזוי, אז דער היינט־צייטיקער
שרייבער וועט זיין גאנצע קרעאטיווע ענערגיע דארפן אָנווענדן אויפ־
צונעמען און פארטיפען די פראָבלעמען און ראנגלענישען. באשרייבן
איז נישטאָ וואָס. אַלעם איז שוין געגוג באשריבן געוואָרן. באשריי־
בונג צוליב פארטיפונג, אָנווייזן די שיכות׳ן פון סאָציאַלע און קלאסן־
כוחות. דאָס וועט מוזן זיין דער וועג. אַפּאָטאָשו אין זיינע ביכער
„קלאסן־קאמף", „לינטשעריי", „די טענצערן" און „אין די פוילישע
וועלדער", האָט געוויזן דורך העלדן און אינצידענטן די קאָמפּליצירי־
קייט און די אידייאישע פארפלאָנטערטקייט אין פארשידענע אטמאָס־
פערעס און קלימאַטן, עפּאָכעס און צייטן אין יידישן לעבן. סיי אין
„די טענצערן", וואו די רויטע פארפירערן ראדף זיין די הויפּט־
אדרעס, נאָר מען גייט זעלטן אהיים שלאָפן, און סיי אין „די פוילישע
וועלדער", וואו מרדכי איז דער הויפּט העלד (און נישט־ווי אַ טייל קרי
טיקער האָבן געוואָלט מאכן פון מרדכי׳ן א טעכנישן דעוויז — צו־
זאמענצוהאַלטן דעם ראָמאן), ווערט ארויסגעבראכט אונדזער גאנצע
היינטצייטיקע פראָבלעמאטיק אזוי גוט ווי אונדזער גאנץ טראגישע
גלארדייכע גסיסה פונם חסידיזם. אין זיינע ווערק באהאנדלט אַפּאַ־
טאָשו דעם גאנצן קאָמפּלעקס היינטצייטיקע פראָבלעמען, באגלייט
מיטן אָפּשיין פון די פראָבלעמען פון פריריקן דור. אַלע ראנגלענישן
פונם היינטיקן מענטשן אין א זיך בייטנדיקער געזעלטשאפטלעכער
אָרדנונג מיט די באגלייטנדע רייחות פון דעגענעראציע און אויפבלי
ווערן אויף אַלערליי אופנים און אין פארשידענע סיטואציעס בא־
האנדלט פון אַפּאָטאָשון. אין אַלע זיינע ווערק פליסט א שטראָם פון
סאָציאַלע און נאציאָנאַלע באוועגונגען. אָפטמאָל זענען זיי קאָכיקע
און טיילמאָל זענען זיי שטילע פארגליווערטע געמויזאכצן, וואו קוים,
קוים רירן זיך זשוקלעך, און פּרואוון זיך רייסן, א הויב טאָן.

דער וועג פון אונדזער ליטעראטור אין אמעריקע, וועט מוזן זיין
אויפן שליאך פון סאָציאַלע און קלאסן־קאמפן. מיר טרעטן אריין
אין אן עפּאָכע פון קאפּיטאליסטישן פאנאנדערפאַל. מיר יידן וועלן
מוזן שפּילן א דאמינירנדע ראָליע אינם קאמף צווישן די צוויי הויפּט
קרעפטן, וואָס וועלן קעמפן פאר העגעמאניע נישט נאָר אויפן עקאָ־
נאָמישן און פּאָליטישן געביט, נאָר אויך אויפן גייסטיקן און עמאָצי־

אַנעלן פעלד. פּאַשיזם און סאָציאַליזם וועלן קעמפן פאַרן כוח צו פאַרמירן אַ נייע וועלט. דער שרייבער וועט שפּילן אַ וויכטיקע ראָליע אין צוגרייטן דעם היינטיקן מענטש צום ענדגילטיקן קאַמף. דער שרייבער וועט נוצן טאַלאַנט צו מאָלן בילדער, וואָס וועלן באַלייכטן אונדזער פאַרגאַנגענהייט, און ווייזן אַ וועג פאַר דער צוקונפט. דער שרייבער וועט דאַרפן מוטיקן און וועקן. נישט ווי מאַני לייב, וואָס האָט אין זיין צייט אָפּגעשפּיגלט די פאַרלוירנקייט, הילפלאָזיקייט, און פרעמדקייט פון זיין צייט. ער האָט איר ניט געקאָנט באַקעמפן. ער האָט קיין אייגענעם כוח נישט געהאַט. ווי זאָגט ב. ריווקין: „ווען מאַני לייב זאָל ניט געווען לייענען רוסיש, און ניט האָבן זיך אריינ־געלייענט אין פּושקינען, טיוטשעוון און סאָלאָגובן, וואָלט קיין מאַני לייב ניט געווען". מאַני לייב און זיינע סאַטעליטן, דינע ליריקער האָבן פון זייער שוואַכקייט, וואָס איז אַ חלאת געווען, געמאַכט אַ טוגנט און קונסט פילאָזאָפיע. ב. ריווקין זאָגט אפּראָפּאָ די ליריקער „די פּאָעטן ליטעראַטן, וואָס שרייבן לידער אין פאַרקאַמערטער יחיד'ישאַפט, אויף פּאָעטיש געלינירטן פּאַפּיר, לויט זייער ליטעראַ־רישן זיכרון, אָדער לויט מוסטערן אפירן. — זיי מיט זייערע לידער וועלן קיינמאָל אין תוך פון לעבן ניט אריינדרינגען. עס קאָנען ביי זיי ארויסקומען גאַנץ פיינע צו שפּילן, זייט שפּילן, אויבער שפּילן — אָבער ניט קיין לעבנס שפּילן. זיי קאָנען ארויסגעבן לידער, וואָס זע־נען געצאַצקעטע צירונגען אויף פאַרפּוצן דאָס טעגלעכע ביי אַ ספּע־ציעלן קלאַס לייענער, וואָס האָבן זיך געהאָדעוועט אויף פּאַפּיר גע־שריפטס; עס וועט אַלעמאָל זיין אַ קאַסטע נעזער פאַררייסער, וואָס רופן זיך פיינשמעקער, וואָס וועלן קלייבן נחת פון אַזעלכע לידער. ווען מען איז באַפרידיקט מיט אַלע נויטיקע זאַכן, קאָן מען זיך פאַר־גינען אַזאַ שיין שפּילעריי פאַר אַ צייט פאַרטרייב", אַנשטאָט באַשרייבן די אומעטיקע טריט פון דעם מענטשן אויף נייער ערד, און אים העלפן דעם נייעם וועג באַטרעטן, אים מונטערן. איז די לירישע מדבר באַשרייבונג געוואָרן ווי דאָס ברעט ביים הינדו, וואָס האָט אים געהאָלפן דעם טייך אריבערשווימען, האָט ער עס דערפאַר אויף דער פּלייצע צוגעבונדען און עס פאַרהייליקט. און זיך צוליב דעם, נישט געקאָנט אָוועקזעצן. מאַני לייב שרייבט נאָך היינט „עמיץ"־לידער.

ס'איז ביי אים אַן עקשנות געוואָרן. היינט קרעכצן זיי שוין ניט אפילו מער. זיי שלוכצן און טרערן. אַ פאַרעלטערטער אינסטרומענט פאַרן איצטיקן שרייבער.

דער היינטיקער שרייבער און דער שרייבער פון דער צוקונפט, וועלן דאַרפן ווייזן און וועקן. און כדי צו זיין ווירקזאַם, וועלן זיי מוזן זיין ערלעך. הערן די טריט פון דעם קלאַסן באַוואוסטן אַרבע־טער, און אויך זיין באַהאַוונט אין טראַדיציאָנעלער סימבאָליק און אידיאַם.

אין אַלגעמיין איז אונדזער ליטעראַטור אין אַמעריקע די לעצטע פּאָר יאָר אַ שטייענדיקער טייך. בלויז פון ציים צו צייט ווייזט זיך אַ קליין בלעזל, וואָס פּלאַצט גלייך. אפילו נישט איבערלאָזנדיק קיין רעדלעך און רינגעלעך אויפן וואַסער. אונדזערע איצטיקע שרייבער, להיפּוך, צו די פריריקע פּאָעטן און נאָוועליסטן האָבן מער ווילן און כוח ווי טאַלאַנט. זיי האָבן נאָך דעם נייעם גייסט און דעם נייעם כאַראַקטער און ראָליע פון דער היינטצייטיקער ליטעראַטור נישט אויפגענומען. און אפשר שאַפן זיי נישט קיין ערשט־קלאַסיקע ווערק דערפאַר, וואָס דאָס לעבן איז צו קאָמפּליצירט, און זיי האָבן מורא זיך צו באַגרעניצן. זיי ווילן זיין וועלטלעך, ברייט און אַלץ אַרומ־כאַפּנד. זיי ווילן זען אַלץ און איינגאַנצן לויט דער אַלטער פאָרמולע. און דאָס אויג עסט זיי איינגאַנצן אויף. דאָס אויג שלינגט איין דעם קאָפּ, דעם זכרון און די פאַנטאַזיע, און ווערט נישט פעטער און פולער. אויף די שפּאַלטן פון זשורנאַלן, ווייזן זיך פון צייט צו צייט פיינע לידער, גוטע דערציילונגען, וואוילע עסייען. אָבער קיין אָנווייז אויף אַ שטאַרקן, פּערמאַנענטן שאַפונגס־שטראָם זעען זיי ניט. עס ווייזן זיך נישט קיין יורשים פון לייוויק'ס עטישן מיסטיציזם, היינט־צייטיקייט און סימבאָליק. מען זעט נישט קיין נאָכפאָלגער פון סאָציאַלן יושר און נביא'ישן נאַציאָנאַליזם פון לעיעלעס. עס זען זעך נישט קיין נאָכגייער פון אָפּאַטאָשו'ס מעסיאַניש לעבעדיקן פּלאַ־קער, ברייטע קאַנוועס פון ייִדיש לעבן און פרעציזן שילדערונגס כוח. בכלל דוכט מיר, פעלט די יונגע ייִדישע שרייבער געזעלשאַפטלעכע אחריות און אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן זייער וואָרט און דעם לעבן אַרום. אויב זיי ווערן אויף אַ ווייל פאַרכאַפּט פון אַ סאָציאַלן

אידעאַל, ווי וויינפער אַשטיינגער, איז דאָס עפּעמעראַל, און זיי קאָנען אים ניט אינקאָרפּאָרירן אין קיין קינסטלערישן ווערק. זיי רייסן זיך ארויספּצולייגן זייער חותם אויף דער צייט. זיי ווילן דערהערט ווערן, נאָר ווייסן ניט ווי אַזוי, און האָבן מורא שטעלן אין געפאַר זייער קינסטלערישע מלוכה מיט איר פּייערווערק. זיי רייסן זיך צו סאָציאַלער טעמאַטיק און פלירטעווען מיט לינקיזם און רעוואָלוציע. און דאָך — זענען זיי אַסאָציאַלע דיכטער. די וויכטיקע ווערק פון דער לעצטער צייט בלייבן אָפּאַטאָשוס „טאָג אין רעגנסבורג", לעיעלעסעס „צו דיר, צו מיר" און לייוויקס לידער.

די נאַציאָנאַלע טראַדיציע פון אונדזער ליטעראַטור איז אַ סאָציאַלע. אין אונדזער ליטעראַטור זענען אַלעמאָל קריטיקירט געוואָרן די איבלען פון דער צייט. יעדע היסטאָרישע געמויזאכץ האָט געפונען איר דיאַגנאָס. גלייכצייטיק איז אַלעמאָל אונטערגעשטראָכן געוואָרן מיט גלויבן און פייער דער אידעאַל פון אַ פאַרברידערטער מענטשהייט. יושר, אינטעלעקטועלע ערלעכקייט, און אינדיווידועלע אינטעגריטעט. אָט די טראַדיציע מוז אין דער היינטיקער צייט אָננעמען די ווענג און מעטאָדן, דעם אידיאָם און אויסדריקס פאָרמען, וואָס זאָלן אונטערשטרייכן דעם היינטצייטיקן קאַמף — דעם קלאַסן־קאַמף. דער היינטיקער שרייבער מוז זיך שטעלן אויף דער זייט פון די אַרבעטער און העלפן זיי אויסקעמפן די קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט. זיי דאַרפן האַלטן אין איין איבערזינגען דעם והיה באחרית הימים. זיי דאַרפן מאָלן און דורך מאָלן, וועקן דעם דראַנג און שטרעבן צו אַ געזעלשאַפט, וואו דער אַרבעטער און דער יחיד וועלן באַפרייט ווערן. דער שרייבער דאַרף נביא און פּריסטער ווערן. דאָס איז זיין ראָליע אין אונדזער היינטיקער צייט. דערווייל ליגט די גאַנצע אחריות אויף די, וואָס האָבן געוויזן כוח און טאַלאַנט עם דורכצופירן.

אַלע שרייבער, סיי די מיט טאַלאַנט ווי מאני לייב און סיי ראַלניק און ענלעכע, און סיי די עפּיגאָנען, האָבן אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין אָפּגעשפּיגלט אַן אַלטע אָפּשטאַרבנדע קולטור. מיט זייער טאַלאַנט און חוש פאַרן בילדלעכן וואָרט און פּאָעטישער פראַזע האָבן זיי געהאָלפן שאַרפער, פּרעציזער און פיינער מאַכן דעם דיכטערישן אינסטרומענט. שפּראַכלעך און פּראָסאָדיש האָבן זיי אונדזער פּאָעזיע

באריייכערט. אָבער טעמאַטיש און אידייאיש האָבן זיי דאָס אַלטע און סטעריאָטיפּטע באַוזונגען. מאָטיוון מיינסטנס סלאַווישע און דייטשע. סלאַווישע לבנות און דייטשע אונטערגייענדיקע זונען באַגלייט פון עלעגיעס פון טויט. אָפטמאָל זענען די לידער געווען פאַרביק און קאַלירפול. די סאָווע פון מינערוואַ, האָט העגל געזאָגט, פליט אָפט־מאָל אין אָוונט. די פאַרנאַכטיקע קאָלירן פון אַ ציוויליזאַציע, זענען אָפטמאָל די סובטילסטע און שענסטע. מאַני לייב'ס שטאַרבנדיקע געזאַנגען זענען צאַרט און איידל. אָבער מיט אונדזער היינטצייטיק לעבן זענען זיי ברוגז. זיי זענען פיינע שניי פּלאַכטעס, וואָס פאַרדעקן געדיכטע בלאָטעס. מיט אונדזער לעבן און זיינע וועזנטלעכע כוחות קומען זיי ניט אין באַרירונג. אין בעסטן פאַל זענען זיי פּלאַסטערס אויף פאַרוואונדעטע סענסיוויטעטן. זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיך נישט אַקלימאַטיזירט צו אַ ניי לעבן און צו אַ נייעם בליק אויף לעבן און ליטעראַטור. און היינט זינגען וועגן קליינעם שטעטל, און זינגען מיט אַ שופר אין מויל ווי דאָס טוט י. י. סיגל, אָדער שרייבן וועגן אַבסטראַקציעס, וועגן לעבן און טויט, בענקשאַפט און אַנטוישונג מיינט אָפּלייקענען אונדזער דערפאַרונג און אויך אומדירעקט דינען און העלפן אַלערליי רעאַקציאָנערע כוחות אין אונדזער לעבן.

די פּראָזע שרייבער נאָך מער ווי די פּאָעטן, דאַרפן זיך קאָנ־צענטרירן אויפן וועזנטלעכן אין אונדזער לעבן. אין אונדזער היינטיק לעבן. ביז איצט האָבן אפילו די ראַדיקאַליזירטע שרייבער פאַרצייכנט אויבערפלעכלעכע בילדער, אָדער סקיצירטע עפּיזאָדן פון מאַסן־לעבן. כאָטש זיי האָבן מיט איין אויג באַטראַכט די וועלט ווי אַ שלאַכט־פעלד צווישן צוויי קלאַסן, האָבן זיי מיטן אַנדערן אויג געקוקט אויף דער זון, וואָס שיינט אויף אונדזערע טראָטוואַרן. זיי האָבן געגלויבט, אַז דעם מענטשנס פיזישע און מאַטעריעלע נויטן קאָנען באַפרידיקט ווערן אין די ראַמען פון דער היינטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג. אָבער דער גלויבן האָט זיי נישט געמאַכט פאַר קיין אונטערשטיצער פון דער היינטיקער אָרדנונג. פאַרקערט, זיי האָבן זיך באַטראַכט ווי רעבעלן קעגן איר. זייער רעוואָלט איז געווען זייער אַ קליינער און אַ באַגרעניצטער. זיי זענען געווען אַגרעסיוו פאַראינטערעסירט אין סאָציאַלע ענדערונגען, וואָס האָט זייערע פאַרלויפער יאָ אינטע־

רעסירט. באַוושאָוווער, ערדעלשטאַט, ליעסין, לובין האָבן געהאַט אַ סאָציאַלן חוש. איגנאַטעוו, מאַני לייב און ראָלניק זענען געווען ראַדיקאַל מיטן מויל, אָבער האָבן די ראַדיקאַלע קאַמפן פון אַרום ניט אָנגערירט. זיי זענען געווען קעמפער פאַרן יחיד, וועמען די געזעלשאַפט האָט געסטראַשעט איינצושלינגען. אַזוי האָבן זיי גערעכנט. די אָרדנונג האָבן זיי גערעכנט טויג נישט פאַרן יחיד, ספּעציעל פאַרן שעפערישן יחיד. זייער רעוואָלט קעגן דער מאָדערנער געזעלשאַפט האָט אָנגענומען פאַנטאַסטישע פאָרמען. אָפּטמאָל נאַרישע. עס איז געווען אַן אַנטשולדיקונג פאַר אַ היבש ביסל זעלבסט דראַמאַ, זינד און דערדריקנדיקע שברות. די רעגנדע עמאָציע איז פונדעסטוועגן געווען אַן ערלעכע. געזעלשאַפטלעכע כוחות האָבן זיי געשטערט צו שאַפן דאָס, וואָס זייער טאַלאַנט האָט מעגלעך געמאַכט. זיי האָבן די שטערנדע כוחות אין לעבן וויניק פאַרשטאַנען און נאָך וויניקער באַגומען. אינטואיציע האָט דאָ וויניק וואָס געהאָלפן. האָבן זיי דערפאַר די כוחות פאַלשע נעמען געגעבן און זיי באַקעמפט. עס איז געווען די נאַרישקייט פון דער מאַסע, עס איז געווען „דער געיעג נאָך געלט", און עס איז געווען „קאָנווענציאָנעלע ליגנס". די מאַשין, די באַקוועמלעכקייטן האָבן ענג געמאַכט דעם גייסט. דער פיזישער קאָמפאָרט האָט פאַרהונגערט און פאַרענקט דעם גייסט. ספּעציעל דעם שעפערישן גייסט, און פאַרשטאָפּט די קוואַלן פון זעלבסט אויסדרוק. אַלערליי אינדיווידועלע טעאָריעס און פילאָזאָפיעס זענען געשאַפן געוואָרן, מיט וויניקער אָדער מער טאַלאַנט, נישט דירעקט צו שטיצן די היינטיקע אָרדנונג. אָבער אומדירעקט און אומבאַוואוסטזיניק האָבן זיי מיט זייערע געזאַנגען און דערציילונגען געשטיצט די היינטיקע אומגערעכטע אָרדנונג. מיט די היינטיקע שרייבער איז דאָס מער נישט דער פאַל. אויב אין דער היינטיקער צייט וועט זיך אַ שרייבער שפּילן מיט זונשטראַלן גלאַט אַזוי, אָדער באַשרייבן רביים פון מיטלאַלטער, איז ער אַבזיכטלעך און דירעקט אַן אונטערשטיצער פון דער פאַרפוילטער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. אויב אַ שרייבער וויל באמת שאַפן און געהערט ווערן, מוז ער אינטעלעקטועל און עמאָציאָנעל וואָרצלען אין דעם אַרבעטער קלאַס. ער מוז זיין עפּיק באַזינגען און זיין קאַמף דערציילן. בלויז

אין דעם אַרבעטערס קאַמף אין אַלע זיינע שאַטירונגען וועט ער זיין אמת׳דיק און זיין קרעאַטיוון כוח אויסלעבן. בלויז אויף פּראָלעטאַרישע וועגן וועט דער קינסטלער זיין נשמה און זיין אמת געפינען. בלויז דאָן וועט ער זיך ערלעך אויסדריקן און אויך באַפרידיקונג געפינען אין זיין שאַפן. דער אויסוואַל איז אַ פּשוט׳ער און קלאָרער; אָדער ווי אַלטע לייט זיך פאַרמאַכן אין צעלן און פאַרהאַקן די פענצטער מיט לאָדנס קענען די אַטאַקעס פון לעבן און צייט, זאָלן אַנדערע, וואָס פילן גאַנץ רוף, קלינגען אין זייערע הערצער, זיך גיין שלאָגן, בעת איר וועט בלייבן שטיל און רואיק אין זיבערקייט ווייט פון שלאַכט־פעלד, און זיך איינשטעלן פאַרן אמת אין דער ספערע פון קונסט און ליטעראַטור. אָדער ווי וואָרט־זאָגער און מייסטערס פון מענטשלעכע עמאַציעס, מייסטער פון פּאַטאָס וועט איר פאַריי־ניקן אייער גורל מיטן קאַמף פון די געדעכטע און אונטערדריקטע. אין דעם אויסוואַל ליגט פאַר׳חתמ׳ט די צוקונפט פון אונדזער ליטעראַטור אין אַמעריקע, ווייל דאָס, וואָס דאָס געמיט און די פאַנטאַזיע זענען בכוח צו דערהויבן פון דעם ענגן קרייז פון דעם יחיד׳ישן, און דאָס פאַרבינדן מיטן אוניווערסאַל מענטשלעכן, דאָס אַליין איז אומשטאַנד צו שאַפן אַ וועלט, וואו דער אמת׳ער קרעאַטי־ווער יחיד זאָל זיך קאָנען אויסלעבן, בלויז אויפן וועג פון דעם סאָציאַלן און אייביק מענטשלעכן ליגט די צוקונפט פון אונדזער ליטעראַטור. צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פון דער אַמערי־קאַנער ליטעראַטור דאַרף אויך אונדזער שטראָם פליסן. די ליטע־ראַטור דאַרף ווערן דער הויפּט־כוח אין דעם קאַמף פאַר אַ באַ־פרייטער מענטשהייט.

וואָס ווייזט די רעאַליטעט? פון די עלטערע שרייבער בלייבט אַליץ אַפּאַטאָשו דער איינציקער, וואָס גראָבט זיך אין אונדזער סאָציאַלן לעבן און קאַמף, און ברענגט פון דאָרט אַרויס סיי די קאָלירטע ווערימלעך, און סיי די בלאַטיקע, קריכערישע באַשעפענישן. זיין טאָן און אומפּעט איז באַהויכט מיט פליגל פון ערד ליכט, לופט, מאַטערי־עלע זאַכן. ער זעט קלאָר און גרינטלעך די נאַטירלעכע, וועזנטלעכע מענטשלעכע אַפּעטיטן — הונגער און געשלעכט. אפילו די ישיבה־בחורים פון רעגנסבורג ווילן עסן און ווערן אויפגעלעבט פון אַ פרוים

באַוועגונגען. פון די צוויי גרונטאַוונע אַפּעטיטן, וואַקסן אַרויס אַלערליי ראַנגלענישן און באַוועגונגען אַלס אויבערשטיבלעך. פאַרן געוויינטלעכן אויג ווערט פאַרלוירן די שנור וואָס פאַרבינדט. דער קינסטלער זעט אַפילו מער ווי איין שנור. ער זעט אַלערליי פעדים, וואָס ציען זיך אין אַלע ריכטונגען אַרויף און אַראָפּ. אונדזערע פּרימיטיווע, אָדער פּאָלקס־שרייבער האָבן געזען די אומגערעכטיקייט פון ליידיקע מאָגנס, דערפאַר האָבן זיי פאָטאָגראַפירט פון די אָרגאַנען געגעבן. אָפּאַטאָשו האָט דאָס גאַנצע געזען אין אַלע זיינע שיכות׳ן און קאָנסעקווענצן, דערבליקט און דערפאַר זען מיר זיינע העלדן אין אַלערליי סיטואַציעס, אין אַלערליי קלימאַטן, אין אַלערליי סאָציאַלע סביבות. און אומעטום ראַמינירט דירעקט, אָדער אונדירעקט דער סאָציאַלער און מאַטעריעלער עלעמענט. אַזוי, אַז ער איז אַמבעסטן מסוגל צו באַשרייבן דאָס היינטיקע אַמעריקאַנער לעבן, וואו אַלץ איז פאַרפּלאָנ־טערט, וואו ערלעכע מאַסקעס דעקן צו גאַנץ פּראַזאַאישע, פאַרקרימטע מאָטיוון און אַפּעטיטן. פון די יונגערע פּראָזאַאיקער זענען דאָ עטלעכע, וואָס גייען אין די פוס־טריט פון אָפּאַטאָשון און מ׳קאָן פון זיי עפּעס דערוואַרטן. זייערע געדרוקטע דערציילונגען ווייזן אַ ליניע און אַ וועג. דאָס זענען ב. טייטלבוים, ש. מילער און ל. טרייסטער. אין זייער שרייבן איז דאָ אַ ווילן און אַ פאַרלאַנג צו מאָלן און צו פאַרשטייען דאָס אַרומיקע לעבן. דער סאָציאַלער מאָמענט דאָמינירט זייער שרייבן. זייערע בילדער פון שטעטל זענען נישט קיין סטעראָ־טיפּטע און פּלאָמבירטע. זיי זען סאָציאַלע כוחות, וועלכע יורן אינם שטעטל. זייערע גרויסשטאָטישע מענטשן געהערן צו דער היינטיקער צייט זיי זענען דורכגעזאַפּט מיטן עפּעמעראַלן און מיטן היינטצייטיקן. די שרייבער האָבן באַוויזן אויפצוכאַפּן העלדן און פּאַסירונגען אין פּראָצעס פון ווערן. זיי זענען רעאַליסטן מיט אַ געפיל פאַרן וואָרט. זייער פּראָזע איז געדיכט און פּינקטלעך. זיי זענען אונטער דעם איינפלוס פון די רעאַליסטן אין אונדזער ליטעראַטור. ספּעציעל פילט זיך אין זיי דער איינפלוס פון י. אָפּאַטאָשו. איינפלוס נישט נאָר פון סאָציאַלן צוגאַנג און קוקווינקל פון באַטראַכטן מענטשן און פּאַסירונגען, נאָר אויך איינפלוסן פון סטיל. סיי שפּראַכלעך און סיי קאָמפּאָזיציאָנעל.

דער סטיל פון א שרייבער ווערט באַשטימט פון דעם מאַטעריאַל, וואָס א שרייבער באַנוצט. דער, וואָס האָט א פּאָזיטיוון צוגאַנג צו א באַשטימטער ציוויליזאַציע, דאָס הייסט, ווען ער באַשרייבט נישט דאָס לעבן גלאַט אין דער וועלט אריין, אָדער ער שרייבט נישט וועגן א צעפּוילטער געזעלשאַפט גלאַט אַזוי זיך. נאָר ער שרייבט מיט א באַשטימטער אידייע און מיט א באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער אידעאָלאָגיע אין אויג, וואָס האָט אַלע שאַנסן צו ווערן די הערשנדע, דאַן איז זיין סטיל א קלאָרער, זיין מאַטעריאַל גוט אַראַנזשירט, און די העלדן, און אינצידענטן האָבן סימעטריע און ציל. זיי פירן צו עפּעס, און ווערן גלייכצייטיק געפירט פון א פאַרשטענדעניש פאַר סאָציאַלע כוחות. אָפּאַטאָשו און די נאָכפאָלגער זיינע, האָבן א באַשטימטע סאָציאַלע פילאָזאָפיע — די פילאָזאָפיע פון רעוואָלט קעגן פאַרגליווערטקייט און פּאַסיוויטעט. דינאַמיק איז זיין הויפּט מאָטיוו. פונם „פערד־גנב" ביז א „טאָג אין רעגנסבורג", ציט זיך דערזעלבער דינאַמישער שטראָם און באַאיינפלוסט, און לייגט ארויף זיין חותם אויף דער פּראָזע. אפילו אין די היסטאָרישע נאָוועלן, וועט די פּראָזע זיין א דינאַמישע. ווערטער פולע מיט ענערגיע. גרייט אויפצורייסן די סביבה, וואו זיי געפינען לעבן און אויסדרוק. די דינאַמישקייט וועט באַשטימען דעם אויסוואַל פון דער היסטאָרישער עפּאָכע און די קאָנפליקטן וואָס באַגלייטן זי. אין אַלע זיינע ווערק איז דאָ א נאַטירלעכער אמאַלגאַם צווישן אינהאַלט און פאָרמע, צווישן אידייע און מאַטעריאַל. קיין איינע פון די צוויי דאָמינירן נישט. אינהאַלט און פאָרמע באַאיינפלוסן איינס דאָס אַנדערע אין א גלייכער מאָס. אין די זאַכן, וואו א שטאַנדפּונקט פעלט, קומען ארויס א „לעבנס־בילד" — א גאָרנישט זאָגנדיקע זאַך. ביי אָפּאַטאָשון אַרבעטן נאָך אין דער פאָרמירונג פון זיינע ווערק א חוץ שטאַנדפּונקט און דינאַמישקייט, אויך קולטור און דערפאַרונג. נישט אַקטועלע, נאָר אימאַגינאַטיווע, אַלע זיינע זאַכן האָבן אין זיך קולטור עשירות, אפילו ווען לפּנים זעט עס זיך נישט אָן. דערפילט מען עס דורך א פאַרגלייך, אידיאָם, אָדער וואָרט. מען דאַרף אויך דערקענען, אַז דער שרייבער האָט אַן אייגענע, אינטימע פאַרבינדונג מיטן וואָרט, אָדער דערפאַרונג, אַלע זיינע דערפאַרונגען ווערן סטימולירט און קאָנטראָלירט

פון אַן אינערלעכן קוואַל. ביישפּילן זענען צעוואָרפן איבער אַלע זיינע ווערק. מען קאָן ציטירן ביישפּילן פון סטיל, פּונקט ווי די עשירות פון זיינע מעטאַפאָרן און פאַרגלייכן. זיי וואָרצלען אין פאָלקס־אוצרות.

אין יעדן ווערק, וועלן די ווערטער און סימבאָלן זיין צוגעפּאַסט צו דער באַשטימטער אידייע און צו דער פאָרמע, וואָס די אידייע דאַרף אָננעמען. און צו די העלדן, וואָס דאַרפן זי אויסטראָגן. די אימאַזשן, מעטאָפאָרן און פאַרגלייכן, וועלן זיין אין איינקלאַנג, נישט נאָר מיט די דערפאַרונגען פון דער צייט אין וועלכע די ווערק ווערן געשריבן, נאָר זיי וועלן אויך אָפּשפּיגלען די פאַראורטיילן, גלויבנס און געפילן פון דער צייט, וואָס ווערן באַשריבן אין דעם געגעבענעם ווערק. אויף וויפיל אַ שרייבער וועט זיין בכוח האַרמאָנירן די אידייע מיט די סימבאָלן, מיט די מעטאָפאָרן, כדי ארויסצוברענגען אַ גאַנצע זאַך, וואו דער איינדרוק איז אַן ארויפגעצוואונגענער, אַ מוז, אויף אַזויפיל וועט ער זיין אַ סטיליסט, וועט ער האָבן פיינעם סטיל.

דער אונטערשיד צווישן איין ראָמאַן און אַ צווייטן קען ניט רעדוצירט ווערן צו אַנדערשקייט בלויז פון פאַבולע, אָדער כאַראַקטערס, דיאַלאָג, הינטערגרונט, אָדער אפילו טעמע. ווי וויכטיק די אַלע זאַכן זאָלן נישט זיין, ווען מען אַנאַליזירט אַ ראָמאַן, כדי צו זען וויאַזוי ער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, און ווי ווערטפול אַזאַ אַנאַליז זאָל נישט זיין, כדי צו זען, ווי ניי אָדער ווידערהאָלנדיק אַ שרייבער איז, פונדעסטוועגן באַווייזן זיי נישט די וואָרצלען פונם ספּעציפישן קינסטלערישן שאַפן. די הויפּט־זאַך אין אַ נאָוועלע אָדער ראָמאַן, איז אַ טיפע פאַרשטענדניש פאַר סאָציאַלע כוחות, און אַ פייאיקייט צו דערקאָנען און דערגרונטעוועןן די וואָרצלען פון דער־שיינונגען. און נאָך עפּעס. די עסענץ אין דער טעכניק פון אַ קונסט, וואָס אַרבעט מיט ווערטער איז אויך דער וועג ווי אַזוי ווער־טער ווערן באַנוצט. און אַ מעטאָדע וועט זיין באַרעכטיקט לויט דעם אופן, ווי זי וועט באַנוצן ווערטער ארויסצוברענגען דעם געווינשטן עפעקט. אַ שלעכטער ראָמאַן פאַלט דורך ניט צוליב זיין מעטאָדע, נאָר בלויז אַ פאַטאַלער אינפיראריטעט אין דעם גייסטיקן צוזאַמענ־שטעל פונם שרייבער. דעם טאַלאַנט אויפצונעמען פּאַסירונגען מיט

אינטערפּרעטאַציעס צוזאַמען מיט געפינען פאַר זיי דאָס ריכטיקע וואָרט אָדער ווערטער, שטעלן צוזאַמען דעם קינסטלערישן באַגאַזש פון אַ קונסט ווערק.

אָפּאַטאָשום גרויסקייט באַשטייט ניט בלויז אין דעם, וואָס ער האָט ריכטיק אויפגעכאַפּט דעם ריטם, און ריכטיק געמאָסטן דעם פּולס פונם יידישן ניו־יאָרקער לעבן, נאָר אויך אין דעם, וואָס ער האָט געפונען די פּאַסיקע ווערטער צו געבן זיינע בילדער פולן עמאָציאָנעלן אויסדרוק. נישט נאָר אין די אַמעריקאַנער בילדער, נאָר אויף זיין גאַנצן ליטעראַרישן וועג האָט ער געמייסטערט דאָס וואָרט. ער האָט געזונגען דעם אָפּשטאַם פון ווערטער, זייער גלות און ווידערגעבורט. ער האָט זיך באַצויגן צום וואָרט מיט דערזעלבער אחריות ווי צו זיינע העלדן און צו זייער סאָציאַלער סביבה. זיינע ווערטער, פּונקט ווי זיינע העלדן וואָרצלען טיף. פּונקט ווי ער האָט אויסגעלייזט די ניו־יאָרקער געטאָ, די פאַרשעמטע, דאָס ראַנדיקע לעבן, אַזוי האָט ער אויך אויסגעלייזט פאַרשידענע באַליידיקטע ווערטער, וואָס זענען אַרויסגעוואָרפן. איך וואָלט געקאָנט ברענגען אָן אַ שיעור ביישפּילן עס צו באַווייזן. מיט דער אויסנאַם פון בערגלסאָנען, וואָס מייסטערט און באָדט זיינע ווערטער, און צוואָגט זיי, ביז זיי ווערן זויבער און מאָגער, איז אָפּאַטאָשו דער רייכסטער מייסטער פון אונדזער יידישער פּראָזע. זיין וואָרט איז ריין און פריש, בלוטיק און דינאַמיש, זיין וואָרט ווערט באַרייכערט פון זיין ליבע צו עקספּערימענט, זיין דורשט און בענקשאַפט צו נייע, ניט אויסגעטראָטענע וועגן. זיין בענקשאַפט און ליבע צום פרישן וואָרט, צום סימבאָל, האָט אים געפירט צו משה העס, צו שלמה מולכו, קיין רוים, נאָך קאַצק, צו דער פּונדקא רטיבתא, קיין רעגנסבורג און צו דער ניו־יאָרקער געטאָ און צום „קלאָסן־קאַמף”. שעפערישער ווילן און אַ פאַרלאַנג איבערצושאַפן, איבערצו־מאַכן, שאַפן אַ ניי־לעבן, האָט אים געפירט איבער אַלע וועגן און שטעגן, וואו ס׳וואָרצלט יידיש לעבן, יידישע האָפנונג, יידישער ווילן איבערצומאַכן די וועלט. דאָס מאַכט אים פאַר דעם כוהן גדול פון אונדזער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקאַ. אָפּאַטאָשו איז דער כוהן גדול פון דער פּראָזע. נישט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט דאָס פולע רייפע וואָרט געבראַכט, און דערמיט אַמעריקע געמאָלן און איר געשטאַלטונג געגעבן. נאָר אויך, און אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס

ער האָט די גרויסע אידייע אַריינגעבראַכט אין אונדזער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. און דערמיט איר אַ תיקון און אַ תוך געגעבן. ער האָט געבראַכט שבתי'ן־משיח פיגור קיין אַמעריקע. זיין אויפגאַבע איז געווען אַ שווערערע ווי די פון אונדזערע אַנדערע שריפטשטעלער, וואָס האָבן זיך געראַנגלעט מיט דער גאולה־אידייע. פּרץ, א. צייטלין, קולבאַק האָבן די משיח־אידייע איינגעפּאַסט אין אַ טראַדיציאָנעל ראַם. אָפּאַטאָשן האָט שבתי'ן מיט כוח, קעגן דער קוואָטע (די נאָרם איז געווען גראָבער רעאַליזם) אַריינגעבראַכט קיין אַמעריקע. דאָס האָט גייסט געגעבן זיינע אַלע פּראָבלעמען און אידייען און בילדער פון אַמעריקאַנער לעבן. שבתי'ס אָפּגעהאַקטער קאָפּ וועט הערצער צינדן, מוחות אויפטרייסלען, געמיטער וואַרימען, און נייע כוחות אויפברויזן צו ברענגען דערלייזונג. ווייל דער וועג צו אמת'ער גאולה ליגט דורך קאַמף, יסורים, און היסטאָרישע פאַר־בינדונג מיטן אַמאָל. אַמאָל איז געווען און שפּעטער וועט מוזן זיין. אָפּאַטאָשון האָט אונדזער אַמעריקאַנער ישוב פאַרבונדן מיטן יידישן עבר. געגעבן אַ היינט און אַ צוקונפט.

שבתים אָפּגעהאַקטער קאָפּ דאַרף דינען ווי אַ סימבאָל; אַז אין באַשטימטע צייטן האָבן פאַרשיידענע אידייען געהאָלפן מייסטערן אונדזער לעבן. דער קאָפּ איז אָבער אויך אַ גראַנדיעזער אַפּשלום פון אַן עפּאָכע. נייע נביאים און כוהנים דאַרפן פירן און בויען די וועלט. היינט דאַרף מען הענט, מוסקול און ווילן. הענט מיט מאַ־זשינען — זיי דאַרפן אויסלייזן די וועלט. שלמה און פישל מוזן די נייע העלדן און וועג־ווייזער ווערן. אויף פּנחסן קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן. פּנחס, שבתים זון ענדיקט אַ סעמינאַר און ווערט אַ דאָק־טאָר מאַגנעס. ער אַנטלויפט קיין ארץ־ישראל, וואו ער היט די אַלט העברעאישע קולטור אויפן הר הצופים. ער האָט בלויז דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ פון זיין פאָטער געזען. ער האָט אָבער נישט גע־הערט דעם געשריי פונם קאָפּ. ער האָט נישט געזען די באַן, די מאַשין, דעם נייעם כוח, לויפט ער זוכן טרייסט אין ספרים, אין אַלטע שטויבן. שלמה און פישל האָבן נישט נאָר שבתי'ס געשריי גע־הערט, נאָר זיי האָבן אויך דעם געשריי פון דורות־מאַרטירער פאַר אַן אידייע געהערט. זיי האָבן אים איבערגעזעצט אין היינט־צייטיקע

טערמינען. אָן שלמה מולכו׳ן וואָלטן מיר נישט געהאַט קיין נפתלי באַטווין. אָן אשור לעמלען וואָלט נישט געווען קיין הירש לעקערט. אָן ר׳ אברהמ׳לען און דעם גרויסן משה וואָלטן שלמה און פישל נישט געווען. אָן דעם קאַצקער וואָלט קיין מרדכי ניט געווען. אָבער היינט איז געקומען די צייט פון די הענט. פאַר זיי דאַרף מען האָבן דרך־ארץ און אָפּגעבן כבוד.

אין אַ געשפּרעך זאָגט פּנחס: „גלויבט מיר, אַז אי ר׳ אברהמ׳ל אי דער גרויסער משה זענען אַזעלכע שיינע מענטשן ווי דו פישל, ווי שלמה, ווי אייערע חברים די „אי דאָבל יאו, דאָבל יאו" — מעגלעך שענערע, — האָט שלמה צענומען די הענט. און צען פינגער אויסגע־אַרבעטע, אויסגעבוויגענע, וואָס האָבן אַרויסגערופן דרך־ארץ, זענען געבליבן הענגען אין חלל. — ניין־און־ניינציק פּראָצענט מענטשן אַרבעטן פאַרן פּרעס. אַלץ איז ביי זיי דער פּרעס, און ווען נישט דער פּרעס, וואָלט שוין היינט איין מענטש דעם צווייטן נישט עקספּלואַ־טירט. ר׳ אברהמ׳ל, מיין טאַטע, דיינער, פּנחס — האָט שלמה גע־ציילט אויף די פינגער — און נאָך אַזעלכע יידן האָבן זיך אויסגע־טאָן פונם פּרעס, אים בייגעקומען. דאָס זעט איר איז אַ מדרגה, אַ הויכע מדרגה. און איך האָב גרויס דרך־ארץ פאַר אַזעלכע יידן. איך קוק אויף יעדן פון זיי ווי אויף אַ כהן גדול, וואָס באַדינט שוין טויזנטער יאָר דאָס קדשי־קדשים, איז זיכער, אַז ער היט גאַנץ וואָרט, ווען אינווייניק אין קדשי־קדשים איז שוין לאַנג אַלץ אויסגעפּרוירן. די כוהנים דאַרף מען נאָר איבערטאָן, קריגן פאַר זיי אַנדערע קליידער, מער צוגעפּאַסטע צום צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און אין ליידיקן קדשי־קדשים ברויכן מיר אַריינשטעלן נייע לוחות, די לוחות פון דעם מענטש, וואָס אַרבעט."

אָט די נייע לוחות שרייבן פאַרן אַרבעטנדיקן מענטש איז די אויפ־גאַבע פונם היינטיקן שריפטשטעלער. קלאַסן קאַמף איז דער נייער קדשי־קדשים. און די שרייבער דאַרפן ווערן די משה־רבינו׳ס — די לוחות שרייבער. די הענט דאַרפן זיין די נייע לוחות. זיי דאַרף מען באַזינגען.

די הענט שטאַמלען נאָך. אָבער ווי זאָגט שלמה: „דאָס איז דאָס געשריי פון דורות הונגער. די שנאה צו די זאַטע, פישל האָט גאָר־

נישט וואָס אָנצואוווערן און געווינען קען ער א גאַנצע וועלט. פון אייביק אָן טיילן זיך מענטשן אויף זאַטע און אויף הונגעריקע. די הונגעריקע קלעפּן אָן דער ערד. מיסטעוועז זי מיט זייער בלוט און ביינער. גלייבן און דינען דער פּראַצע. די זאַטע רייסן זיך פון דער ערד צום הימל, צו די „כרובים", צום אין סוף. וואָס האָט געבראַכט דעם מענטש מער שאָדן ווי אַלע מלחמות, מגפות צוזאַמענגענומען. פּויערים בונטן, דרוקערייען, פּולווער, ביז דער נייסטער מאַשין, וואָס באַפרייט יעדן טאָג טויזנטער מענטשן פון פיזישער אַרבעט, האָבן מער צו פּאַרדאַנקען אין דעם ברייטערן זין ווייסטו וועמען? דעם הונגער."

אָפּשאַפן הונגער. געבן יעדן מענטש דעם צלם אלהים, דאָס איז די נייע תורה. דאָס באַשעפטיקט יידישע שרייבער אין אַלע וועלט־טיילן. די וויכטיקע שרייבער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווי מאַרקיש, כאַריק, פעפער, ווינער, קולבאַק און פיל אַנדערע זיינען ווי לייוויק, ווי אָפּאַ־טאָשו, ווי לעיעלעס פאַרנומען מיט צונויפבינדן דעם אַמאָל מיטן היינט. זיי שרייבן די לוחות פאַר די אַרבעטנדיקע הענט.

פּונקט ווי דאָ אין אַמעריקע האָבן אָפּאַטאָשו און לייוויק און לעיע־לעס און אַנדערע געמוזט אָפּלייקענען, כדי צו באַשאַפן א נייעם טאָן, א נייעם צוגאַנג, א נייעם מענטש. אַזוי האָבן אויך די וויכטיקע שרייבער פון סאָוועטן־לאַנד געמוזט טאָן דאָסזעלבע. מאַרקיש האָט אָפּגעלייקנט דאָס אַלטע, כדי עס בעסער צו זען. בערגלסאָן האָט אָפּ־געלייקנט דאָס שטעטל, כדי עס בעסער צו באַשרייבן. „די פּוילישע וועלדער" און די „טענצערן" און „א טאָג אין רעגנסבורג" האָבן באַ־לויכטן דעם וועג פאַר מ. ווינער צו שרייבן. „ביים מיטלענדישן ים" לייוויק׳ס „גולם" האָט מעגלעך געמאַכט ביינישס שטיימאַנס „משיח בן יוסף" און „דאָס רויטע קינד" גאָדינער וואָלט אָן פּרצ׳ן נישט מעגלעך געווען.

דיל יטעראַרישע עקסקורסיעס צום עבר האָבן געגעבן אונזער ליטע־ראַטור א טראַדיציע, אָן אידייע און א נייעם גלויבן, נייע לוחות. דאָס זעלבע, וואָס שלמה זאָגט אין „די טענצערן", זאָגט יאָסעלע אין „די גאולה קאָמעדיע", איבער מיין געזיכט גייט אויף א ניי ליכטיקייט; ווייל איצט באַגרייף איך ערשט דעם זינען פון געשעענעם. דעם זינען פון מיין יאָמער; און ווי געשריי פון לייב. — דעם זינען פון

גאולה. דורך הונגער און דורך נויט, דורך שנאה און דורך בלוט, דורך אָפּגעהאַקטע קעפּ. — ערשט איצט גייט אויף פאַר מיר דער זינען פון מיין פרייד. די פרייד פון מיינע פיס, וואָס טרעטן אויף דער ערד דער ווארימער פון בלוט. — אָ ברידער, ברידער זעט, דאָס מעשה־לע איז אמת. געקומען איז די ליכטיקייט צו רוען אויף אונדז אַלע־מען. — און ווערטער וואָס איך רעד, זיינען ווערטער פון בן דוד."

א ניי ליכט, א נייע תורה געבן דעם מענטש. א תורה, וואָס זאָל העלפן דעם מענטשן באַפרייען, — דאָס דאַרף זיין דער וועג פון דער ליטעראַטור.

אַמעריקע און סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען די צוויי גרויסע ליטעראַ־רישע שטראָמען. פון אַרגענטינע, רומעניע, פּוילן גיסן זיך שטראָמען אַריין און העלפן געבן אַ ניי פּנים אונדזער ליטעראַטור.

אָפּאַטאָשו'ס וועג אין דער פּראָזע, און לייוויק'ס וועג אין דער דיכטונג, דאַרף ווערן דער שאָסיי אויף וועלכן אונדזערע פאַר־שפּרעכנדיקע שרייבער דאַרפן גיין. נישט דאָס בילד בלויז איז וויכטיק, נאָר דער חלום. נישט בלויז סטאַטיש, פּלאַסטיש בילד, נאָר דינאַ־מישער איבערבוי פון דעם לעבן, דאַרף זיין דער ציל און צוועק פון דער ליטעראַטור. די דערציילונג, ראָמאַן, אָדער ליד, דאַרף ניט זיין בלויז פאַקט, נאָר אויסגעקליבענע פאַקטן אָראַנזשירט מיט אַ באַ־וואוסטזיניקן ציל.

דער וועג פון אונדזער ליטעראַטור דאַרף זיין באַפרייען דורכן לעדישן וואָרט די ערד פון טרערן, אָנפילן מיט פרייד די וועלט. דער ציל דאַרף זיין — די נייע וועלט מיטן אַרבעטער אַלס מייסטער און באַלעבאָס. אַלע קינסטלערישע כוחות דאַרפן דינען דעם ציל.

# צוזעצטל